# גײ דע מאָפּאַסאַנ׳ס

געזאַמעלטע װערק

---

# שטאַרקער װי דער טויט

(ראָמאַן)

---

איבערזעצט פון

לעאָן קאָברין

XIV

אַרויסגעגעבען פון „פאָרווערטס"
175 איסט בראָדוויי, נױ יאָרק
1919

# ערשטער טהייל

## I



ורך דעם ליכט, וואָס איז פונ'ם באַלקאָן אין אַטע־ליער געפאַלען, האָט זיך געזעהן העלער טאָג. אויבען אויפ'ן באַלקאָן איז געמאַכט געווען אַ גרויסע עפענונג, אַזאַ מין פענסטער פון וואַנען עס האָט אַריינגעקוקט די אונענדליכע הימעל בלויקייט. אײבער וועלכע פויגעלאך האָבען זיך געטראָגען שנעל ווי אַ בליץ.

אָבער קוים איז דאָס פרעהליכע, הימעלשע ליכט אין דעם הויכען, ערנסטען, דראַפּירטען צימער געפאַלען, איז עס געוואָרען זאַנפט, ווייך, האָט זיך עס אויסגעמישט מיט די אַרומיגע שטאָפען און איז פערשלונגען געוואָרען פון די פאָרהאַנגען; בלויז אין די ווינקלען האָט עס ווידער אויפגעטויכט, און די גאָלדענע ראַמען האָבען דאַן אויסגעזעהן ווי מיט פייער בעגאָסען. פריעדען און רוה האָט זיך געפיהלט אין דער שטילקייט פון דעם קינסטלער'ס היים, וואו די מענשליכע נשמה אַרבייט. צווישען די דאָזיגע פיער ווענט, וואו עס אַרבייט דער געדאַנק, וואו עס קעמפפט און שאַפט און אַרבייט דער קינסטלער, ערשיינט אַלעס מיעד און פאַרמאַטערט, אַזוי שנעל ווי דער מייסטער רוהט. נאָך זיינע געוואַלדיגע אָנשטרענגונגען ווערט אַלעס אַרום ווי טויט, אַלעס דרימעלט איין, די מעבעל, די פאָרטיערען, די נאָך ניט געענדיגטע בילדער אויף דעם לייוועגד, אַקוראַט ווי דאָס גאַנצע צימער וואָלט צוזאַמען מיט'ן קינסטלער מיעד געווארען, פונ'ם שטענדיגען קעמפפען, פונ'ם אויביגען שאַפען...

א אונבעשטימטער גערוך פון פאַרב, פון טערפּענטין און טאַ־באַק, האָט זיך געטראָגען איבער׳ן צימער. קיין קלאַנג האָט ניט אונטערבראָכען די שטילקייט, אויסער דער קורצער, העלער גע־שריי פון די שוואַלבען, וועלכע האָבען זיך געטראָגען הויך אין דער לופטען און דער אונבעשטימטער גערויש פון דער שטאָדט, וואָס האָט קוים דערגרייכט ביז צו די דעכער. ארום האָט זיך קיין זאַך ניט בעוועגט אויסער א קליין בלוי וואָלקענדיל רויך, וועל־כען אָליוויער בערטין האָט, ליגענדיג אויף דער זאָפע, פון זיינע ליפּען ארויסגעבלאָזען.

די אויגען צום ווייטען הימעל געריכטעט, האָט ער געזוכט א אידעע פאַר א נייעם בילד. וואָס זאָל ער מאָהלען? ער האָט עס נאָך ניט געוואוסט. ער איז ניט געוועזען קיין ענטשלאָסענער, אין זיך זיכערער קינסטלער, דערפאַר האָט ער שטענדיג געזוכט, גע־טאַפּט אין דער פינסטער און זיך געוואָרפען פון איין סטיל אויף א צווייטען. ער איז געוועזען רייך, בעריהמט, האָט געהאַט גרויס כבוד און דאָך, אפילו איצט, ווען די זון פון זיין לעבען האָט שוין געהאַלטען ביים אונטערגאַנג, האָט ער נאָך אַלץ בעשטימט ניט גע־וואוסט, וואָס אייגענטליך ער האָט אין דער קונסט פערטרעטען, צו וואָס ער האָט געשטרעבט. קלוג, פול בעגייסטערונג און ענער־גיע, האָט ער זיין קונסט געליעבט מיט א מין הייליגער ליעבע. פי־לייכט האָט דער גרויסער ערפאָלג, וואָס זיינע עלעגאַנטע, שעהנע בילדער האָבען געהאַט אין דער אריסטאָקראַטישער געזעלשאַפט, איהם בעאיינפלוסט און געשטערט צו ענטוויקלען זיך, ווי ער האָט פריהער אין זינען געהאַט.

פון דעם ערשטען ערפאָלג אָן, איז ער, אליין ניט וויסענ־דיג, שטענדיג געפיהרט געוואָרען פון דעם פערלאַנג צו געפע־לען. דער דאָזיגער פערלאַנג האָט איהם פאַרזיכטיג און געלאַסען אויף אַנדערע וועגען געפיהרט און ביסלעכווייז האָט דער קינסט־לער זיינע קינסטלערישע איבערצייגונגען פאַרבויגט. דער וואונש אַלעמען צו געפעלען האָט זיך ביי איהם אויסגעדריקט אין פיעלע

פערשיעדענע זאַכען, און דאָס האָט פיעל בייגעטראָגען צו זיין בע־ריהמטקייט.

זיינע גוטע מאַניערען, די אויסגעצייכענטע האַלטונג, זיין שעהנער אַנצוג, דער נאָמען, וואָס ער האָט געהאַט פון פריהער אַלס גוטער רייטער, פעכטער און שיסער, האָבען פיעל געהאָלפען זיין בעריהמטקייט צו פערשטאַרקען. נאָך „קלעאָפּאַטראַ“, דאָס ערשטע בילד, וואָס האָט איהם צו יענער צייט אַ נאָמען געמאַכט, האָט גאַנץ פּאַריז געעפּענט פאַר איהם די טירען. מען האָט איהם בע־וואונדערט, געפייערט און ער איז פּלוצים געוואָרען איינער פון יענע גלענצענדע געזעלשאַפטליכע קינסטלער, צוליעב וועלכע מען רייסט זיך אַרום אין די געזעלשאַפטליכע סאַלאָנען און וועלכע ווע־רען נאָך גאַר יונגערהייד אריינגענומען אין דער אַקאַדעמיע פון די אונשטערבליכע. אונטער דעם בייפאַל פון דער גאַנצער שטאָדט איז ער דאָרט אויפגענומען געוואָרען.

און אַזוי לאַנטשענדיג און גלעטענדיג האָט איהם דאָס גליק ביז צום שוועל פון דער עלטער צוגעפיהרט.

איצט האָט ער אין דער שטימונג, וואָס דאָס שעהנע וועטער האָט אַרויסגערופען אין דרויסען און אין איהם אַליין, געזוכט עפּעס אַ פּאָעטישען איינפאַל פאַר אַ ניי בילד. דער פריהשטיק און די סיגאַרעטלעך האָבען איהם עטוואָס מיעד געמאַכט און מיט דעם בליק אין דער לופטען האָט ער געטרוימט, און זיין פאַנטאַזיע האָט אין דער בלויער לופט פאַר איהם אַרויסגערופען פערשיעדענע בילדער: גראַציעזע פרויען אין אַן אַלעע פון אַ פּאַרק, אָדער אויף דעם טראָטואַר פון אַ גאַס, אַ פאַרליעבט פּאָרעל ביים ברעג ים, עלעגאַנטע בילדער, וועלכע האָבען זיך איהם געוועהנליך אַזוי גוט איינגעגעבען. די דאָזיגע געשטאַלטען האָבען זיך אָבגעצייכענט אין דעם בלויען הימעל אונבעשטימט, אויסמישענדיג זיך איינס מיט דאָס אַנדערע און די שוואַלבען, וועלכען האָבען זיך נאָכ־אַנאַנד געטראָגען אין דער לופטען, האָבען זיי דורכגעשניטען און צייטענווייז אין גאַנצען אָבגעווישט.

ער האָט גאָר נישט געקענט געפינען. אַלע געשטאַלטען, וואָס ער האָט פאַר זיינע אויגען געזעהן, זיינען געווען עהנליך צו עפּעס אַ בילד, וואָס ער האָט שוין פריהער געמאָלען. אַלע פרויען זיינען געווען טעכטער אָדער שוועסטער פון די, וואָס זיין קינסטלערשע פאַנטאַזיע האָט שוין איינמאָל אויף דער וועלט געבראַכט. און די אונבעשטימטע אַנגסט, וואָס האָט איהם זייט אַ יאָהר צייט געפּלאָגט: די אַנגסט, אַז ער האָט זיך שוין אויסגעשעפּט, אַז זיין פאַנטאַזיע איז פאַראָרימט, פאַרטריקענט געוואָרען, אַז עס איז איהם שווער צו געפינען נייע געדאַנקען, נייע שטריכען, נייע פאַרבען, האָט איהם גענומען פּלאָגען אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער.

ער איז לאַנגזאַם אויפגעשטאַנען און זיך גענומען איבערקוקען זיינע סקיצען, טאָמער וועט ער דאָרט עפּעס געפינען, וואָס זאָל איהם אַרויפברייננגען אויף אַ נייער אידעע.

בלאָזענדיג דעם רויך פאַר זיך, האָט ער געבלעטערט די סקיצען און צייכנונגען, וואָס זיינען ביי איהם געלעגען בעהאַלטען אין אַן אַלטען שראַנק. באַלד איז עס איהם אָבער מיאוס געוואָרען. איהם האָט גענומען עקלען פון דאָס אומזיסטיגע זוכען, ער האָט געלאָזען די צייכנונגען, אַוועקגעוואָרפען דעם סיגאַרעטעל, גענומען פייפען אַ גאַסען־ליעדעל און פון אונטער אַ שטול אַ שווערע געוויכט מיט איין האַנד אַרויסגענומען.

מיט דער אַנדערער האַנד האָט ער פאַרצויגען דעם פאָרהאַנג, וואָס האָט פאַרשטעלט דעם שפּיעגעל, וועלכער האָט געדיענט דערצו, אום די ריכטיגקייט פון די בעוועגונגען אָבצושפּיעגלען. ער האָט זיך געשטעלט פּונקט אַנטקעגען, גענומען מאַכען גימנאַסטיק און זיך דערביי בעטראַכט אינ'ם שפּיעגעל.

צווישען די קינסטלער איז ער בעריהמט געוואָרען מיט זיין קראַפט, דערנאָך אין דער געזעלשאַפט מיט זיין שעהנהייט, אָבער די לעצטע צייט האָט זיך אויף איהם גענומען אַוועקלייגען די עלטער און איהם דיק און שווער געמאַכט. ער איז געווען אַ הויכער, מיט ברייטע פּלייצעס, מיט אַ שטאַרקער ברוסט, אָבער איצט

איז ער געוואָרען אַנגעגאָסען מיט פעטס, ווי אַן אַלטער פעבטער, הגם ער האָט יערען טאָג געפאָכטען און שטונדען לאַנג געריטען. זיין קאָפּ האָט איינגעהאַלטען אין זיך עטוואס בעזונדערעס, ער איז נאָך געווען פונקט אַזוי שעהן ווי פריהער, הגם ער האָט זיך דאָך אויך געענדערט. זיינע שוואַרצע אויגען האָבען לעבהאַפטער געגלאַנצט פון אונטער די גרויע ברעמען און די ווייסע קורץ־געשאָרענע האָר זיינע קרעפטיגע וואָנצעס, וועלכע האָבען אין זיך געהאַט עטוואס מיליטערישעס, זיינען געבליבען אין גאַנצען ברוין און האָבען צוגעגעבען דעם פּנים אַן אויסדרוק פון ענערגיע און שטאָלץ.

ער איז געשטאַנען פאַר'ן שפּיגעל און מיט זיינע שטאַרקע, מוסקעלדיגע אָרעמס אַלערליי בעוועגונגען געמאַכט.

אָבער פּלוצלונג האָט ער אינ'ם שפּיעגעל, אין וועלכען מען האָט געקענט זעהן דאָס גאַנצע צימער, באַמערקט, ווי אַ פאָרהאַנג האָט זיך באַוועגט און אַ פרויען־קאָפּ, נור דער קאָפּ, האָט זיך בעוויזען און איהם גענומען זוכען. גלייך נאָכדעם האָט אַ שטימע געפרעגט:

— איז מען אין דערהיים?

ער האָט געענטפערט:

— געוויס! — און זיך אומגעדרעהט. דאַן האָט ער אַ וואָרף געטהאָן די געוויכט, מיט וועלכע ער האָט זיין גימנאַסטיק געמאַכט, אויפ'ן קאַוויאָר, איז אויפגעשפּרונגען מיט עטוואָס אַ געמאַכטער לעבהאַפטיגקייט, און זיך אַ לאָז געטהאָן צו דער טיר.

אַ פרוי אין אַ העלען קלייד איז אריין אין צימער. זיי האָבען זיך געגעבען די הענד און זי האָט געזאָגט:

— דו מאַכסט דיין גימנאַסטיק?

— יאָ — האָט ער געענטפערט — איך האָב פּרובירט מיין קראַפט און דו האָסט מיך דערביי איבערראַשט.

זי האָט זיך צולאַכט און ווייטער גערעדט:

— איך האָב אין פיר־הויז ניט געטראָפען דעם פאָרטיער און

אזוי ווי איך ווייס, אז דו ביזט אין דיעזער צייט אימער אליין, בין איך אריין אונגעמעלדעטערהייד

ער האָט זי בעטראַכט:

— מיין גאָט! ווי שעהן דו ביזט היינט! אין גאנצען שיק!

— יאָ, אין מיין נייעם קלייד! געפעלט עס דיר?

— וואונדערשעהן, די פארבען שטימען אויסגעצייכענט צו־זאמען. מען מוז צוגעבען, היינטיגע צייטען פערשטעהען די פרויען ווי זיך אָנצוטהאָן.

ער איז ארומגעגאַנגען ארום איהר און זי בעטראַכט פון אלע זייטען, האָט א טאַפּ געטהאָן די ווארע, א ציה געטהאָן די פאַל־דען, ווי איינער וואָס פערשטעהט זיך אויף קליידער פונקט ווי א שניידער. ניט אומזיסט האָט ער זיין גאַנץ לעבען בענוצט אויף דעם, אום מיט זיין קינסטלערישען געפיהל און דעם פיינעם שפּיץ פון זיין פּענזעל צו שילדערען די שעהנהייטען פון דער בייטענ־דיגער מאָדע און ארויסצוברענגען דעם פרויען רייץ, וועלכער איז אונטער דעם שווערען סאַמעט, אונטער זייד און שנעע־ווייסע שפּי־צען פערבאָרגען.

צום סוף האָט ער געזאָגט:

— דאָס קלייד איז זעהר געלונגען, עס שטעהט דיר אויסגע־צייכענט.

זי האָט איהם געלאָזט זיך בעוואונדערן און זיך דערביי גע־פרעהט, וואָס זי איז שעהן און געפעלט איהם.

זי איז שוין ניט געווען מעהר גאָר יונג, אָבער נאָך זעהר שעהן. ניט צו הויך, עטוואס פעט, אָבער פריש און מיט יענעם רייצענ־דען חן, וואָס מאַכט די פערציג־יאָהריגע פרויען בעזונדערס אינ־טערעסאַנט. מען האָט זי געקענט פערגלייכען מיט איינער פון יענע ראָזען, וואָס בליהען אָהן א סוף, ביז איהרע בלעטער בליהען זיך אזוי פאַנאַנדער, דאָס זיי צופאַלען אין איין שטונדע אלע אויף איין מאָל.

מיט איהרע שעהנע, בלאָנדע האָר האָט זי איינגעהאַלטען דעם יונגען, פרישען חן פון א פּאַריזערין, וועלכע ווערט קיינמאָל ניט אַלט. יענע פּאַריזערין, וואָס פערמאָגט א מערקווירדיגע לע־בענסקראַפט און א אונערמיעדליכען ווידערשטאַנד געגען דעם אַל־טער, ווייל פריהער פאַר אַלעמען היט זי איהר קערפּער און איהר געזונד.

זי האָט אויפגעהויבען דעם שלייער און ארויסגעשעפּצעט:

— קריעג איך דען ניט קיין קוש?

— איך האָב געראויכערט — האָט ער געזאָגט.

— וואָס מאַכט עס אויס — האָט זי בעמערקט און צו איהם אויסגעשטרעקט דאָס מויל.

און זייערע ליפּען האָבען זיך בעגעגענט.

ער האָט אַרויסגענומען דעם שירם פון איהר האַנד און מיט א שנעלער, זיכערער בעוועגונג איהר דעם מאַנטעל אויסגעטהאָן. עס איז קענטיג געווען, אז ער טויג זיך צו אַזעלכע זאכען.

ווען זיי האָבען זיך דערנאָך געזעצט אויפ׳ן זאָפע, האָט ער געפרעגט מיט אינטערעס:

— וואָס מאַכט דיין מאַן?

— ער איז געזונד, ער מוז איצט אודאי האַלטען א רעדע אין פּאַרלאַמענט.

— אזוי! איבער וואָס?

— ווי אימער, מסתמא איבער בוראַקעס, אָדער אַן עהנלי־כען געגענשטאַנד.

איהר מאַן, גראַף פאָן גילעראי, אָבגעאָרדענטער פאַר דעם דעפּאַרטמענט אורע, איז געווען א ספּעציאַליסט אין אַלע לאַנד־ווירטשאַפטליכע פראַגען.

אָבער פּלוצים האָט זי אין א ווינקעל בעמערקט א בילד, וואָס זי האָט נאָך ביז אהער ניט געזעהן. זי האָט דורכגעשפּרייזט דעם אַטעליער און געפרעגט:

— וואָס איז דאָס אזוינס?

— א פּאַסטעל. איך האָב ניט לאַנג אָנגעפאַנגען צו מאָהלען א פּאָרטרעט פון דער פרינצעסין דע פאָנטעווע.

— הער אויס — האָט זי געזאָגט ערנסט — דו ווייסט דאָך, אַז ווען דו וועסט זיך ווידער נעהמען מאָהלען דאַמען, וועל איך איינפאַך צושליסען דיין אַטעליער. איך ווייס צו גוט, וואוהין דאָס פיהרט.

— זיי רוהיג! — האָט ער געזאָגט — א פּאָרטרעט מאָהלט מען נור איין מאָל.

— איך האָף אזוי.

זי האָט בעטראַכט די אָנגעפאַנגענע צייכנונג, ווי א קענערין, איז אָבגעטראָטען א פּאָר טריט צוריק, ווידער צוגעקומען נעהנ־טער, צוגעטראָגען די הענד צו די אויגען ווי א שירם און עס גאַנץ גענוי בעטראַכט. צום סוף האָט זי ארויסגעזאָגט א בעפרידיגטען אורטהייל:

— דאָס בילד איז גוט. די פּאַסטעלען גליקען דיר אימער.

ער האָט געפרעגט געשמייכעלט:

— דו מיינסט עס ווירקליך?

— יאַ, דאָס איז א פיינע קונסט, דערצו איז נויטיג א סך פיינער טאַלענט. פאַר די גראָבע שמירער פּאַסט עס נים.

שוין זייט צוועלף יאָהר, ווי זי מאַכט שטאַרקער זיין נייגונג צו גלענצענדער מאַהלעריי. זי בעקעמפּפט אין איהם יעדען פער־לאַנג זיך צוריקצוקעהרען צו דער איינפאַכער וואַרהייט, צום פּשוט'ען לעבען. און אזוי בעאיינפלוסט פון איהר אריסטאָקראַטי־שען בעגריף פון שעהנקייט, איז ער גאַנץ זאַכט אריבער צו א גע־מאַכטען, צוגעפּוצטען, זיסליכען סטיל.

זי האָט געפרעגט:

— ווי זעהט זי אייגענטליך אויס, די דאָזיגע פרינצעסין?

ער האָט איהר געמוזט דערצעהלען טויזענד קלייניגקייטען, אַלע יענע איינצעלהייטען, וואָס אינטערעסירען אזוי שטאַרק די

קליינליכע, אייפערזיכטיגע פרויען, און פון דער טואָלעט פראַגע איז זי אַריבער אויף גייסטיגע פראַגען.

פלוצים האָט זי געפרעגט:

— קאָקעטירט זי מיט דיר?

ער האָט געלאַכט און געשוואָרען, אַז ניין.

זי האָט אַרויפגעלייגט ביידע הענד דעם מאָהלער אויף די שולטערן און איהם אַריינגעקוקט שאַרף אין די אויגען אַריין.

נאָך אַמאָל האָט זי אַרויסגעפּליסטערט:

— איז עס אמת, אַז זי קאָקעטירט ניט מיט דיר?

— יאַ, עס איז אמת.

זי האָט צוגעלעגט:

— איבעריגענס בין איך גאַנץ רוהיג, דען איצט ליעבסטו נור מיך אַליין! מיט די אַנדערע איז איצט אַלעס אויס. צו שפּעט, מיין אָרימער פריינד!

אַ לייכטער שוידער איז איבער זיין ליב אַריבער, יענער שוידער, וואָס פאַרקוועטשט דעם עלטערן מענשען ביים הארצען, ווען מען דערמאָנט איהם אָן זיין עלטער, און ער האָט שטיל אַרויסגערעדט:

— היינט, מאָרגען, פּונקט אַזוי ווי נעכטען, האָט אין מיין לעבען עקזיסטירט און וועט אימער עקזיסטירען נור דו, אַננאַ...

דאַן האָט זי איהם אָנגענומען פאַר'ן אָרעם, צוגעפיהרט צו דער זאָפע און אַוועקגעזעצט נעבען איהר זייט.

— וועגען וואָס האָסטו געטראַכט?

— איך האָב געזוכט שטאָף פאַר אַ בילד.

— וואָס פאַר אַ בילד?

— דאָס ווייס איך נאָך אַליין נים. איך זוך עס ערשט.

— וואָס האָסטו די לעצטע פּאָר טעג געטהאָן?

ער האָט איהר געמוזט דערצעהלען וועגען אַלע געסט, וועלכע זיינען צו איהם געקומען, אַלע דינערס און גוזעלשאַפּטען, וואָס ער האָט בעזוכט, אַלע געשפּרעכען און פּלוידערייען, וואָס ער האָט

געהערט. זיי זיינען ביידע געווען פאראינטערעסירט אין די אַלע קליינינקייטען פון דעם עלעגאַנטען, גענעלשאַפטליכען לעבען. די קליינע אייפערזיכטיגקייטען, די פערהעלטניסע פון די אָדער יענע פּאָרלאַך, די פערטיגע מיינונגען, וואָס זיינען אויסגעשפּראָכען און ווידערהאָלט געוואָרען א מאָל טויזענד פון די זעלביגע מענשען, די זעלבע פּאַסירונגען, דיזעלבע אנזיכטען האָבען ארויסגערופען זייער אויפמערקזאמקייט, זייער אינטערעס. און אזוי ווי זיי ביידע זיי־נען געווען בעקאנט אין די פערשיעדענסטע קרייזען פון פּאַריז, ער אַלס קינסטלער, פאר וועמען אַלע טירען זיינען געווען אָפען, זי אַלס די פרוי פון א קאָנסערוואַטיווען אָבגעאָרדענטען, זיינען זיי געווען גוט בעקאנט מיט דעם פּוסטען, אוניצליכען אָבער שעה־נעם און גייסטרייכען ספּאָרט פון דער פראַנצויזישער אונטערהאַל־טונג.

— ווען קומסטו צו דינער? — האָט זי פּלוצים געפרעגט.

— ווען דו ווילסט. ווען פּאַסט דיר אַם בעסטען?

— פרייטאָג; דאַן קומט די הערצאָגין דע מאַרטעמאַין, דאַן קאַרבעלל און מוסאַדיע, מיר וועלען פייערן דאָס צוריקקומען פון מיין טאָכטערל, וועלכע קומט היינט ביינאַכט אהיים. אָבער דער־צעהל עס קיינעם ניט, דאָס איז א געהיימניס.

— גוט, איך קום, און עס פרעהט מיך אַננעלען ווידער צו זעהן. איך האָב זי שוין א יאָהר דריי ניט געזעהן.

— יאָ, ווירקליך, דריי יאָהר.

אַננעלע, וועלכע איז אַפריהער ערצויגען געוואָרען ביי איהרע עלטערן אין דערהיים, איז געוואָרען די לעצטע לייךענשאַפטליכע ליעבע פון איהר באָבען, פרוי פּאַראַדין; יענע איז אויף דער על־טער כמעט אין גאַנצען בלינד געוואָרען און האָט א גאַנץ יאָהר גע־לעבט אין איינעם פון איהר איידים׳ס שלעסער, אין דעם דעפּאַרט־מענט אורע. ביסלעכווייז האָט די אַלטע פרוי פאַרהאַלטען דאָס קינד אַלײן מעהר און מעהר ביי זיך. און אזוי ווי די עלטערן האָ־בען כמעט א העלפט פון זייער לעבען פערבראַכט אויף זייער גוט,

וואוהין זיי זיינען געטריבען געוואָרען צוליעב פערשיעדענע אינ־טערעסען, אמאָל צוליעב דער לאַנדווירטשאַפט און אמאָל צוליעב די וואַהלען, האָט מען דאָס יונגע מיידעל גאַנץ זעלטען מיטגענו־מען קיין פּאַריז.

אננעלע האָט אויך ליעבער געהאַט דאָס פּרייע, בעוועגליכע לעבען אין דאָרף, ווי דאָס פאַרשלאָסענע, פאַרשטיקטע לעבען אין שטאָדט.

פאַר די לעצטע דריי יאָהר איז זי גאָר אין גאַנצען ניט גע־קומען קיין פּאַריז. די גרעפין האָט זי געוואָלט האַלטען ווייט פון שטאָדט, אום ניט צו ערוועקען אין איהר פאַר דער צייט אַ פער־לאַנג דאָרט צו בלייבען. זי האָט איהר מיטגענומען צוויי אויס־געצייכענטע ערציהערינען און אליין איז זי אָפט געקומען בעזו־כען איהר מוטער און טאָכטער. אויסערדעם איז אננעלע'ס אנווע־זענהייט אין שלאָס געוואָרען אַ נויטווענדיגקייט, ווייל די אַלטע פרוי האָט דאָרט אָהן איהר ניט געקענט לעבען.

פריהער פלעגט אָליוויער בערטין יעדען יאָהר פאַרברענגען פון זעקס ביז אכט וואָכען אין שלאָס, אָבער זייט דריי יאָהר איז ער צוליעב זיין רעוומאַטיזם געצוואונגען געווען צו פאָהרען אין ווייטע בעדער און דאָרט איז זיין ליעבע צו פאַריז אַזוי שטאַרק ערוועקט געוואָרען, דאָס ווען ער איז שוין יאָ אַמאָל צוריקגעקו־מען פון'ם באַדע אָרט, האָט ער די הויפּטשטאָדט שוין מעהר ניט געוואָלט פאַרלאָזען.

אייגענטליך האָט דאָס יונגע מיידעל געזאָלט קומען ערשט אין הערבסט, אָבער דער פאָטער האָט פּלוצים געמאַכט אַ פּראָ־יעקט, אננעלען צו פערהייראַטהען, און ער האָט זי געלאָזט רופען, אום זי זאָל זיך באַקענען מיט דעם מאַרקיז פאַראַנדאַל, וועלכען ער האָט איהר פאַר אַ חתן אויסגעקליעבען. דער פּלאַן איז געהאַל־טען געוואָרען גאַנץ אין געהיים, און אָליוויער בערטין איז געווען דער איינציגער, וועמען די גרעפין האָט דערפון דערצעהלט.

ער האָט געפרעגט:

— דאָס איז שוין אַלזאָ אַן אָבגעמאַכטע זאַך?

— יאָ, איך גלויב זאָגאַר, אַז דאָס איז זעהר אַ גוטע אי־דעע.

דאַן האָבען זיי גענומען ריידען פון אַנדערע זאַכען.

זי איז צוריקגעקומען צו דער פראַגע וועגען קונסט און איהם געוואָלט איינרעדען, ער זאָל מאָהלען אַ בילד פון קריסטוס. ער האָט זיך ענטזאַגט, ווייל ער האָט געדענקט, אַז עס זיינען דאָ גע־נוג אַזעלכע בילדער, אָבער זי איז געבליבען ביי דאָס איהריגע און איז געוואָרען אונגעדולדיג:

— אַך! ווען איך זאָל קענען צייכענען, וואָלט איך דיר שוין געוויזען, וואָס איך וויל. עטוואס גאַנץ נייעס, געוואַגטעס: מען נעהמט קריסטוס'ן פון קרייץ אַרונטער און ביי דעם מאַן, וועל־כער האָט איהם פון די שטריק לויז געמאַכט, פאַלט דער קערפּער פון די הענד אַרוים. ער פאַלט און זינקט אויף דער מאַסע אַרונ־טער, וועלכע האָט אויסגעשפּרייט איהרע אָרעמס איהם אויפצו־נעהמען. פאַרשטעהסטו, וואָס איך מיין?

יאָ, ער האָט זי פערשטאַנען און איהר אידעע איז איהם זאָ־גאַר געפעלען געוואָרען, אָבער ער האָט זיך איצט געפונען אין אַ גאַנץ מאָדערנער שטימונג און, קוקענדיג אויף זיין פריינדין, וועל־כע איז געלעגען אויף דער זאָפע מיט איין פוס אין אַ קליין שיכעל אַרונטערגעהאַנגען, וואו דורך דעם דינעם, דורכזיכטיגען זאָק האָט דורכגעשיינט דאָס פלייש, האָט ער אויסגערופען:

— אָט דאָס, דאָס דאַרף מען מאָלען, דאָס הייסט לעבען, אַ פרויען־פיסעלע, וועלכער קוקט פון אונטער'ן קלייד אַרויס. דאָ קען מען אַלעם אַריינלעגען,ווירקליכקייט, פערלאַנגען, פּאָעזיע, עס איז ניטאָ קיין רייצענדערע, שעהנערע זאַך, ווי אַ פרויען־פוס.

ער האָט זיך אַרונטערגעלאָזען אויף די קניע, גענומען איהר פוס און איהר אויסגעטהאָן דעם שוך. און דער פוס, פון זיין לע־דערנעם פאַנצער בעפרייט, האָט זיך בעוועגט ווי אַ קליינע, צאַפּעל־

דיגע חיה׳לע, וועלכע איז שטארק איבערראשט פון איהר פּלוצים׳־דיגער פרייהייט.

בערטין האָט געזאָגט:

— קיין זאך איז ניט אזוי דעליקאט, אזוי ליעב און דערביי פול, נאָך פולער ווי די האנד; צייג מיר אָקאָרשט דיין האנד, אננא...

זי האָט געטראָגען לאנגע האנדשוה, וואָס האָבען געגרייכט ביז צום עלענבויגען. זי האָט אָנגענומען איינע פון זיי ביים ראנד אין א ציה געטהאָן ארונטער, ווי מען ציהם אראָב די הויט פון א שלאנג. עס האָט זיך בעוויזען דער אָרעם, א ווייסער, א דיקער, א רונדער.

דאן האָט זי איהם אויסגעשטרעקט די האנד און ער האָט זי אָנגענומען ביים עלענבויגען; אויף איהרע ווייסע פינגער האָבען געבליסטשעט רינגען און די נעגעל זיינען געוועזן שארף און ראָזעווע.

בערטין האָט בעטראכט איהר האנד, ער האָט באַוועגט איה־רע פינגער אהער און אהין, אזוי ווי זיי וואָלטען געוועזן א שפּיעל־צייג פון פלייש געמאכט, און דערביי געזאָגט:

— וואָס פאר א מערקווירדיגע זאך דאָס איז, דער דאָזיגער רייצענדער קליינער גליעד: קלוג און פעהיג, טויג זיך צו אלעס אין דער וועלט: ביכער, שפּיצען, הייזער, פּיראמידען, לאָקאָמאָטיווען, טאָרטען און לאסקעס — צו דאָס לעצטע טויג ער זיך אייגענטליך בעסער ווי צו אלעס אנדערע.

ער האָט איהר אויסגעטהאָן איין רינג נאָך דעם אנדערען און ווען דער קדושין־רינג איז אויך אראָבגעפאלען, האָט ער מיט א שמייכעל ארויסגעשעפּטשעט:

— אכטונג פאר דעם געזעץ!

— נארישקייטען! — האָט זי געזאָגט עטוואָס אין כעס.

ער איז אימער געניינט געוועזן צו שפּאָטען און ווי אן עכטער פראנצויז האָט ער פון די ערנסטעסטע געפיהלען גערעדט מיט איראָניע. דאָס האָט זי אָפט געקרענקט. מעהר פון אלץ אָבער

האָט איהר פערדראָסען יעדעס מאָל, ווען ער האָט פערשפּאָטעט זייערעביידענס בעציהונגען, וועלכע האָבען אָנגעהאַלטען אַזוי לאַנג, דאָס זיי האָבען געקענט זיין אַ גוטער ביישפּיעל פון טרייער ליעבע אין דעם ניינצעהנטען יאָהרהונדערט. נאָך אַ קליינער פּויזע האָט זי געזאָגט:

— ווערסטו מיך און אַננעלען בעגלייטען צו דער עפענונג פון דער בילדער־אויסשטעלונג?

— געוויס!

דאַן האָט זי איהם געפרעגט, וועלכע בילדער עס וועלען זיין די בעסטע אויף דער קומענדער אויסשטעלונג.

אָבער פּלוצים, ווי זי וואָלט זיך דערמאָנט אָן עפּעס וואָס זי האָט פאַרגעסען צו בעזאָרגען, האָט זי געזאָגט:

— שנעל, שנעל, גיב מיר מיין שוך.

ער האָט פאַר'חלומ'ט זיך געשפּיעלט מיט דעם לייכטען שיכעל, צוטראָגען איהם געדרעהט אין זיין האַנד.

ער האָט זיך איינגעבויגען און אַ קוש געטהאָן דעם פוס, וועלכער האָט געשיינט צו שוועבען צווישען קלייד און קאַוויאָר.

דאַן האָט ער איהר אָנגעטהאָן דעם שוך. די גרעפין האָט זיך אויפגעהויבען און איז צוגעגאַנגען צום טיש, אויף וועלכען עס זיינען געלעגען אַלערליי פּאַפּירען, אָפענע בריעף, אַלטע און נייע נעבען טינטער אין וועלכען די טינט האָט אויסגעטריקענט. זי האָט אַלעס נייגעריג בעטראַכט און אויפגעהויבען די ציימונגען, אום אונטער זיי אַ קוק צו טהאָן.

ער איז צוגעגאַנגען צו איהר:

— דו ווערסט די אונאָרדנונג נאָך מעהר אין אונאָרדנונג ברייינגען.

אנשטאט אָן ענטפער האָט זי געפרעגט:

— ווער איז דער הערר, וואָס וויל ביי דיר קויפען „די וואָס באָדען זיך״?

— אָן אַמעריקאַנער, איך קען איהם נישט.

— האָסטו די „גאַסען זינגערין" פערקויפט?

— יאָ. פאַר צעהנטויזענד.

— דאָס איז זעהר קלוג, זי איז געווען גאַנץ נעט, אָבער אין אַלגעמיין גאָרנישט בעזונדערס. אַדיע, מיין ליעבער!

זי האָט צו איהם אויסגעשטעלט איהר באַק, וועלכע ער האָט רוהיג אַ קוש געטהאָן, דאַן איז זי פערשוואונדען הינטער די פאָר־טיערען, זאָגענדיג שטיל:

— פרייטאַג, אום אכט. דו זאָלסט מיך ניט בעגלייטען צו דער טיר. דו ווייסט, איך קען עס ניט ליידען.

ווען זי איז אוועק, האָט ער צוערשט פאַררויכערט אַ סיגאַרעט און דאַן גענומען געהן איבער'ן אַטעליער לאַנגזאַם מיט גרויסע טריט און די גאַנצע געשיכטע פון זייער ליעבע האָט אַ שוועב גע־טהאָן פאַר זיינע אויגען. אַלערליי איינצעלהייטען, וועלכע ער האָט שוין לאַנג פערגעסען, זיינען איהם פלוצים ווידער איינגעפאַלען און ער האָט זיי אין זיין זכרון אויפגעזוכט און זיי צוזאַמענגעשטעלט איינע נעבען דער אַנדערער. אין זיין איינזאַמקייט האָט ער זיך אונטערהאַלטען מיט די עראינערונגען.

עס האָט פאַסירט דאַן, ווען ער איז ווי אַ נייע זון איבער דעם קונסט־הימעל פון פאַריז אויפגעשטיגען, דאַן, ווען די מאַהלער האָ־בען די גאַנצע סימפּאַטיע פונ'ם פּובליקום געוואונען און זיי האָ־בען זיך אריינגעקליבען אין אַ שעהנעם געגענד און פראַכטפולע הייזער, וועלכע זיי האָבען זיך מיט אַ פאָר פענזעל־שטריכען פער־דיענט.

בערטין האָט נאָך זיין צוריקקומען פון רוים, אינ'ם יאָהר 1864, צוערשט אַ פאָר יאָהר נאָכאַנאַנד, ניט געהאַט ניט קיין ער־פאָלג און ניט קיין נאָמען; און אין 1866, ווען ער האָט אויסגע־שטעלט זיין „קלעאָפּאַטרא", איז ער פלוצים פון דער קריטיק און פון פּובליקום ביז צום הימעל אויפגעהויבען געוואָרען.

אין 1872, נאָך דעם קריעג און נאָך דעם טויט פון הענרי רעגנאָול, וועלכער האָט אַלע זיינע קאָלעגען בעריהמט געמאַכט,

איז בערטין דורך אַ עטוואָס געוואַגטע בילד פון „יאָקאַסטע" צו־געצייכנט געוואָרן צווישן די מאָדערנע קינסטלער, הגם זיין קלוג בערעכענטע טעכניק האָט איהם פון די אַקאַדעמיקער אויך ניט פאַרשטויסען.

אין 1873 האָט ער פאַר זיין „אַלזשירישע יודין" בעקומען די גרויסע גאָלדענע מעדאַל, דאָס איז געווען אַ בילד, וועלכעס ער האָט געמאָהלען נאָכדעם ווי ער האָט זיך צוריקגעקעהרט פון זיין רייזע נאָך אַפריקאַ. און זייט דעם פּאָרטרעט פון דער פּרינ־צעסין סאַליאַ אין 1874, האָט ער אין דער גרויסער וועלט געגאָל־טען פאַר דעם גרעסטען פּאָרטרעט־מאָהלער פון זיין צייט. פון דעם דאָזיגען טאָג אָן איז ער געוואָרען דער ליעבלינגס־מאָהלער פון אַלע פּאַריזערינען, דער געשיקטעסטער און געניאַלסטער שילדערער פון זייער גראַציע, זייערע פיגורען און זייער גאַנצען וועזען. אין אַ פּאָר מאָנאַטען אַרום האָבען די גרעסטע דאַמען פון פּאַריז זיך ביי איהם געבעטען, ער זאָל זיי טהאָן אַ טובה און זייערע בילדער מאָהלען. אָבער ער האָט זיך געלאָזט שטאַרק בעטען און פערלאַנגט אונגעהויער הויכע פּרייזען.

ווען ער איז אריין שטאַרק אין דער מאָדע און גענומען, ווי אַלע אַנדערע הערען, בעזוכען די געזעלשאַפט, האָט ער איינמאָל געטראָפען ביי דער הערצאָגין דע מאַרטעמאַין אַ יונגע פרוי אין טיעפען טרויער, וועלכע איז אַוועק אין דער מינוט, ווען ער איז אין הויז אריין. די בעגעגענונג מיט איהר אין דער טיר האָט אויף איהם געמאַכט אַ שטאַרקען איינדרוק פון גראַציע און עלעגאַנץ.

ער האָט געפרעגט איהר נאָמען און ערפאַהרען, אַז דאָס איז די גרעפין גיללעראַי, די פרוי פון אַ נאָרמאַנדישען לאַנדווירט און אָבגעאָרדענטען, אַז זי טראָגט טרויער נאָך איהר שוועהר, אַז זי איז אינטעליגענט, פון אַלעמען בעוואונדערט און זעהר בעליעבט.

נאָך גאַנץ היגעריסען פון איהר ערשיינונג, וועלכע האָט זיין קינסטלער אויג ענטציקט, האָט ער אויסגערופען:

— אָט זי וואָלט איך גערן געמאָהלען.

אויפ׳ן צווייטען טאָג האָט מען דאָס איבערגעגעבען דער יונ־גער פרוי און נאָך דעם זעלבען אָבענד האָט ער ערהאַלטען א קליין בלוי בריוועלע, פון וועלכען עס האָט זיך געטראָגען אַן אונבע־שטימטער דופט און וואו עס איז מיט א פיינער, רעגעלמעסיגער האנדשריפט געשריעבען געווען די פאָלגענדע ווערטער:

„געעהרטער הערר בערטין!

די הערצאָגין דע מארטעמאין, וועלכע איז נור וואָס ביי מיר געווען, האָט מיך פארזיכערט, אז איהר זייט געניינט מיט דער הילפע פון מיינע אָרימע געזיכטס־שטריכען איינס פון איי־ערע מייסטערווערק צו שאפען. איך וואָלט אייך זיי גערן אנ־פערטרויט, ווען איך זאָל בעשטימט וויסען, אז דאָס איז פון אייער זייט ניט געווען בלויז א ליעבענסווירדיגקייט, זאָנדערן, אז איהר זעהט ווירקליך אין מיר א מאָדעל, וואס איז ווערט אייער גרויסע קונסט.

אייער ערגעבענע

אננא גרעפין מיללעראי.״

ער האָט געענטפערט און געפרעגט ווען ער קען די גרעפין בעזוכען. אָהן ווייטערע פאָרמאַליטעטען איז ער איינגעלאדען גע־וואָרען דעם פאָלגענדען פרייטאָג צום פריהשטיק.

די וואָהנונג האָט זיך געפונען אויף דעם בולוואר מאלעס־הערבעס אין א פּראַכטפולען, מאָדערנעם הויז.

ער איז דורכגעגאנגען א גרויסען, מיט בלויען זייד בעשלאָגע־נעם זאאל, וואו דאָס האָלץ איז געווען ווייס, מיט גאָלד בעצירט, און איז פון דאָרטען אריין אין בודואר מיט העלע, קאָקעטישע טאַ־פּעטען פון דעם פאָריגען יאָהרהונדערט. די דאָזיגע טאפעטען זיי־נען געווען פול מיט שעהנע בילדער און צארטע פארבען געמאָהלען, עפּעס אזוי ווי די, וואָס האָבען זיי געצייכענט, האָבען דערביי פון ליעבע געטרוימט.

ער האָט זיך געזעצט נור וואָס געזעצט, ווען די גרעפין איז אריין. זי האָט געטראָטען אזוי ליכט, אז ער האָט ניט געהערט,

ווי זי איז פון אַ צווייטען צימער אריין און איז געוואָרען גאַנץ ערשטוינט, ווען ער האָט זי דערזעהן נעבען זיך.

זי האָט איהם פריי דערלאַנגט די האַנד און געפרעגט:

— איהר ווילט מיך אַלזאָ ווירקליך מאָהלען?

— עס וועט מיר פערשאַפען גרויס פערגניגען, גרעפין.

איהר שוואַרצע, נעטע קלייד האָט זי געמאַכט זעהר שלאַנק, אַזוי, דאָס זי האָט אויסגעזעהן גאַנץ יונג, הגם זי האָט זיך בעמיהט צו מאַכען אַן ערנסטע מינע, וועלכע האָט גאָר נישט געפאַסט צו איהר שמייכלענדיגען פּנים און דעם קאָפּ העלע בלאָנדע האָר.

דער גראַף איז אריין, פיהרענדיג אַ קליין מיידעלע פון אַ יאָהר זעקס ביי דער האַנד.

די גרעפין האָט פאָרגעשטעלט:

— מיין מאַן.

ער איז געווען נידעריג, גלאַט־ראַזירט, מיט איינגעפאַלענע באַקען, וועלכע האָבען געשלאָגען אין אַ בלויקייט פון דאָס שטענדיגע ראַזירען. מיט די האָר אויף הינטען געקאַמט, האָט ער אין זיך געהאַט עטוואָס פון אַ גייסטליכען אָדער אַן אַקטיאָר. ער איז געווען זעהר פריינדליך. צוויי טיעפע פאַלדען האָבען זיך איהם איינגעגראָבען ארום די מויל ווינקלען און זיך געצויגען ביז צו דער מאָרדע ארונטער, עס האָט געמאַכט דעם איינדרוק, אַז דאָס האָט ער געקריגען פון דעם ריידען אויף עפענטליכע פערזאַמלונגען.

מיט אַן אויסגוס, וועלכער האָט אויך אין איהם ארויסגעוויזען דעם רעדנער, האָט ער געדאַנקט דעם מאַהלער. שוין אַ צייט לאַנג, ווי ער האָט געוואָלט לאָזען מאָהלען זיין פרוי און ער וואָלט שוין לאַנג זיך געווענדעט צו אָליוויער בערטין, ווען ער וואָלט ניט מורא געהאַט, אַז יענער וועט זיך ענטזאַגען, דען ער האָט גוט געוואוסט, אַז דער מאַהלער איז פערוואָרפען מיט בעשטעלונגען.

נאָך אַ סך קאָמפּלימענטען זיינען זיי געקומען צום אָפּמאַך, אַז פון מאָרגען אָן זאָל ער זיין פרוי ברייננגען צום מאַהלער אין

אטעליער. אָבער ער האָט געפרעגט, אויב עס וואָלט ניט געווען גלייכער אָבצואווארטען, ווייל זי טראָגט יעצט טיעפען טרויער; אויף דעם האָט דער מאהלער ערקלערט, אז גראָד דערפאר ווילט זיך איהם זי איצט מאָהלען, ווייל ער וויל איינהאלטען דעם ערנסטען איינדרוק, וועלכער איז אזא שטארקער קאָנטראסט צו איהר לעב־האפטען, פיינעם, שיינענדיגען קאָפּ מיט די גאָלדענע האָר.

און אזוי איז זי אויפ'ן צווייטען טאָג געקומען מיט איהר מאַן און שפעטער מיט איהר קליין טאָכטער'ל, וועלכע מען האָט אוועק־געזעצט ביי א טיש מיט א הויפען בילדער זיך צו שפּיעלען.

אָליווייער בערטין איז, ווי געוועהנליך, געווען זעהר צוריק־געהאלטען. מיט די דאמען פון דער געזעלשאפט האָט ער זיך געפיהלט ניט גאָר פריי: ער האָט זיי נאָך צו ווייניג געקענט. ער האָט זיי געהאלטען פאר כיטרע און איינפאך, היפּאָקריטיש און גע־פעהרליך, אונבעדייטענד און אונבעקוועם אין דערזעלבער צייט. דערפאר האָט ער ביי די ווייניגער אריסטאָקראטישע דאמען גרויס ערפאָלג געהאט. א דאנק זיין בעריהמטקייט, זיין קענען אונטער־האלטען, זיין קרעפטיגער, עלעגאנטער געשטאלט און זיין ענערגי־שען, מענליכען פּנים האָט ער ביי זיי לייכטע זיעגען געהאט.

און ער האָט זיי דערפאר פאָרגעצויגען; ער האָט געליעבט זייערע פרייע מאניערען, זייער אונגעצוואונגענעם באנעהמען זיך און זייערע געשפּרעכען, וועלכע זיינען געווען גאנץ עהנליך צו דעם טאָן פון די אטעליערס און דער טהעאטער וועלט, וואו ער איז גע־ווען א היימישער מענש. אין דער אריסטאָקראטישער געזעלשאפט איז ער געגאנגען צוליעב זיין נאָמען ווענען, קיין פערגניגען האָט ער דאָרט ניט געהאט; אהין איז ער געגאנגען נור אויס אייטעל־קייט. מען האָט איהם דאָרט געשמייכעלט, ער האָט געקריגען בע־שטעלונגען און האָט זיך דאָרט געקענט ארויסווייזען פאר די שעה־נע דאמען, וועלכע האָבען איהם פערשאָטען מיט קאָמפּלימענטען, אָבער קיינע פון זיי האָט ער ניט געזוכט צו געווינען. און אזוי ווי ער האָט זיך מיט זיי קיינמאָל ניט ערלויבט קיין אנשפּיעלונגען

אַרער צווײדײטיגקײטען, האָט ער זײ געהאַלטען פאַר נאַריש און זײ איהם פאַר אַ מאַן מיט זעהר גוטע מאַניערען. יעדעס מאָל, וואָס אײנע פון זײ האָט זיך געלאָזען פון איהם מאָהלען, האָט ער אימער געהאַט דאָס געפיהל, אַז ער, דער קינסטלער, און זי, די וועלט דאַמע, זײנען צוויי גאַנץ פרעמדע מענשען, הגם יענע איז געוועזען זעהר ליעבענסווירדיג און האָט אַנגעווענדעט אַלע מיטלען איהם צו געפעלען. הינטער דעם שמייכעל און דער בעוואונדערונג, וועלכע זײנען ביי די דאַמען אימער עטוואָס געמאַכט, האָט ער געפיהלט עפּעס אַ מין אונבעשטימטע צוריקהאַלטונג, ווי בײ אַ מענשען, וועלכער האַלט זיך פאַר גרעסער פון דעם צווײטען. דאָס האָט ביי איהם אַרויסגערופען אַ מין שטאָלץ, דעם שטאָלץ פון אַ מאַן, וועלכער פערדאַנקט זײן שטעלונג נור זיך אַליין, זײן קענען, זײן טאַלענט, ווערענד די אַנדערע, די אַריסטאָקראַטישע דאַמען און הערען האָבען עס ערוואָרבען דורך זײער געבורט. מען האָט וועגען איהם געזאָגט כמעט מיט ערשטוינען: „ער האָט גרויסאַרטיגע מאַניערען.” און דאָס האָט איהם אי געשמייכעלט אי בעליידיגט, דען עס האָט אָנגעוויזען אויף דער וואַנד, וואָס שייַדעט איהם אָב פון די געבאָרענע אַריסטאָקראַטען.

די פאָרמאַלע און געמאַכטע ערנסטקייט פון דעם מאַהלער האָט דער גרעפין עטוואָס געשטערט, זי האָט ניט געוואוסט פון וואָס צו רעדען מיט דעם דאָזיגען צוריקגעהאַלטענעם מאַן, וועלכער האָט אין דער וועלט געגאָלטען אַלס קלוג און גײסטרײך.

נאָכדעם ווי זי האָט איהר קלײנע טאָכטער בעזאָרגט, האָט זי זיך געזעצט אויף אַ שטול נעבען דער אָנגעפאַנגענער צייכנונג און זיך בעמיהט, נאָך דעם וואונש פון דעם מאַהלער, איהרע שטרייכען אַן אויסדרוק צו געבען.

ווען זי איז צום פיערטען מאָל פאַר איהם געזעסען, האָט ער פּלוצים אויפגעהערט צו מאָהלען און געפרעגט:

— וואָס פערשאַפט איך אם מייסטען פערגניגען?

זי איז געוואָרען צומישט:

— יאָ, איך ווייס אַליין ניט, וואָרום פרעגט איהר דאָס ?

— איך דאַרף האָבען אַ גליקליכען אויסדרוק אין אייערע אויגען, און ביז איצט האָב איך נאָך ביי אייך אַזעלכען ניט געזעהן.

— אויב אַזוי, דאַן מאַכט מיך צו ריידען, איך פלוידער גערן.

— זייט איהר אַ פרעהליכע ?

— זעהר אַ פרעהליכע.

— גוט, דאַן לאָמיר זיך אונטערהאַלטען, גרעפין.

ער האָט עס געזאָגט אין אַ גאַנץ ערנסטען טאָן, דאַן האָט ער זיך ווידער גענומען צו דער אַרבייט, האָט אָנגעריהרט אייניגע טהעמאַס און געזוכט עטוואָס אַזוינס וואָס זאָל זיין אינטערעסאַנט פאַר זייביידען. זיי האָבען גענומען ריידען פון געמיינזאַמע בעקאַנטע, דאַן פון זיך אַליין, וואָס איז אימער די אַנגענעהמסטע און אינטערעסאַנטסטע טהעמאַ.

אויפ'ן צווייטען טאָג האָבען זיי זיך געפיהלט פרייער, און אַזוי ווי בערטין האָט בעמערקט, אַז ער געפעלט דער גרעפין, האָט ער איהר גענומען דערצעהלען געשיכטען פון זיין קינסטלער לעבען, האָט אויפגעוועקט אַלטע עראינערונגען, און דאָס אַלעס אין יענער פאַנטאַסטישער וויזע, וועלכע ער האָט אַזוי געליעבט.

געוועהנט צו דער אויסגעפוצטער שפּראַך פון די סאַלאָן־שריפט־שטעלער, איז זי געוואָרען ערשטוינט פון זיין אביסעל משוגענעם אופן, איבער אַלעס אָפען צו ריידען און אַלעס צו בעלייכטען מיט אַ מין איראָניע.

זי האָט איהם גלייך געענטפערט אין דעם זעלבען טאָן, דרייסט און אונערשראָקען.

אין אכט טעג אַרום האָט זי איהם אין גאַנצען געוואונען און פאַר'כישופ'ט מיט איהר פרעהליכקייט, איהר אָפענהערציגקייט און איינפאַכהייט. אַ דאַנק איהר האָט ער אין גאַנצען פערגעסען זיין פאָראורטהייל נעגען די דאַמען פון דער געזעלשאַפט און איז איצט געווען בערייט צו בעהויפּטען, אַז נור זיי זיינען ריי־

צענד און גייסטרייך. און מאַהלענדיג אויפ'ן לייווענד, פון וועל־
כען ער איז אַלע ווײַלע אָפּגעטראָטען און זיך דאַן צוריק אַ וואָרף
געטהאָן, האָט ער פריי און אונגעצוואונגען געפּלוידערט מיט דער
שעהנער בלאָנדער פרוי, וועלכע איז פאַר איהם געשטאַנען אין
שווארצען — האַלב־זון, האַלב־טרויער, ווי ער וואָלט זי געקענט
שוין לאַנג, לאַנג. און זי האָט איהם אויסגעהערט לאַכענדיג און
געענטפערט אַזוי פרעהלאַך, אַזוי מונטער, דאָס זי האָט אַלע ווײַלע
איהר פּאָזע פערלאָרען. פון צייט צו צייט איז ער פון איהר אָב־
געטראָטען, האָט פאַרזשמורעט די אויגען, זיך אָנגעבויגען, אום
זיין מאָדעל גוט צו בעטראַכטען. אַן אַנדער מאָל ווידער איז ער
צוגעקומען גאַנץ נאָהנט, אום די קלענסטע שטריכען פעסטצוהאַל־
טען און אַלעס אויף דעם לייווענד איבערצוגעבען.

איין מאָל אַ נאָכמיטאַג האָט זיך דאָס קליין מיידעלע אויפ־
געשטעלט, און צוגעקומען צום לייוועטד, האָט זי מיט איהר גאַנצען
קינדערשען ערנסט געזאָגט:

— דאָס איז דאָך מיין מאַמאַ.

ער האָט זי גענומען אויף די הענד און זי אַ קוש געטהאָן,
ווײַל די דאָזיגע נאַאיווע בעשטעטיגונג, אַז זיין ווערק איז עהנ־
ליך, האָט איהם געשמייכעלט.

אויפ'ן צווייטען טאָג איז זי געזעסען זעהר שטיל. אָבער
פּלוצים האָט זי מיט אַ שטיל קול טרויעריג ערקלעהרט:

— מאַמאַ, מיר איז זעהר לאַנגווייליג!

די דאָזיגע ערשטע קלאַגע פונ'ם קינד האָט דעם מאַהלער
אַזוי געריהרט, דאָס ער האָט אויף מאָרגען געלאָזט ברייגנען אַ
גאַנצע קראָם מיט שפּיעלצייג צו זיך אין אַטעליער אריין.

די קליינע אַננעלע איז געוועזן זעהר ערשטוינט און צופריעדען,
און באַרעכענט ווי זי איז אימער געוועזן, האָט זי זיך דאָס שפּיעל־
צייג איינגעאָרדענט אַזוי, דאָס זי זאָל זיך קענען שפּיעלען מיט יע־
דער זאַך בעזונדער נאָך איהר אייגענעם וואונש. פון יענעם טאָג
אָן האָט זי געליעבט דעם קינסטלער אויף איהר קינדערשען שטיי־

נער, מיט יענער טיערישער, שמייכלענדינער צערטליכקייט, וועל־כע שטעהט די קינדער אזוי גוט און געווינט זיי אלע הערצער.

דער גרעפין זיינען אויך די זיצונגען געפעלען געוואָרען, צו־ליעב דעם טרויער איז זי דיעזען ווינטער אין ערגעץ ניט געגאַנ־גען, עס האָבען איהר געפעהלט געזעלשאַפטען און בעלער און בים־לעכווייז איז דעם קינסטלער'ס אטעליער געווארען איהר גאַנצע אונטערהאלטונג.

אלס די טאָכטער פון א זעהר רייכען און נאסטפרייען קויפ־מאַן, וועלכער איז מיט א פּאָר יאָהר צוריק געשטאָרבען, און א שטענדיג קראַנקער מוטער, וועלכע איז זעקס מאָנאַט אין יאָהר געלעגען צו בעט, איז זי שוין גאַנץ פריה געווארען אן אויסגעצייכענטע ווירטין. זי האָט פערשטאַנען ווי אויפצונעהמען געסט, צו שמייכלען, צו פּלוידערן, די לייטע צו אונטערהאלטען, זי האָט געוואוסט, וואס מען דאַרף זאָגען יעדען בעזונדער, און האָט זיך קלוג און געשיקט צום לעבען צוגעפּאַסט. ווען מען האָט איהר פאָרגעשטעלט גראף גיללעראָי אלס חתן, האָט זי גלייך בעגריפען וואס פאר א נוצען זי קען האָבען פון דער דאָזיגער הייראט און זי איז גלייך מרוצה געווארען. אלס קלוגע מיידעל האָט זי גוט געוואוסט, אז מען קען ניט האָבען אלעס און אז אין יעדער לאַגע זיינען דאָ אי גוטע, אי שלעכטע זייטען.

ווען זי איז אריינגעטראָטען אין דער געזעלשאַפט, האָט מען זי זעהר גוט אויפגענומען, ווייל זי איז געווען שעהן און גייסטרייך. פיעלע מענער זיינען נאָך איהר נאָכגעלאָפען, אָבער זי האָט קיין מאָל ניט פערלאָרען איהר הארץ, וועלכע איז געבליבען פּונקט אזוי קיהל ווי איהר קאָפּ.

זי איז געווען קאָקעטיש, אָבער איהר קאָקעטעריי, הגם אַן ארויספאָדערנדיגע, איז אימער געווען אויסגערעכענט און פארזיכ־טיג און איז קיין מאָל ניט געגאַנגען צו ווייט. די קאָמפּלימענטען, וואס מען האָט איהר געמאַכט, האָבען איהר געמאַכט שפּאַס, די פערלאַנגען, וועלכע זי האָט ערוועקט, האָבען איהר געשמייכעלט,

אַזוי לאַנג ווי זי האָט זיי געקענט איגנאָרירען, און נאָכדעם ווי זי איז אַ גאַנצען אבענד געשמייכעלט און געצערטעלט געוואָרען אין דער געזעלשאַפט, איז זי דערנאָך איינגעשלאָפען רוהיג ווי אַ פרוי, וועלכע האָט ערפילט איהר צוועק אויף דער ערד.

אָבער דאָס דאָזיגע לעבען, וואָס האָט שוין אַזוי אָנגעהאַלטען זיעבען יאָהר, הגם ער האָט זי ניט געלאַנגווײַלט און ניט מיעד געמאַכט, דען זי האָט געליעבט דעם הו־האַ פון דער געזעלשאַפט, האָט זי דאָך מאַנכעס מאָל ניט גאָר בעפרידיגט.

די הערן פון איהר קרייז, פּאָליטיקער, אַדוואָקאַטען, פינאַנ־סיסטען אָדער קלוב מיטגליעדער אָהן שום בעשעפטיגונג, האָבען איהר פערשאַפט שפּאַס ווי שוישפּיעלער. זי האָט זיי ניט גענומען ערנסט, הגם זי האָט געשעצט זייער שטעלונג, זייער אמט און די טיטולען.

צוערשט איז איהר דער מאַהלער געפעלען געוואָרען מיט דער נייקייט פון זיינע געדאַנקען. זי האָט זיך אויסגעצייכענט אונטער־האַלטען אין זיין אַטעליער, געלאַכט פון גאַנצען האַרצען, זיך בע־טראַכט אַלס גייסטרייך און איז איהם דאַנקבאַר געווען פאַר דאָס פערגעניגען, וואָס די זיצונגען פערשאַפען איהר. ער איז איהר אויך געפעלען געווען, ווייל ער איז געווען שעהן, שטאַרק און בע־ריהמט. וואָס די פרויען זאָלען ניט זאָגען, קיינע פון זיי קען ניט איינשטעהן אַנטקעגען קערפּערליכע שעהנהייט און בעריהמטקייט. עס האָט איהר געשמייכעלט, וואָס דער דאָזיגער בעריהמטער קינסט־לער האָט זי בעמערקט און זי איז געווען גענייגט צו דענקען, אַז אויך ער איז נאָך איהר געשמאַק נאָך. זי האָט ביי איהם געפו־נען אַ פרייען, לעבעדיגען גייסט, צאַרט געפיהל, פאַנטאַזיע און אַ שפּראַך פול בילדער, וועלכע האָט קלאָר געמאַכט אַלעס, וואָס ער האָט געוואָלט זאָגען.

זיי זיינען צווישען זיך שנעל געוואָרען אינטים און אין דעם האַנד־דרוק יעדעס מאָל, ווען זי איז אין אַטעליער אריין, איז וואָס אַמאָל אַלץ מעהר הארציגקייט געלעגען.

אָהן אויסרעכענונג אָדער וועלכע עס איז אַבזיכט האָט זי אַין זיך געפיהלט דעם וואונש איהם צו געפעלען און זי האָט זיך נאָכ־געגעבען. זי האָט ניט געהאַט קיין בעשטימטען פּלאַן און גע־האַנדעלט אונבעוואוסט. זי איז נור געווען קאָקעטיש און זעהר פריינדליך מיט איהם, ווי מיט אַ מאַן, וועלכער געפעלט מעהר ווי אַלע אַנדערע. אין איהר גאַנצען בענעהמען זיך מיט איהם, אין איהרע בליקען, אין איהר שמייכעל האָט זי אריינגעלייגט יענע פערפיהרערישקייט, וועלכע עס ענטוויקעלט זיך אין יעדער פרוי, ווען זי זוכט געליעבט צו ווערען.

זי האָט איהם געמאַכט קאָמפּלימענטען, האָט כמעט אָפען ערקלעהרט, אַז ער געפעלט איהר, און איהם געלאָזט לאַנג, לאַנג רעדען, אום מיט איהר אויפמערקזאַמען אויסהערען איהם צו בע־ווייזען, ווי שטאַרק ער אינטערעסירט זי. אָפט האָט ער אויפגע־הערט צו מאַהלען, זיך נעבען איהר געזעצט און אין יענער אויפ־געהויבענער שטימונג, וואָס קומט פון דעם וואונש געפעלען צו ווערען, האָט ער צו איהר גערעדט פול מיט פּאָעזיע, מיט הומאָר, אָדער פילאָזאָפיע. עס האָט זיך געווענדט אָן דעם, ווי ער האָט זיך אין יענעם טאָג געפיהלט.

עס האָט איהר פערשאַפט שפּאַס, ווען ער איז געווען לע־בעדיג; און האָט ער ערנסטע געדאַנקען אויסגעשפּראָכען, האָט זי זיך בעמיהט זיין געדאַנקען־גאַנג צו פאָלגען, אָבער דאָס האָט זיך איהר ניט אימער איינגעגעבען; דאַן האָט זי געטראַכט וועגען אַנדערע זאַכען, אָבער אָן אָנשטעל האָט זי געמאַכט, אַז זי הערט און פערשטעהט איהם אויסגעצייכענט.

ער איז געווען גליקליך און גאַנץ געריהרט, וואָס ער האָט געפונען אַזאַ צאַרטע, מיטפיהלענדע זעעלע, וואָס דורשט אַזוי נאָך וויסען, אין וועלכע זיינע געדאַנקען פאַלען ווי זוימען אויף פרוכט־באַרער ערד.

דאָס בילד האָט געמאַכט גרויסע פאָרטשריט. עס האָט גע־שיינט, אַז עס וועט אַרויסקומען זעהר גוט, דען דער מאַהלער איז

געווען אין דער נויטיגער אויפגערעגטער שטימונג, ארויסצוברענגען אַלע שטריכען פון זיין מאָדעל און מיט יענער פייערדיגער איבערצייגונג אין וועלכער עס זעהט זיך דער אמת'ער קינסטלער, זיי דאן אויפ'ן לייוועגד איבערגעבען.

ער האָט זיך צוגעבויגען צו איהר און זיך איינגעגעסען מיט זיינע אויגען אין יעדען בייטענדיגען צוג פון איהר פנים, יעדען פארבען־טאָן פון איהר פלייש, דעם שאָטען אויף איהר הויט, דעם אויסדרוק, די דורכזיכטיגקייט פון די אויגען, אַלע געהיימניסע פון איהר ערשיינונג און אזוי האָט ער זי איינגעזויגען אין זיך, ווי א שוואָם זויגט איין וואסער. און וועהרענד ער האָט דעם גאנצען משוגע־מאַכענדיגען רייץ, וועלכען זיינע בליקען האָבען איינגעזויגען, אויף דעם לייוועגד אריבערגעטראגען, איז ער געווען ווי בערוישט, ווי ער וואָלט זיך מיט פרויען חן אָנגעטרונקען.

זי האָט געפיהלט, ווי ער ווערט פערליעבט, דאָס שפיעלען זיך מיט איהם, איהר זיעג וואס איז וואס ווייטער אַלץ זיכערער געוואָרען, האָט איהר פערשאפט אזוי פיעל שפּאס, אז זי האָט זיך אַליין אויך אָנגעצונדען.

עטוואס נייעס האָט אין איהר ערוואכט, איהר לעבען א נייעם חן צוגעגעבען און זי פרעהלאך און לוסטיג געמאכט. ווען מען האָט פון איהם גערעדט, האָט איהר הארץ שטארקער געקלאפּט, און זי האָט געהאַט דעם וואונש — א וואונש וועלכען זי האָט קיין מאָל ניט אויסגעשפּראָכען — הויך אויפ'ן קול אויסצורופען: „ער ליעבט מיך!" ס'איז געווען גליקליך, ווען מען האָט בעוואונדערט זיין טאַלענט און פיליייכט נאָך גליקליכער, ווען מען האָט געזאָגט, אז ער איז שעהן. ווען זי האָט פון איהם געטראַכט גאַנץ אַליין, אין איהר שטיל קעמערל, האָט זי געדענקט, אַז זי האָט אין איהם געוואונען אַן אמת'ן גוטען פריינד, וועלכער וועט זיך אימער בעגנוגענען מיט א פריינדליכען האַנד־דרוק.

ער אָבער האָט גאַנץ אָפּט אין מיטען דער ארבייט אוועקגע־

ליגט דעם פענזעל אויף א קליין טישעלע, האָט געכאַפּט די קליי־נע אַננעלע אין זיינע אָרימס, געקושט איהר די אויגען, די האָר און דערביי געקוקט אויף דער מוטער, ווי ער וואָלט וועלען זאָגען:
„דיך קוש איך, דיך, ניט דאָס קינד!"

פון צייט צו צייט איז די גרעפין געקומען אַליין אָהן איהר טאָכטער. אין אַזעלכע טעג האָט די ארבייט זיך ניט געריהרט, אָבער דערפאר האָבען זיי א סך געפּלוידערט.

איין מאָל א נאָכמיטאג איז זי געקומען צו שפּעט. עס איז געוועזן א קאַלטער טאָג, אַרום סוף פעברואר. אָליווייער איז פריה אַהיים געקומען, ווי יעדעס מאָל, ווען זי האָט געדאַרפט פאר איהם זיצען, דען ער האָט אימער געהאָפט, אַז זי וועט קומען פריהער. ער האָט אויף איהר געוואַרט און געשפּרייזט, רויכערענדיג, הין און צוריק איבער'ן צימער. ער האָט זיך געפרעגט — און איז דערביי געוועזן ערשטוינט, וואס זייט די לעצטע אכט טעג געהט איהם די דאָזיגע פראגע פון זינען ניט ארויס: „ליעב איך זי?" ער האָט עס אַליין ניט געוואוסט, דען ער האָט נאָך קיינמאָל ניט געליעבט ערנסט. עס איז אמת, ער האָט געהאַט פערהעלטניסע, זאָגאר שטאַרקע, וואס האָבען אָנגעהאַלטען א לענגערע צייט, אָבער ער האָט דאָס קיינמאָל ניט בעטראַכט פאר ליעבע. היינט האָט ער זיך געוואונדערט איבער דאָס וואָס ער פיהלט.

ליעבט ער זי? יעדענפאַלס האָט ער זי קוים באַגעהרט, ווייל ער האָט נאָך קיין מאָל ניט געטראַכט פון דער מעגליכקייט זי צו בעזיצען. ביז אַהער האָט איהם יעדעס מאָל, ווען א פרוי איז איהם געפעלען, די ליידענשאַפט אונטערגעזאָגט, ער זאָל אויס־ציהען נאָך איהר די האַנד ווי נאָך א פרוכט וואָס מען רייסט פון בוים אַרונטער. אָבער זיין נשמה איז דערביי געבליבען קאַלט און רוהיג און האָט קיינמאָל ניט פערלאָרען איהר גלייכגעוויכט.

דער וואונש זי צו בעזיצען, איז איהם קוים אויפ'ן זינען אַרויף, און געשיינט זיך הינטער אַן אַנדער, שטאַרקערען, רונ־קעלער'ן, קוים ערוואַכטען געפיהל צו בעהאַלטען.

אַליוויער האָט געדענקט, אַז די ליעבע מוז זיך אָנפאַנגען מיט טרוימען און פּאָעטישער בעגייסטערונג, אָבער דאָס וואָס ער האָט געפיהלט איז געווען מעהר קערפּערליך ווי גייסטיג. ער איז געווען נערוועז, פיעבעריש, אונרוהיג ווי פאר א קראַנקהייט און הגם דאָס פיבער אין זיין בלוט האָט געווירקט אנשטעקענד אויך אויף זיינע געדאַנקען, דאָך האָט עס איהם ניט פערשאַפט קיין שום שמערצען. ער האָט גוט געוואוסט, אַז די דאָזיגע אויפרעגונג איז פעראורזאכט פון דער גרעפין גיללעראַי, דורך דאָס דענקען וועגען איהר, דאָס וואַרטען אויף איהר קומען.

ער האָט זיך ניט געפיהלט הינגעריסען צו איהר מיט אַלע זיינע נערוון, אָבער ווען זי איז נעבען איהם געווען, האָט זיך איהם אויסגעוויזען, ווי זי וואָלט קיין מאָל פון איהם ניט אוועק. און איז זי אוועקגעגאַנגען, האָט זי איהם אימער עטוואס פון זיך איבערגעלאָזען, עטוואס צאַרטעס, אונאויסשפּרעכליכעס. ווי? איז דאָס ליעבע? ער האָט זיך אין זיין אייגענעם הארץ געגריבעלט, צו זעהן, צו בעגרייפען, וואס דאָ איז. אין זיינע אויגען איז זי געווען רייצענד, אָבער ניט עהנליך צו דעם אידעאַל פון א פרוי, וועגען וועלכער ער האָט געטרוימט. יעדער, וואָס דורשט נאָך ליעבע, מאָהלט זיך אויס די גייסטיגע מעלות און דעם קערפּערליכען חן פון דער פרוי, וועלכע זאָל איהם בעהערשען, און הגם די גרעפין גיללעראַי איז איהם זעהר שטארק געפעלען געווען, איז זי דאָך ווייט ניט געווען דאָס געטרוימטע פרויען-בילד פון זיין פאַנטאַזיע.

אָבער וואָרום בעשעפטיגט ער זיך מיט איהר מעהר ווי מיט אַלע אַנדערע פרויען, וואָרום טראַכט ער וועגען איהר אַנדערש, וואָרום געהט זי איהם פון זינען ניט אַרויס?

איז ער אריינגעפאַלען אין דער פּאַסטקע פון איהר קאָקעטעריי, וועלכע ער האָט שוין לאַנג געפיהלט? אָדער איז ער געווען בערוישט פון זיין אייגענעם וואונש איהר צו געפעלען?

ער איז אומגעגאַנגען הין און צוריק, האָט זיך געזעצט, איז

אויפגעשטאַנען, פאַררויכערט אַ סיגאַרעט, עס באַלד ווידער אַוועק־געוואָרפן און אַלע ווײַלע געקוקט אויף דעם ווײַזער פון׳ם וואַנד־זייגער, וועלכער האָט זיך לאַנגזאַם, כמעט אומבאַוועגליך געריקט צו דער באַשטימטער שטונדע.

אַ פּאָר מאָל האָט זיך איהם געוואָלט צוגעהן צום זייגער, עפענען די גלעזערנע טירעל און מיט׳ן שפּיץ פינגער אַ רוק טהאָן דעם גרויסן גאָלדענעם ווײַזער צו דער שטונדע, צו וועלכער ער האָט זיך אַזוי לאַנגזאַם און פויל געגעהנטערט.

עס האָט זיך איהם אויסגעוויזען, אַז דאָס וועט זיין גענוג אַז די ערוואַרטעטע, פון זיין קלוגען איינפאַל אָפּגענאַרט, זאָל גלייך אין צימער אַריין. אָבער באַלד האָט ער זיך געכאַפּט, ווי נאַריש דאָס איז און אַליין פון זיך געלאַכט.

צום סוף האָט ער אַליין ביי זיך געפרעגט: „טאָמער וואָלט איך געקענט ווערען איהר געליעבטער?"

דער דאָזיגער געדאַנק איז איהם פאַרגעקומען זאָנדערבאַר, קוים מעגליך, אונאויספיהרבאַר, צוליעב די שוועריגקייטען, וואָס דאָס וואָלט אין זיין לעבען אַריינגעבראַכט.

און דאָך איז איהם די פרוי זעהר געפעלען געוועזן. דאַן האָט ער געזאָגט צו זיך אַליין: „איך מוז איצט זיך געפינען אין אַ מערקווירדיגען צושטאַנד."

דער זייגער האָט געשלאָגען און ביי דעם גערויש האָט ער זיך אַ צאַפּעל געטהאָן, ער האָט מעהר אָנגעריהרט זיינע נערוועז, ווי זיין נשמה. ער האָט זי ערוואַרטעט מיט יענער אונגעדולד, וועל־כע דורך דער פערשפּעטיגונג שטייגט פון מינוט צו מינוט. זי איז אימער געוועזן פּינקטליך. און אין צעהן מינוטען אַרום וועט זי אַלזאָ זיין דאָ. ווען דיזע צייט איז פאַריבער, האָט ער זיך דערפיהלט אין אַ צושטאַנד, ווי פאַר אַ גרויסען אונגליק. דאַן איז ער געוואָרען שטאַרק אויפגערעגט פאַרוואָס זי לאָזט איהם וואַרטען, און ער האָט דערפיהלט, אַז ער וועט משוגע ווערען, אויב זי קומט נים גלייך אַריין. וואָס זאָל ער טהאָן? ער מוז אויף איהר וואַר־

טען, ניין, ער וועט בעסער אוועקגעהן, אום, ווען זי וועט זיך זעהר פארשפעטיגען, זאָל זי קיינעם ניט טרעפען אין אַטעליער.

ער האָט בעשלאָסען אוועקצוגעהן, אבער ווען? וויפיעל צייט זאָל ער איהר נאָך געבען? און אפשר איז גאָר גלייכער צו בלייבען דאָ? אום מיט אַ פּאָר קאַלטע, העפליכע ווערטער איהר געבען צו פערשטעהן, אז איהם לאָזט מען ניט ווארטען.

און טאָמער קומט זי גאָר נישט?

דאַן וועט ער וואהרשיינליך בעקומען אַ טעלעגראמע, אַ קאַרטעל, דורך אַ דיענער אָדער אַ דיענסט וועט זי איהם דאָס לאָזען וויסען.

וואָס הייבט ער אָן צו טהאָן אין פאַל, אז זי קומט ניט? עס איז געוועזן אַ פערלאָרענער טאָג, ארבייטען האָט ער שוין מעהר ניט געקענט, און דאַן?... וואָלט ער מוזען געהן צו איהר, דען ער האָט זי געמוזט זעהן.

יא, ער האָט זי געמוזט זעהן, דען ער האָט געפיהלט אַ טיעפע, קוועלענדע בענקעניש נאָך איהר. וואָס זאָל דאָס בעדייטען? ליעבע? אָבער ער האָט ניט געפיהלט קיין שום בעגייסטערונג, קיין שטורם פון ליידענשאפט, קיין איבערצייגונג, אז ווען זי זאָל היינט ניט קומען וועט ער שטאַרק ליידען דערפון.

דער גלאָק פון דער וויז־טיר האָט אַ קלונג געטהאָן, און אָליוויער בערטין איז מיט אמאָל געוואָרען אַזוי אויפגערעגט, אַזוי גליקליך, דאָס ער האָט אַ שפּרונג געטהאָן אין דער לופטען און אַ וואָרף געטהאָן דעם סיגאַרעטעל.

זי איז אריין, זי איז געוועזן אליין.

איהם איז גלייך איינגעפאלען אַ געוואגטער געדאַנק:

— ווייסט איהר, וואס איך האָב נור וואס, ווען איך האָב אויף אייך געווארט, ביי זיך געפרעגט?

— ניין, איך ווייס ניט.

— איך האָב זיך געפרעגט, צי בין איך ניט פערליעבט אין אייך?

— פערליעבט אין מיר? זייט איהר פערריקט?

אָבער זי האָט דערביי געשמייכעלט און איהר שמייכעל האָט געשיינט צו זאָגען: „דאָס איז פיין, דאָס געפעלט מיר."

דאַן האָט זי בעמערקט:

— איהר מיינט עס דאָך ניט ערנסט; ווארום מאַכט איהר אזעלכע שפּאַסען?

ער האָט געענטפערט:

— פערקעהרט, איך מיין עס זעהר ערנסט, איך זאָג אייך ניט, אז איך ליעב אייך, אָבער איך פרעג זיך אליין, צי בין איך ניט אויפ'ן וועג דערצו?

— ווי קומט איהר דערצו? ווי פאַלט עס אייך גאָר איין?

— ווייל איך בין אונרוהיג ווען איהר זיינט נישטאָ און גליק־לאַך, ווען איהר קומט.

זי האָט זיך געזעצט:

— אָך, בעאונרוהיגט זיך ניט צוליעב אזאַ קליינינקייט. אזוי לאַנג ווי דער שלאָף און אַפּעטיט זיינען נאָרמאַל, איז נישטאָ קיין שום געפאַהר.

ער האָט זיך צולאַכט:

— און ווען איך זאָל דעם שלאָף און אַפּעטיט פערליערען?

— דאַן זאָגט עס מיר.

— און דאַן?

— דאַן וועל איך אייך אויף אַ ווײַלע לאָזען צורוה, אום איהר זאָלט זיך אויסרוהען.

— אַ שעהנעם דאַנק!

און איבער דער טהעמאַ פון דער דאָזיגער ליעבע האָבען זיי זיך אַרומגעריסען דעם גאַנצען נאָכמיטאַג. דעם צווייטען טאָג ווי־דער אזוי.

דאַן יעדעס מאָל ווען זי איז צו איהם געקומען גוט אויפגע־

ליגט, האָט זי ביי איהם געפרעגט, קוקענדיג אויף דער זאַד ווי אויף אַ גייסטרייכען, ניט ערנסטען שפּאַס:

— נו, ווי האַלט עס היינט מיט אייער ליעבע?

און ער האָט איהר גאַנץ ערנסט, אָבער אין אַ לייכטען טאָן, ערקלעהרט, וועלכע פּאַרטשריטע זיינע ליידען האָבען געמאַכט, אַלעס וואס האָט אינעווייניג אין איהם שטענדיג געאַרבייט, זיין גאַנצע ליעבע, ווי זי איז געקומען און געוואַקסען. גאַנץ גענוי, מיט אַלע קלענסטע איינצעלהייטען, ווי אַ פּראָפעסאָר, וואס האַלט וועגען דעם אַ לעקציע, האָט ער איהר איבערגעגעבען, וואָס ער האָט געפיהלט יעדע שטונדע נאָך דעם ווי זי האָט איהם נעכטען פערלאָזען. זי האָט איהם אויסגעהערט מיט אינטערעס, עטוואס בע־וועגט און אַביסעלע צוטומעלט פון דער געשיכטע, וואס האָט גע־קלונגען ווי אַ ראָמאַן, וואו זי איז געווען די העלדין.

מאַנכעס מאָל, ווען ער האָט אויף אַ העפליכער און לייכטער אַרט פאַר איהר זיינע ליידען, זיין קומער אויסגעדריקט, האָט זיין קול ניט ווילענדיג געציטערט.

און זי האָט איהם ניט אויפגעהערט אויסצופרעגען, ציטע־רענדיג פאַר נייגירדע. מיט די בליקען איינגעגעסען אין איהם, האָט זי מיט אַ פערהאַלטענעם אָטהעם זיך צוגעהערט צו די אַלע זאַכען, וועלכע זיינען אַזוי פיינליך און דאָך אַזוי זיס צו הערען.

פון צייט צו צייט, ווען ער איז צוגעקומען צו איהר נעהנ־טער, אום איהר האַלטונג צו פערבעסערען, האָט ער אָנגעריהרט איהר האַנד און זי פּרובירט אַ קוש צו טהאָן.

מיט אַ האַסטיגער בעוועגונג האָט זי דאַן די פינגער פון זיינע ליפּען אַרויסגעצויגען, אַ קנייטש געטהאָן מיט די ברעמען, און אויסגערופען:

— צו דער אַרבייט, צו דער אַרבייט!

ער האָט זיך ווידער גענומען צו דער אַרבייט, אָבער עס זיי־נען ניט אַוועק קיין פינף מינוט און זי האָט איהם ווידער גע־שטעלט עפּעס אַ פראַגע, וועלכע האָט איהר פאַרזיכטיג צו דער

איינציגער טהעמא צוריקגעפיהרט, וואס האָט זי אליין שטאַרק גענאינטערעסירט.

איהר הארץ איז איצט פול געוואָרען מיט אַלערליי שרעקען. זי האָט געוואָלט זיין געליעבט אָבער מיט א מאָס, ניט צו פיעל. אין זיך האָט זי זיך געפיהלט זיכער, פאר איהם אָבער האָט זי מורא געהאט. זי האָט מורא געהאט איהם צו פערליערען, ווען ער וועט נעהמען ברענען צו שטאַרק, ווייל דאַן וועט זי איהם מו־זען אָבשטויסען פון זיך, הגם פריהער האָט זי אליין איהם צו זיך צוגעצויגען. און דאָך, ווען זי זאָל געצוואונגען זיין אויפצוגעבען די דאָזיגע צערטליכע פריינדשאפט, די דאָזיגע שטילע געשפרעכען פול הארציגקייט און ליעבע, וועלכע זיינען געפלאָסען ווי א קלאָהר טייכעלע, וועמעס גרונד איז פול מיט גאָלדענע קערנדלאַך, וואָלט עס איהר פערשאפט אַזויפיעל ליידען, אזא טיעפען וועהטאָג, דאס עס וואָלט איהר הארץ צוריסען.

ווען זי האָט איהר הויז פערלאזען, אום צום מאהלער אין אטעליער צו געהן, איז איהר הארץ איבערגעפילט געווארען מיט גרויס פרייד און זי האָט זיך געפיהלט לייכט און גליקלאַך. ווען זי האָט אָנגעקלונגען אין אָליוויער׳ס הויז, האָט איהר הארץ גע־קלאפט פאר אונגעדולד און זי איז געלאָפען איבער די טרעפ ווי איבער ווייכען סאמעט.

אָבער בערטין איז די לעצטע צייט געווען ערנסט, עטוואס נערוועז, און מאנכעס מאָל צורייצט. ער איז געווארען אונגעדול־דיג, האָט זיך אפילו גלייך ווידער בעהערשט, אָבער ניט אויף לאַנג. און איין טאָג, ווען זי איז אין צימער אריין, האָט ער אנשטאט צו מאָהלען, זיך נעבען איהר געזעצט און אָנגעהויבען:

— גרעפין, איהר מוזט יעצט וויסען, אז צווישען אונז איז ניט מעהר קיין שפאס. איך ליעב אייך משוגע.

די דאָזיגע פאָררעדע האָט זי אביסעל צומישט, זי האָט דער־זעהן, אז דער אויגענבליק, פאר וועלכען זי האָט אזוי שטאַרק גע־ציטערט, דערנעהנטערט זיך אצינד און זי האָט פרובירט איהם

צו אונטערברעכען, אָבער ער האָט זי מעהר נישט געהערט; זי איז געוואָרען שטאַרק אויפגערעגט, און ציטערענדיג, בלייך, פול אַנגסט, האָט זי געמוזט איהם אויסהערען. ער האָט גערעדט לאַנג, ניט פאַדערענדיג קיין זאַך, גערעדט צערטליך, טרויעריג, מיט פער־צווייפעלטער צוריקגעהאַלטענקייט. זי האָט גערעדט, ווען ער האָט איהרע הענד אין זיינע אריינגענומען און זיי ניט אָבגעלאָזען. און דאָ, פלוצים האָט ער זיך אויף די קניע ארונטערגעלאָזען און מיט אַ בלאַנדזשענדען בליק זיך גענומען בעטען ביי איהר, זי זאָל איהם נישט וועהטהאָן. וואס פאר א וועהטהאָן? זי האָט עס ניט בעגריפען און ניט בעמיהט זיך עס צו בעגרייפען. זי איז נור געווען געריהרט צו זעהן זיינע ליידען, עס האָט איהר פער־שאַפט שמערצען און דאָך זיינען איהר די דאָזיגע שמערצען פאר־געקומען ווי עפּעס אַ מאָדנער גליק. פלוצים האָט זי דערזעהן טרעהרען אין זיינע אויגען און זי איז דערפון געוואָרען אזוי בע־וועגט, דאָס זי האָט אַרויסגעלאָזען אַ קרעכץ און שיער ניט אריינ־געכאַפּט איהם אין איהרע אָרעמס, ווי אַ וויינענדיג קינד, וועלכעס מען וויל טרייסטען. ער האָט געזאָגט מיט אַ ווייכער שטימע:

— אַך, ווי איך לייד, ווי איך לייד, ווען איהר זאָלט עס ווי־סען!

און פלוצים איז זי געוואָרען גאַנץ ווייך, זיינע ליידען און זיינע טרעהרען האָבען אויף איהר געווירקט. זי האָט זיך נערוועז צושלוכצט און איהרע אָרעמס האָבען געציטערט, בעריית זיך פאַר איהם צו עפענען.

דאַן האָט זי דערפיהלט, ווי ער האָט זי ארומגעכאַפּט און קושט איהר ליידענשאַפטליך דעם מויל. זי האָט געוואָלט שרייען, זיך וועהרען, איהם צוריקשטויסען, אָבער זי האָט געפיהלט, אז זי איז סיי ווי סיי פערלאָרען, דען אין איהר ווידערשטאַנד האָט זי זיך צו איהם געריסען, אין איהר וועהרען זיך האָט זי איהם צוגעצויגען צו זיך און צודריקענדיג זיך צו איהם שטאַרק, שטאַרק האָט זי נאָך אַלץ געשריען: „ניין, ניין, איך וויל ניט."

דאָן איז זי געוואָרען אויסער זיך און בעהאַלטען דאָס פּנים אין ביידע הענד. פּלוצים איז זי אויפגעשפּרונגען, געכאַפּט איהר הוט, וועלכער איז אַרונטערגעפאַלען אויפ'ן קאַוויאָר, אָנגעטהאָן און אַנטלאָפען ניט קוקענדיג אויף אַליווייער'ן, וועלכער האָט זי נאָך אַלץ געהאַלטען פאַר'ן קלייד און זיך ביי איהר געבעטען, זי זאָל בלייבען.

ווען זי איז אַרויס אויף דער גאַס, האָט זי ניט געקענט שטעהן אויף איהרע פיס, די קניע האָבען זיך איהר אונטערגעבויגען און זי האָט זיך געפיהלט אין גאַנצען ווי צושלאָגען. אַן עקיפּאַזש איז פאַרביי געפאָהרען, זי האָט איהם אָפּגעשטעלט און געזאָגט צום קוטשער:

— פאָהרט לאַנגזאַם שפּאַציערען, איהר קענט פאָהרען וואו־הין איהר ווילט.

זי האָט זיך אַ וואָרף געטהאָן אויף דעם ווייכען זיץ פון דעם עקיפּאַזש, צוגעמאַכט די טיר, אַריינגעדריקט דעם קאָפּ אין ווינ־קעל הינטער די פערמאַכטע פענסטער, און דערפיהלט, אַז זי איז אַליין, אַליין מיט איהרע געדאַנקען, האָט זי גענומען טראַכטען. אַ פּאָר מינוטען נאָכאַנאַנד האָט זי נור געהערט דעם גערויש פון די רעדער און געפיהלט דאָס שטויסען פונ'ם וואָגען. זי האָט גע־קוקט אַרום זיך און גאָרנישט געזעהן, געקוקט אויף די הייזער, אויף די מענשען, אויף די גאַסען, אין די עקיפּאַזשען און ניט גע־קענט פון קיין זאַך טראַכטען, עפּעס אַזוי ווי זי וואָלט מוזען גע־ווינען צייט, אום זיך דאַן צו קענען אָננעהמען מיט מוט און וואַ־גען אַ טראַכט צו טהאָן וועגען דעם וואָס איז געשעהן.

אָבער אַזוי ווי זי איז אימער געוועזן אונערשראָקען און מו־טיג, האָט זי געזאָגט צו זיך אַליין: „יאָ, איצט בין איך פערלאָ־רען.״ און נאָך אַ פּאָר מינוטען לאַנג איז זי געוועזן ווי געלעהמט פון דעם געדאַנק, אַז מען קען עס שוין צוריק ניט גוט מאַכען. שטאַר פאַר שרעק איז זי געזעסען אין איהר ווינקעל, ווי איינער, וואָס איז פון אַ דאַך אַרונטערגעפאַלען און וואַגט זיך ניט אַ ריהר צו טהאָן,

אויס מורא, אַז ער האָט זיך זיינע גליעדער צובראָכען און דערביי שרעקט ער זיך אין דעם צו איבערציייגען.

דאָך, אנשטאט צוזאמענצוברעכען אונטער דעם שמערץ, פאר וואס זי האָט זיך אזוי געשראקען, איז איהר הארץ געבליבען רו־היג און געפאסט. עס האָט געשלאָגען שטיל און לאנגזאם, אזוי ווי דער אונגליק וואָלט עס גאָרניט אָנגעריהרט.

זי האָט עטליכע מאָל ארויסגערעדט הויך אויפ'ן קול, אזוי ווי זי וואָלט אליין וועלען הערען און זיך אין דעם איבערציייגען: „יא, איצט בין איך פערלאָרען.” קיין קערפערליכער וועהטאָג האָט זיך ניט אָבגערופען אלס ענטפער אויף דער דאָזיגער קלאגע פון איהר געוויסען.

א צייט לאנג האָט זי זיך געלאָזען ארומפיהרען פון דעם עקי־פאזש און אלץ אָבגעלייגט די איבערלעגונג פון איהר לאגע אויף שפעטער. אָבער זי האָט ניט געליטען, זי האָט נור מורא גע־האט נאָכצוטראכטען, מורא געהאט צו וויסען, צו בעגרייפען; פון דער אנדער זייט האָט זי געפיהלט, ווי עפעס א מאָדנע רוהיג־קייט נעהמט ארום איהר גאנצען וועזען נאָך דעם קאמפף, וואס זי האָט די לעצטע צייט געהאט מיט זיך אליין און מיט איהרע גע־פיהלען.

אין א האלבע שעה ארום האָט זי איינגעזעהן, אַז די פער־צווייפלונג, וואס זי האָט ערווארט, איז נישטאָ און וועט ניט זיין און זי האָט ארויסגעטרייסעלט פון זיך די פארשטיינערטע שטי־מונג און געזאָגט צו זיך אליין: „מערקווירדיג, איך האָב גאָר קיין חרטה ניט!”

דאָ ערשט האָט זי זיך גענומען מאכען פאָרווירפע, א כעס אויף זיך אליין האָט זיך ביי איהר ערוועקט, אויף איהר שוואכ־קייט, איהר בלינדקייט. ווי האָט זי דאָס פריהער ניט פערשטאַ־נען, ניט איינגעזעהן, אַז אזוי וועט זיך דאָס מוזען ענדיגען, אַז ער איז איהר צופיעל געפעלען, אום צו קענען בייזשטעהן דעם

נסיון און אַז אין די רייַנסטע הערצער ערוואַכען אַמאָל אַזעלכע פערלאַנגען, פאַר וועלכע דער שטאַרקסטער ווילען איז צו שוואַך.

אָבער נאָכדעם ווי זי האָט זיך געמאַכט די אַלע פּאָרווירפע און אין די געדאַנקען זיך גוט אויסגעזידעלט, האָט זי מיט פול שרעק זיך געפרעגט, וואָס זאָל איצט זיין?

איהר ערשטער געדאַנק איז געווען זיך צו שיידען מיט'ן מאַהלער און איהם מעהר קיין מאָל ניט צו זעהן.

אָבער אַזוי גיך ווי זי האָט געפאַסט דעם דאָזיגען בעשלוס, האָט זי גלייך געהאַט טויזענד אָנווענדונגען דאַגעגען.

מיט וואָס זאָל זי ערקלעהרען דאָס פונאַנדערגעהן זיך מיט'ן קינסטלער, וואָס וועט זי זאָגען איהר מאַן? וועט מען זיך דען ניט אָנשטויסען אויף דער וואַרהייט, וועט מען דערפון ניט פּלוידערן און זי אויף אַלעמענס צונג אַרומטראָגען?

איז דען ניט בעסער צו שפּיעלען קאָמעדיע פאַר דער גאַנצער וועלט און זאָגאַר פאַר אָליוויער בערטין אליין זיך צייגען גלייכגילטיג און איהם געבען צו פערשטעהן, אַז זי האָט יענע אונגליקליכע מינוט פון איהר זכרון און פון איהר לעבען אויסגעמעקט.

אָבער ווי וועט זי דאָס קענען, ווי וועט זי וואַגען מאַכען דעם אָנשטעל, אַז זי האָט אַלעס פערגעסען? ווי זאָל זי זיך אַזוי שפּיעלען מיט דעם מאַן, וועמעס אויסברוך פון ליידענשאַפט זי האָט געטיילט?

זי האָט לאַנג איבערלייגט, אָבער אַזוי ווי זי האָט קיין אַנדערע אויסוועג פאַר זיך ניט געזעהן, האָט זי זיך דערצו ענטשלאָסען. מאָרגען וועט זי מוטיג קומען צו איהם און וועט איהם געבען צו פערשטעהן, וואָס זי ווינשט, וואָס זי פערלאַנגט פון איהם. קיינמאָל זאָל ער מיט אַ אָנצוהערעניש, אַ וואָרט אָדער אַ בליק ניט דערמאָנען איהר אָן דעם מאָמענט פון איהר שאַנדע.

געוויס וועט עס איהם אָנקומען שווער, ער וועט דערפון ליידען, אָבער אַלס דזשענטעלמען, אַלס מאַן מיט אַ גוטער ערציהונג

וועט ער געוויס פּערשטעהן, אַז אַזוי מוז עס זיין און וועט זיך מו־
זען בערוהיגען, און דאַן וועט ער זיך מיט איהר האַלטען פּונקט
אַזוי ווי פריהער.

אַזוי שנעל ווי זי האָט געפּאַסט דעם נייעם בעשלוס, האָט זי
געגעבען דעם קוטשער איהר אַדרעס און זיך אומגעקעהרט אהיים
א צובראָכענע מיט דעם וואונש, זיך אריינצואוואַרפען אין בעט,
קיין מענשען ניט אָנצוקוקען, שלאָפען און אַלעס פערגעסען.

זי האָט זיך איינגעשלאָסען אין איהר צימער און ביז צום
עסען איז זי געבליבען ליעגען אויף דער זאָפע האַלב דרעמלענדיג.
זי האָט ניט געוואָלט מעהר טראַכטען פון די אַלע געפעהרליכע
זאַכען.

צום טיש איז זי געקומען פּינקטליך, אַליין פערוואונדערט פון
איהר רוהיגקייט און האָט ערוואַרטעט איהר מאַן מיט דעם זעל־
בען פּנים ווי אימער.

דאַן איז ער אריין מיט זייער קליין טאָכטער'ל אין די
אָרעמס, זי האָט איהם געגעבען די האַנד און א קוש געטהאָן דאָס
קינד אָהן שום אויפרעגונג. גראַף גיללעראָי האָט געפרעגט, וואָס
זי האָט געטהאָן. זי האָט געענטפערט גאַנץ רוהיג, אַז זי האָט ווי
אַלע טאָג געהאַט א זיצונג.

— וועט דאָס בילד ארויסקומען גוט? — האָט ער גע־
פרעגט.

— יא, זעהר גוט.

דאַן האָט ער גענומען ריידען פון זיינע זאַכען, פון וועלכע ער
האָט גערן דערצעהלט ביים טיש: פון דער זיצונג אין קאַבינעט
און פון דער דעבאַטע איבער א נייעם געזעץ געגען דער פעל־
שונג פון שפּייזען. די דאָזיגע איבערגעקייטע רייד, וועלכע זי
האָט געוועהנליך רוהיג אויסגעהערט, האָבען איהר היינט גערער־
נערט און איהר איז קלאָהר געוואָרען, וואָס פאַר א אונבעדייטענ־
דער פּלוידערזאַק א מענש מוז זיין, אום איהם זאָלען אינטערע־
סירען אַזעלכע זאַכען. דאָך האָט זי איהם אויסגעהערט מיט א

שמייכעל, העפליכער, זאַגאַר אויפמערקזאַמער ווי געוועהנליך. זי האָט אויף איהם געקוקט און געטראַכט: „איך האָב איהם בעטראָגען, ער איז מיין מאַן און איך האָב איהם בעטראָגען. איז דאָס ניט מערקווירדיג? קיין זאַך אין דער וועלט קען עס שוין מעהר ניט ענדערען, ניט מעהר אויסמעקען דעם דאַזיגען פלעק. איך האָב די אויגען צוגעדריקט אויף אַ פּאָר סעקונדען, נור אַ פּאָר סעקונדען האָב איך צו אַן אַנדער מאַן געהערט און איך בין געוואָרען אוים אַנשטענדיגע פרוי. אַ פּאָר מאָמענטען פון מיין לעבען, אַ פּאָר מאָמענטען, וועלכע מען קען ניט מעהר אָבווישען, האָבען אויף מיר געבראַכט יענעם אונגליק, וועלכער איז דער גרעסטער, דער ערגסטער פערברעכען פאַר אַ פרוי... און דאָך פיהל איך ניט קיין פערצווייפלונג! ווען עמיצער וואָלט עס מיר נאָך נעכטען געזאָגט, וואָלט איך עס בשום אופן ניט געגלויבט. איך וואָלט גלייך געטראַכט פון די מורא'דיגסטע געוויסענסביסע, וואָס וואָלטען מיר היינט מיין האַרץ צוריסען. און היינט, ווען עס איז געשעהן, לייד איך ניט און מיין געוויסען איז כמעט גאָר רוהיג."

גראַף גיללעראַי איז באַלד נאָכ'ן עסען אוועקגעגאַנגען, ווי כמעט יעדען טאָג.

דאַן האָט זי גענומען איהר קליין מיידעלע צו זיך אויפ'ן שוים און זי געקושט מיט טרעהרען אין די אויגען.

יענע נאַכט האָט זי ניט געקענט שלאָפען.

אין דער דונקעלהייט פון איהר צימער איז די געבאָהר גע־וואַקסען און דעם מאַהלער'ס האַלטונג אַנטקעגען איהר האָט איהר געשראָקען. זי האָט גענומען ציטערען פאַר דער באַגעגעניש מיט איהם אויפ'ן צווייטען טאָג און איבערהויפּט פאַר דעם, וואָס זי וועט איהם געצוואונגען זיין צו זאָגען אויג אויף אויג.

זי איז אויפגעשטאַנען פריה און דעם גאַנצען פריהמאָרגען גע־בליבען זיצען אויפ'ן זאָפע. זי האָט זיך בעמיהט אַרומצוטראַכ־טען, וואָס איהר שטעהט פאָר, וואָס זי האָט צו ענטפערן, פריהער זיך אַליין אַלעם קלאָר מאַכען אום צו זיין אויף אַלעם געפאַסט.

זי איז פריה אַוועק פון דער היים, אום נאָך אויפ׳ן וועג גוט נאָכצודענקען.

ער האָט זי ניט ערוואַרט און פון נעכטען אָן האָט ער זיך גע־שטעלט די פראַגע, וואָס ער זאָל טהאָן, ווען ער זאָל זי ערגעץ וואו באַגעגענען.

נאָכדעם ווי זי איז פון איהם אַנטלאָפען, איז ער געבליבען אַליין און הגם זי איז שוין לאַנג געווען אַוועק, האָט איהם נאָך אַלץ געקלונגען אין די אויערען דער קלאַנג פון איהרע טריט, דאָס רוישען פון איהר קלייד, דער קלאַפּ פון דער טיר, וועלכע אַ פער־צווייפעלטע האַנד האָט אַ שליידער געטהאָן הינטער זיך.

ער איז געבליבען שטעהן, פול פרייד, פול גליק, פול בעפריע־דיגונג. ער האָט זי באַזעסען. זי איז געווען זיינע. איז דאָס מעגליך? נאָך דער איבערראַשונג פונ׳ם זיעג האָט ער ערשט יעצט גענומען פאַרשטעהן און הנאה האָבען פון זיין טריאומף און ער האָט זיך כמעט אויסגעצויגען אויף דער זאָפע, אויף דעם פּלאַץ, וואו ער האָט זי באַהערשט.

אַ לאַנגע צייט איז ער אַזוי געבליבען אויף איין אָרט, נאָך אַלץ פערנומען מיט דעם געדאַנק, אַז זי איז געווען זיין געליעבטע, אַז צווישען איהם און דיעזער פרוי, וועלכע ער האָט אַזוי שטאַרק באַגעהרט האָט זיך אין אַ פּאָר מינוטען פערקניפּט יענער זעלטע־נער בונד, וואָס פעראייניגט צוויי מענשען.

אין זיינע נאָך ציטערענדע נערוועס האָט אָבגעהילכט דער גע־פיהל פון יענעם קורצען אויגענבליק, ווען זייערע ליפּען האָבען זיך באַגעגענט, יענעם אויגענבליק, ווען זייערע קערפּער און זייערע נשמות האָבען זיך צוזאַמענגעגאָסען און זיי האָבען ביידע אויפ־געשווידערט פון מעכטיגע ליידענשאַפט...

אין יענעם אָבענד איז ער ניט אַרויס פון הויז און נאָך גאַנץ פול מיט זיין גליק, האָט ער זיך פריה געלייגט שלאָפען.

אַזוי שנעל ווי ער איז אויף מאָרגען אויפגעשטאַנען, האָט ער זיך געפרעגט, וואָס ער זאָל טהאָן. אַ קאָקעטקע אָדער אַן אַקטריי־

סע וואָלט ער נאָך אַזאַ פּאַסירונג געשיקט בלומען אָדער גאָר עפּעס אַ שטיק ציערונג, איהר אָבער האָט ער ניט געוואוסט ווי צו בעהאַנדלען, און דאָס האָט איהם געמאַטערט. ער מוז צו איהר שרייבען. אָבער וואָס שרייבט מען? ער האָט אָנגעוואָרפען עט־ליכע שורות, זיי אויסגעבעסערט, דערנאָך צוריסען, אָנגעהויבען איבעראַניים אַמאָל צוואַנציג, אָבער אַלע בריעף האָבען איהם אויס־געקוקט בעליידיגענד, אונמעגליך, קאָמיש.

אין צאַרטע, איבערצייגענדע ווערטער, האָט ער געוואָלט אויס־דריקען די טיעפע דאַנקבאַרקייט פון זיין נשמה, זיין וואַהנזיניגע ליעבע, זיין איבערגעבענהייט ביז צום טויט. אָבער אַנשטאַט די פלאַמענדיגע ווערטער פון ליידענשאַפט, האָט ער נור געפונען פראַ־זען, אויסגעדראָשענע, נאַרישע, פּוסטע רייד. ער האָט אויפגעגע־געבען דעם געדאַנק איהר צו שרייבען און זיך בעשלאָסען איהר צו בעזוכען, אַזוי שנעל ווי די שטונדע פון דער זיצונג וועט אַרי־בער, דען ער איז געווען זיכער, אַז זי וועט ניט קומען.

ער האָט זיך איינגעשלאָסען אין אַטעליער, גע'חלום'ט מיט אָפענע אויגען פאַר דעם בילד און עס האָט זיך איהם שטאַרק געוואָלט צודריקען זיינע ליפען צום לייוועגט, אויף וועלכער אַ טהייל פון דער געליעבטער פרוי איז געבליעבען. פון צייט צו צייט האָט ער דורך דאָס אָפענע פענסטער אויף דער גאַס אַרויס־געקוקט. יעדעם קלייד, וואָס ער האָט פון ווייטען דערזעהן, האָט זיין האַרץ געמאַכט קלאַפּען. אַמאָל צוואַנציג האָט זיך איהם גע־דאַכט, אַז ער דערקענט זי, און ווען די פרוי איז דאַן פאַרבייגע־גאַנגען און ער האָט זיין טעות איינגעזעהן, איז ער געבליבען זיצען מיעד און צובראָכען, ווי נאָך אַ גרויסער ענטטוישונג.

פּלוצים האָט ער זי דערזעהן. דעם מאָל האָט ער זיך אַליין ניט געגלויבט. ער האָט גענומען זיין אָפּערן גלאָז און זיך איינ־געגעסען אין איהר מיט די אויגען. דאָס איז געווען זי, ער האָט זי דערקענט. שטאַרק בעוועגט, האָט ער זיך אַרונטערגעלאָזען אויף אַ שטול און גענומען אויף איהר וואַרטען.

אַזוי שנעל ווי זי איז אין צימער אַריין, האָט ער זיך אַ וואָרף געטהאָן אויף די קניע און געוואָלט אָננעהמען איהר האַנד. זי האָט זי שנעל אַ ציה געטהאָן צוריק און אַזוי ווי ער איז געבליבען ליגען צו איהרע פיס, פול אַנגסט, מיט זיינע בליקען אויף איהר געריכטעט, האָט זי געזאָגט שטאָלץ.

— וואָס טהוט איהר? איך פאַרשטעה ניט. וואָס זאָל דאָס בעדייטען?

ער האָט געשטאַמעלט:

— גרעפין, איך בעט אייך!

זי האָט איהם האַרט איבערגעשלאָגען די רייד:

— שטעהט אויף, איהר מאַכט זיך לעכערליך!

אַ צושראָקענער האָט ער זיך אויפגעהויבען און געמור־מעלט:

— וואָס טהוט איהר מיט מיר? בעהאַנדעלט מיך ניט אַזוי האַרט, איך ליעב אייך דאָך.

דאַן האָט זי איהם מיט אַ פּאָר קורצע, טרוקענע ווערטער צו פערשטעהן געגעבען, ווי זי פערלאַנגט ער זאָל זיך מיט איהר האַל־טען אין דער צוקונפט:

— איך וויים ניט, וואָס איהר ווילט אייגענטליך. רעדט צו מיר קיין מאָל ניט מעהר פון אייער ליעבע, אַז ניט פערלאָז איך דעם אַטעליער און קום קיין מאָל נישט צוריק. דאָס איז די איינ־ציגע בעדינגונג אונטער וועלכער איך בלייב דאָ, און טאָמער וועט איהר די דאָזיגע בעדינגונג כאָטש נור איין מאָל ניט האַלטען, דאַן זעהט איהר מיך מעהר קיינמאָל אין אייערע אויגען ניט אָן.

צושראָקען פון דער האַרטקייט מיט וועלכער זי האָט מיט איהם גערעדט און אויף וועלכער ער האָט זיך גאָר ניט געריכט, האָט ער זי אָנגעקוקט צומישט. דאַן האָט ער אַלעס פערשטאַנען און אויסגעפּליסטערט:

— איך וועל ערפילען אייער פערלאַנג, גרעפין.

זי האָט געענטפערט:

— גוט, איך האָב עס פון אייך ערוואַרטעט. און יעצט צו דער ארבייט. איהר מאַהלט שוין אַביסעל צו לאַנג מײַן בילד.

ער האָט גענומען זיין פּענזעל און אָנגעהויבען מאָהלען, אָבער זיין האנד האָט געציטערט און זיין אונרוהיגער בליק האָט גאָרנישט געזעהן. ער האָט געפיהלט אז אָט־אָט צואווײנט ער זיך, אזוי אונגליקליך האָט ער זיך געפיהלט.

ער האָט פּרובירט מיט איהר צו ריידען. זי אבער האָט גע־ענטפערט איין וואָרט אויף צעהן. ווען ער האָט איהר געוואָלט מאכען אַ קאָמפּלימענט איבער איהר פרישער געזיכטס פארב, האָט זי איהם אזוי שארף אונטערבראָכען, אז אויף איהם איז אָנגעפאלען יענער כעס פון פאַרליעבטע, וואס פערוואנדעלט די ליעבע אין אַ טיעפען האַס. אַ נערוועזער צוקען איז איהם איבער דער נשמה און איבער'ן גאַנצען לייב אריבער און איהם האָט זיך פּלוצים גע־דאכט, אז ער האָט זי גענומען האסען. יאָ, זי איז אַן עכטע פרוי! ניט אַ האָר אנדערש ווי אלע איבעריגע. זי איז פאַלש, אונבע־שטענדיג, שוואַך, פּונקט ווי זיי אַלע. יאָ, יאָ, זי אויך. פריהער האָט זי איהם צו זיך געצויגען, מיט די קונסט־שטיק פון אַ שטראַ־סען פרוי איהם זיין בלוט אָנגעצונדען, געזוכט איהם משוגע צו מאַכען, נור מיט דעם צוועק זיך מיט איהם צו רייצען, איהם צו ענטזאַגען, אויף זיין ברענענדיגען בעגעהר ניין צו ענטפערען. אַלע מיטלען פון קאָקעטעריי האָט זי אַנטקעגען איהם אָנגעווענדעט, האָט זיך פאַר קיין זאַך ניט אָבגעשטעלט, ביז זי האָט דעם מאַן ווילד געמאַכט, ווילד פאַר הייסען באַגעהר, פאַר משוגענער ליי־דענשאַפט.

אָבער מיט אַלע איהרע שמד'שטיק איז זי פאַרט אריינגע־פאַלען, ער האָט זי בעזעסען. זי האָט געקענט וואַשען איהר לייב אַזויפיעל ווי זי האָט געוואָלט, האָט געמעגט איהם ענטפערען פרעך און אונפערשעהמט, אָבער וואָס צווישען זיי איז געשעהן, האָט זי ניט געקענט מעהר אָבוואַשען און ער וועט עס קיין מאָל ניט פער־געסען. עס וואָלט געוועזען צו נאַריש זיך צו קימערען וועגען אַ

געליעבטע, וועלכע וואָלט צושטערט זיין קינסטלער־לעבען מיט די קליינע צייהנדלאך פון א קאפריזנער וועלט דאמע.

עס האָט זיך איהם געוואָלט נעהמען פייפען, ווי אין דער נעגענוואַרט פון זיינע מאָדעל־מיידלאך, אָבער ער האָט געפיהלט ווי זיין נערוועזיטעט וואַקסט און וואַקסט און מורא האָבענדיג ער זאָל ניט באגעהן עפּעס א נאַרישקייט, האָט ער פארקירצט די זיצונג אונטער אן אויסרייד, אז ער האָט זיך מיט אימעצען צו טרעפען. ווען זיי האָבען זיך ביים אָוועקגעהן געזעגענט, האָבען זיי ביידע געפיהלט, אז זיי שטעהען ווייטער איינער פון צווייטען, ווי אין יענעם טאָג, ווען זיי האָבען זיך צום ערשטען מאָל ביי דער הערצאָגין דע מארטעמאין געטראָפען.

אזוי שנעל ווי זי איז אוועק האָט ער גענומען דעם הוט און דעם ראָק און איז אוועק שפּאַציערען. די זון האָט קאַלט אראָב־געקוקט פון בלויען, נעבעלדיגען הימעל און געוואָרפען אויף דער שטאָדט איהר בלייכען, פאַלשען, טרוימערישען שיין.

נאָכדעם ווי ער איז א צייט לאַנג אזוי ארומגעגאַנגען מיט האַסטיגע, נערוועזע טריט, שטויסענדיג און שטורכענדיג די פער־בייגעהער, וועלכע האָבען איהם דעם וועג ניט אָבגעטראָטען, האָט זיך זיין כעס צו איהר איינגעשטילט און איז פערביטען געוואָרען אין א געפיהל פון פערצווייפלונג און בעדויערען. קוקענדיג אויף די פרויען, וועלכע זיינען פאַר איהם פאַרבייגעגאַנגען, האָט ער זיך דערמאָנט ווי שעהן, ווי פערפיהרעריש יענע איז. ווי פיעלע אַנ־דערע, וואָס ווילען זיך אין דעם ניט מודה זיין, האָט ער אימער גע־וואַרט אויף יענער זעלטענער באַגעגעניש, אויף יענער אמת'ער, אידעאַלער ליידענשאַפטליכער ליעבע, נאָך וועלכער מיר אַלע בענ־קען, אויף וועלכער מיר אַלע האָפען אין דער טיעפעניש פון אונ־זער הארצען. האָט ער די דאָזיגע הייס־געווינשטע ליעבע געהאַט געפונען? האָט זי איהם ניט פערשאַפט יענעם כמעט אונמעגלי־כען גליק? וואָרום ווערט ניט אַלעס פערווירקליכט, וואָרום ער־רייכען מיר נישט דאָס, נאָך וואָס מיר יאָגען זיך נאָך? וואָרום

קריגען מיר אימער נור שטיקלאַך און ברעקלאַך פון דעם, נאָך וואָס מיר שטרעבן, פאַר וואָס מיר קעמפּפן?

איצט איז ער שוין ניט געווען מעהר אין כעס אויף דער יונגער פרוי נור אויף דעם לעבען אליין. ווען ער האָט אלעס גוט ארומגעטראכט, איז ער געקומען צום שלום, אז ער האָט אויף איהר ניט פאַר וואָס אין כעס צו זיין. אז ער האָט איהר גאָר נישט וואָס אויפצוואווארפען. פאַרקעהרט, זי איז געווען צו איהם גוט, ליעב און הארציג — ווערענד ער איז זיך מיט איהר בעגאַנגען ווי אַ פרעכער יונג.

זעהר טרויעריג האָט ער זיך אהיים אומגעקעהרט. ער האָט געוואָלט איהר בעטען אום פערצייהונג, זיך פאַר איהר אָפּפערן, אלעס אין דער וועלט פאַר איהר טהאָן, אבי זי זאָל פערגעסען. און ער האָט געטראכט וואָס אזוינס ער קען טהאָן, אום איהר צו געבען צו פערשטעהן, אז טראָץ אלעס איז ער בערייט צו בלייבען איהר שקלאַף ביז צום טויט.

אויפ'ן צווייטען טאָג איז זי געקומען מיט איהר טאָכטער. זי איז געווען אזוי אומעדיג, מיט אזא טרויעריגען שמייכעל אויף די ליפּען, אז דעם מאהלער האָט זיך געדאכט, דאָס ער לעזט אין איהרע אָרימע בלויע אויגען, וועלכע האָבען פריהער אזוי פרעה־לאַך געלאכט, איהר גרויסען ווערטאָג, אלע געוויסענסביסע, די גאַנצע פערצווייפלונג פון אַ געפּייניגטער פרויען הארץ. ער איז געווען בעוועגט פון מיטלייד צו איהר און אום זי זאָל פערגעסען האָט ער זיך געהאלטען מיט איהר איינפאַך, רוהיג און צוריקגעצויגען. זי, פאַרקעהרט, איז געווען ווייך, גוט, מיעד און גע־בראָכען, ווי אַ פרוי וואָס ליידעט.

און ווען ער האָט געקוקט אויף איהר מיט אַ משוגענער בייג־קעניש אין הארצען, מיט אַ ביינקעניש נאָך איהר ליעבע, נאָך איהרע קושען, האָט ער זיך געשטעלט די פראַגע: ווי קומט עס, וואָס זי איז ניט מעהר בייז אויף איהם, ווי איז דאָס מעגליך, אז זי זאָל ווידער קומען צו איהם, זאָל איהם אויסהערען, איהם ענט־

פערן, נאָך יענעם מאָמענט פון וועלכען די עראַינערונג שטעהט צווישען זייביידע.

ווען זי קען איהם ווידער זעהן, זיין שטימע הערען, זיין גע־געגנוואַרט פאַרטראָגען, דאַן מוז דער געדאַנק אָן יענעם מאָמענט זי ניט אַזוי שטאַרק פּלאָגען. ווען די פּרוי האַסט דעם מאַן דורך וועלכען זי איז געפאַלען, קען זי איהם מעהר ניט אָנקוקען אָהן דעם, אַז דער האַס זאָל אין איהר ווידער ערוואַכען. גלייכגילטיג קען זי בשום אופן ניט בלייבען צו יענעם מאַן. זי מוז איהם האַ־סען אָדער פערצייהען, און ווען זי פערצייהט איז די ליעבע שוין ניט ווייט.

וועהרענד ער האָט לאַנגזאַם דאָס בילד געמאָלט, האָט ער אַלעם ארומגעטראַכט און דאָס איז איהם אַלעס קלאָהר געוואָרען. איצט האָט ער ווידער געהאַט דעם קאָפּ אויף זיינע פּלייצעס, דען ער איז געוועזען דער שטאַרקערער. ער האָט נור געמוזט זיין פאָר־זיכטיג, געדולדיג, איבערגעבען צו איהר און פריהער אָדער שפּע־טער וועט זי ווידער זיין זיינע.

ער האָט זיך בעשלאָסען צו וואַרטען. אום זי צו בערוהיגען און זי ווידער צו געווינען, האָט ער פון זיין זייט אויך גענומען מיט איהר שפּיעלען, האָט איהר אַרויסגעוויזען זיין צערטליכקייט אונטער געמאַכטע געוויסענסביסע, איז געוועזען צו איהר אויפמערק־זאַם אונטער געמאַכטער גלייכגילטיגקייט. ער איז געוועזען רוהיג, זיכער אַז ער וועט זיעגען. וואָס מאַכט עס אויס, וואָס דער זיעג וועט קומען אַביסעל פריהער אָדער אַביסעל שפּעטער. די ערוואַר־טונג האָט איהם זאָגאַר פערשאַפט געוויסע פרייד און יעדעס מאָל, ווען עב האָט זי געזעהן קומענדיג אין דער בעגלייטונג פון איהר קינד, האָט ער שטאָלץ אַ טראַכט געטהאָן: „זי האָט מורא!"

ער האָט געפיהלט ווי ביסלעכווייז דערנעהטערען זיי זיך ווי־דער איינער צום צווייטען, ווי אין די אויגען פון דער גרעפין לייגט זיך אוועק עפּעס אַ מין שמערצליכער און זיסער אויסדרוק, יענער רוף פון אַ קעמפּפענדער נשמה, פון אַ שוואַך ווערענדיגען

ווילען, וועלכער שיינט ווי צו זאָגען: „איך קען מעהר נישט קעמפ־פען, דו האָסט מיך בעזיעגט!"

אין א געוויסער צייט ארום איז זי ווידער געקומען אליין, בע־רוהיגט דורך זיין צוריקהאלטונג. דאן האָט ער זי בעהאנדעלט ווי א פריינדין, ווי א חבר'טע, איהר דערצעהלט פון זיין לעבען, זיינע צוקונפטס פלענער, זיין קונסט, ווי ער וואָלט גערעדט צו א ברודער.

גערירהרט פון זיין איבערגעבענהייט, האָט זי מיט פערגניגען איבערגענומען די ראָלע פון א ראטגעבער, געשמייכעלט, וואָס ער האָט זי אויסגעקליבען צווישען אלע פרויען און איבערצייגט, אז זיין טאלענט וועט געווינען פון זייער גייסטיגער פריינדשאפט.

אָבער ביי די דאָזיגע גייסטיגע אונטערהאלטונגען איז זי פון א ראטגעבערין שנעל אויסגעוואקסען אין א געטין, וועלכע האָט איהם נייע אידעען אריינגעגעבען. איהר איינפלוס אויף דעם בעריהמטען מאהלער האָט איהר פערשאפט גרויס פערגעניגען און מיט דער צייט האָט זי זיך צוגעוואָהנט צום געדאנק, אז ער ליעבט זי אלס קינסטלער, ווען זי בעגייסטערט צו שאפען גרויסע ווערק.

איין מאָל אן אבענד, נאָך א לאנגען געשפרעך איבער די געליעבטע פון בעריהמטע מאהלער, איז זי געפאלען אין זיינע אָרימס. דיעזעס מאָל איז זי שוין מעהר נישט אנטלאָפען, זי איז דאָרט געבליבען רוהען און איהם אלע זיינע קושען געגעבען צו־ריק.

דאָס מאָל האָט זי שוין גאָר קיין געוויסענסביסע ניט געהאט, נור עפּעס אן אונבעשטימטען געפיהל פון איהר נידערלאגע און אום זיך אין גאנצען צו בערוהיגען, האָט זי גענומען גלויבען, אז זיי זיינען א באשערטע פאָר.

צוגעצויגען צו איהם דורך איהר הארץ, וואס איז געווען ניט בעריהרט, דורך איהר נשמה, וואס איז געווען לעער, האָט זי זיך

ביסלעכווייז צוגעבונדען צו איהם מיט לייב און זעעל, ווי עס טהוען מאנכע שוואַכע פרויען, וואס ליעבען צום ערשטען מאָל.

פאר איהם אָבער איז דאָס געווען א ווילדער, ליידענשאפט־ליכער און פּאָעטישער ליעבעסרויש.

ער האָט איהר בילד געענדיגט, דאָס בעסטע בילד, וואס ער האָט ווען עס איז געמאָהלען, דען עס האָט זיך איהם איינגעגעבען יענעם אונאויסדרוקבארע, יענעם אָבגלאַנץ פונ'ם מענשען'ס איך, דעם שפּיעגעל בילד פון דער נשמה, וואס ליעגט אויף א מענשלי־כען פּנים, צו זעהן און פעסט צו האַלטען.

דאַן זיינען אוועק מאָנאַטען און יאָהרען, אָבער די פערהעלט־ניסע צווישען דער גרעפין גיללעראי און דעם מאהלער אָליוויער בערטין זיינען געבליבען ווי געווען.

דער ליעבעסרויש פון דער ערשטער צייט איז אפילו ביי איהם אוועק, אָבער ער האָט זי נאָך אַלץ געליעבט מיט א רוהיגען, טיע־פען געפיהל, מיט א מין פריינדשאפטליכער ליעבע, וועלכע איז ביי איהם געווארען די צווייטע נאַטור.

ביי איהר, פארקעהרט, איז אימער געוואקסען די ליידענ־שאפט, די הייסע ליעבע פון א פרוי, וואָס גיט זיך אין גאַנצען און אויף אימער איבער צו א מאַן. זי איז געווען איינע פון יענע פרויען, וועלכע קיין זאַך אין דער וועלט קען ניט אוועקרייסען פון זייער ליעבע, זיי בלייבען אנשטענדיג, טריי און איבערגעבען צו זייער געליעבטען, פּונקט ווי זיי וואָלטען מיט איהם געווען פער־הייראַט. ניט נור ליעבען זיי דעם געליעבטען נור זיי ווילען איהם ליעבען. זיי זעהען נור איהם אליין און זייער הארץ האָט פּלאַץ נור פאר איהם אליין, אזוי אז קיין פרעמדער קען אהין ניט צו־קומען. זיי האָבען מיט זייער אייגענעם ווילען אויף זיך קייטען אָנגעטהאָן, ווי איינער וואָס קען גוט שווימען, בינדט זיך צו די הענד, ווען ער ווארפט זיך פון בריק אין וואסער ארונטער אום צו שטאַרבען.

אָבער פון דעם מאָמענט אָן, וואס די גרעפין האָט זיך אזוי

צו איהם איבערגעגעבען, איז אויף איהר אַנגעפאלען א מורא פאר אַליוויער בערטינ׳ס בעשטענדיגקייט און אייביגע צווייפעל האָבען איהר דאָס הארץ געגריזשעט. קיין זאך האָט איהם נישט צוגעבונדען צו איהר אויסער זיין ווילען, זיין לוינע, זיין פאַר־ביינעהענדיגער געפיהל פאר א פרוי, וועלכע ער האָט אמאָל גע־ליעבט, ווי ער האָט שוין פיעלע אַנדערע געליעבט פאר איהר. זי האָט געפיהלט, אז ער איז פריי, לייכט צו פערפיהרען. ער האָט ניט קיין פליכטען, קיין בעשטימטע געוואָהנהיי־טען, קיין צווייפעל און קיין געוויסענסביסע — ווי אַלע מענער. ער איז געווען א שעהנער מאַן, בעריהמט, א געווינשטער גאַסט אין די בעסטע הייזער פון פאריז. זיין שנעל־ערוואכטען וואונש זיינען בערייט געווען צו ערפילען אַלע אריסטאָקראטישע דאמען, וועמעס טוגענד איז אזוי לייכט צו ברעכען, און די געוועהנליכע־רע פרויען און די אקטריסען זיינען נאָך שטאָלץ געווען אויף זייערע בעציהונגען מיט אַזאַ מאַן, ווי ער. אין איין שעהנעם אויף דער נאכט, נאָך א סאפּער, קען איינע פון זיי מיט איהם מיטגעהן, איהם געפעלען, איהם געווינען און איהם צונעהמען.

און אזוי האָט זי געלעבט אין שטענדיגער מורא איהם צו פערלירען, זי האָט נאָכגעשפּיאָנירט זיין האלטונג, זיינע בעווע־גונגען. ביי דעם קלענסטען וואָרט איז זי געווארען א פארציטער־טע, האָט זיך געטרייסעלט, ווען ער האָט אַן אנדער פרוי בעוואונ־דערט, ווען ער האָט אויסגעדריקט א מיינונג, אז א געוויסער פּנים איז שען אדער א פיגור גראציעז.

אַלעס וואס זי האָט פון זיין לעבען ניט געוואוסט, האָט זי געמאכט ציטערען און וואס זי האָט יאָ געוואוסט האָט אויף איהר אַ שרעק ארויפגעווארפען.

יעדעס מאָל, וואס זי האָט איהם געזעהן, האָט זי מיט גרויס פאָרזיכט, אזוי אַז ער זאָל דאָס ניט בעמערקען, איהם אויסגע־פאָרשט, ארויסגעקריגען ביי איהם זיין מיינונג איבער די מענשען און די הייזער, וואו ער איז געווען, מיט וועמען ער האָט פער־

בראַכט, די קלענסטע איינדריקע, וואָס ער האָט געהאַט. און טאָמער האָט זי ענטדעקט, אַז עמיצער האָט אויף איהם אַן איינפלוס געקריגען, האָט זי עס בעקעמפפט מיט וואונדערבאַרער געשיקטקייט און מיטלען אָהן צאָהל.

אָפט האָט זי זיך אָנגעשטויסען אויף זיינע קורצע אינטריגעס, וועלכע האָבען ניט אָנגעהאַלטען מעהר ווי אַ וואָך אָדער פיערצעהן טעג, יענע קורצע ליעבעס פּאַסירונגען, וועלכע טרעפען זיך אַזוי אָפט מיט בעריהמטע קינסטלער.

זי האָט געהאַט עפּעס אַ מין פאָרגעפיהל פאַר דער געפאַהר, און האָט געוואוסט פון איהר נאָך אַ סך פריהער איידער אַליוויער מיט זיינע, פון אַ נייעם געפיהל בליסטשענדיגע, אויגען און אויפגערעגטע שטריכען, האָט איהר אויף דעם אויפמערקזאַם געמאַכט.

דאַן האָט זי אָנגעהויבען צו ליידען. זי האָט פערלאָרען דעם שלאָף און די קוואַלען פון צווייפעל האָבען איהר אפילו אין איהרע טרוימען פערפאָלגט. אום איהם צו איבעררמאַשען, פלעגט זי פּלוצים אַריינפאַלען צו איהם, נעהמען איהם שטעלען כלומר'שט גלייכגילטיגע פראַגען, פאָרשען וואָס ער טראַכט און אונטערזוכען זיין האַרץ, ווי מען פרעגט אויס און טאַפּט אַרום אַ קראַנקען אום זיינע פערבאָרגענע ליידען אויסצוגעפינען.

און ווען זי איז געווען אַליין, האָט זי געוויינט, דען זי איז געווען זיכער, אַז דאָס מאָל וועט מען איהם ביי איהר אַוועקרויבען, מען וועט צו גנב'ענען די ליעבע, אין וועלכער זי איז געהאַנגען מיט איהר גאַנצען ווילען, מיט דער גאַנצער קראַפט פון איהר ליידענשאַפט, מיט אַלע איהרע האָפנונגען און חלומות.

און ווען ער האָט נאָך די דאָזיגע קורצע, לינקע ראָמאַנען זיך צו איהר צוריקגעקעהרט און זי האָט איהם ווידער אונטער איהרע פליגעל גענומען, האָט זי געפיהלט, ווי עטוואָס פערלאָרענעס וואָלט זיך צו איהר ווידער אומגעקעהרט און איהר שטומער, טיעפער גליק איז געווען אַזוי גרויס, אַז ווען זי איז פאַר אַ קירכע פער-

ביינגעגאַנגען, האָט עס איהר אינעווייניג אַריינגעטריבען אום דער־פאַר גאָט אויף די קניע צו דאַנקען.

דער געדאַנק איהם אימער צו געפעלען, מעהר ווי אַלע אַנדע־רע, האָט איהר געפיהרט דערצו, אַז איהר לעבען איז געוואָרען אַ שטענדיגער קאַמפף פון קאָקעטעריי. זי האָט פאַר איהם אָהן אויפהער געקעמפּפט מיט איהר שלאַנקער פיגור, איהר שעהנהייט, איהר עלעגאַנץ. זי האָט געוואָלט, אַז איבעראַל וואו ער וועט נור הערען פון איהר רעדען, זאָל מען ריהמען איהר געשמאַק, איהר חן, איהר גייסט, איהרע טואַלעטען. צוליעב איהם האָט זי געוואָלט אַנדערע מענער געפעלען, זיי אין זיך פערליעבען, אום איהם שטאָלץ און אייפערזיכטיג אויף זיך צו מאַכען. און יעדעס מאָל, ווען זי האָט געפיהלט, אַז זי האָט זיין אייפערזוכט ערוועקט, האָט זי איהם געלאָזט זיך אַביסעל מאַטערן, און דאַן איהם כלומר'שט ווי־דער געלאָזט זיך בעזיעגען. אויף אַזאַ אופן איז זיין ליעבע אי־מער בעניית און אָבגעפרישט געוואָרען און זיין איינגעגליעבע גע־שמייכעלט און בעפרידיגט.

דאַן האָט זי זיך געכאַפּט, אַז אַ מאַן קען אימער טרעפען אַ פרוי אין דער געזעלשאַפט, וועמעס פיזישע שעהנקייט זאָל איהם בעצויבערען מיט דער נייקייט. און זי האָט זיך געלאָזט אויף אַנדערע מיטעל. זי האָט איהם געשמייכעלט און פערצערטעלט.

זי האָט איהם איינגעהילט אין אַ נעבעל פון לויבגעזאַנג, פאַרוויגט איהם מיט איהר פערעהרונג, געזאָגט איהם טויזענד אַנגענעהמע קליינינגקייטען אום אַז די פריינדשאַפט און צערט־ליכקייט פון אַנדערע פרויען זאָלען איהם אויסוויזען קאַלט און בלאַס אַנטקעגען איהרער. און ווען אפילו אַנדערע וועלען איהם לויבען זאָל ער דאָך מוזען איינזעהן, אַז קיינע פון זיי פאַרשטעהט איהם ניט אַזוי גוט ווי זי.

פון איהר הויז, פון איהרע ביידע סאַלאָנען, האָט זי געמאַכט אַן אָרט, וואו זיין קינסטלער שטאָלץ און זיין מענליכע האַרץ זאָל אַם בעסטען בעפרידיגט ווערען. דער איינציגער אָרט אין גאַנץ

פּאַריז, וואו ער איז אַם ליעבסטען געקומען, ווייל דאָרט האָט מען אַלע זיינע שוואַכקייטען נאָכגעגעבען און געצערטעלט.

ניט נור איז איהר געלונגען אין יעדער קלייניגקייט זיין גע־שמאַק אויסצוגעפינען, אום ער זאָל זיך ביי איהר פיהלען בעסער ווי אומעדום, נור זי האָט ביי איהם אימער געוועקט און ענטוויקעלט נייע פערלאַנגען, וואס נור זי האָט געקענט ערפילען. ביי זיך אין הויז האָט זי פאַר איהם געשאַפען אַלערליי פערגניגענס אי פאַר'ן קערפּער אי פאַר'ן גייסט און אַזוי האָט זי איהם צוגעוואָהנט צו זיך מיט איהרע צערטליכקייטען, מיט די אויפמערקזאַמקייטען און שמייכלערייען. זי האָט זיך בעמיהט זיין אויג דורך עלעגאַנץ צו פאַנגען, זיין גערוך־זין מיט פּאַרפיום, זיין אויער מיט קאָמפּלי־מענטען און פערעהרונג, זיין מויל מיט גוטע שפּייזען.

אָבער ערשט נאָכדעם, ווי זי האָט אין זיין נשמה און אין זיין פערצערטעלטען, עגאָאיסטישען קערפּער אַזוי פיעל קליינע טיראַ־נישע פערלאַנגען פאַרזייט און זי איז ביי זיך זיכער געוואָרען, אַז קיין אַנדער געליעבטע וועט זיך מיט איהם ניט אַזוי פיעל אָבגע־בען, איז אויף איהר פּלוצים אָנגעפאַלען אַ מורא'דיגע אַנגסט, וואָ־רים זי האָט באַמערקט, אַז זיין אייגען הויז איז איהם געוואָרען ענג און ער האָט זיך ניט אויפגעהערט צו בעקלאָגען אויף זיין איינ־זאַמקייט. אַזוי ווי ער האָט געמוזט זיין פּאָרזיכטיג און ניט גע־קענט אימער צו איהר קומען, האָט ער גענומען אָפּט געהן אין קלוב און אין פערשיעדענע אַנדערע פּלעצער אום דאָרט זיין איינ־זאַמקייט צו פערגעסען, דאָס האָט אויף איהר אַרויפגעיאָגט אַ מורא, אַז איהם זאָל ניט איינפאַלען צו הייראַטהען.

מאַנכעס מאָל האָט זי אַזוי שטאַרק געליטען פון דעם דאָזי־גען געדאַנק, אַז זי האָט פּשוט געביינקט נאָך דער עלטער, אום עס זאָל נעהמען אַ סוף צו איהר אַנגסט און זי זאָל אין אַ קיה־לערער, שטילער צוגעבונדענקייט רוה געפינען.

אָבער די יאָהרען זיינען אוועק און זיי האָבען זיך ניט גע־שיידט. די קייט, וואס זי האָט אויסגעשמידט, איז געווען פעסט,

און ווען אפילו איינציגע רינגלאַך האָבען זיך אויסגענוצט, האָט זי געמאַכט נייע. אָבער אימער איז זי געווען אויפמערקזאם און בעוואכט זיין הארץ, ווי מען גיט אכטונג אויף א קינד, וואס געהט אין א גאס פול מיט וואָגענס און פערד.

דער גראף האָט ניט געהאט קיין שום פערדאכט און ניט קיין אייפערזוכט. די פריינדשאפט פון זיין פרוי מיט דעם בעריהמטען מאהלער וועמען מען האָט אומעדום אויפגענומען מיט גרויס אויפמערקזאמקייט, איז איהם פאָרגעקומען זעהר נאַטירליך. אוןביידע מענער האָבען זיך מיט דער צייט אזוי צוגעוואָהנט איינער צום אנדערען, אז זיי האָבען זיך כמעט ליעב געקראָגען.

## II

ווען בערטין איז פרייטאָג ביינאַכט געקומען צו זיין פריינ־דין, וואו ער איז איינגעלאדען געווען צו פייערען אננעלע׳ס קו־מען אהיים, האָט ער אין קליינעם סאַלאָן אין דעם סטיל פון לוד־וויג דעם פופצעהנטען געפונען נור איין גאַסט: הערר דע מוסאַ־דיע.

ער איז געווען אַ קלוגער, אַלטער מאַן און וואָלט אפשר גע־קענט ווערען אַ בעדייטענדער מענש, אָבער ער איז עס נישט גע־ווארען און ביז׳ן היינטיגען טאָג האָט ער זיך צוליעב דעם ניט גע־קענט טרייסטען.

פריהער איז ער געווען קאָמיסיאָנער פון די קייזערליכע מו־זעען און עס איז איהם געלונגען צו דערגרייכען די אינספעקטאָר שטעלע איבער די שעהנע קינסטע אונטער דער רעפובליק. דאָס האָט איהם אָבער ניט געשטערט צו זיין דער פריינד פון אַלע פרינ־צען און פרינצעסינס, פון הערצאָגען און הערצאָגינען, פון די איי־ראָפּעאישע פירשטליכע הייזער, און דער געשוואָרענער בעשיצער פון אַלע סאָרטען קינסטלער. ער האָט געהאַט אַ לעבעדיגען גייסט, וועלכער האָט אַלעם לייכט פערשטאַנען און אַ גרויסען רעדנער טאַ־לענט, וואס האָט איהם מעגליך געמאכט די געוועהנליכסטע זאכען אנגענעהם און אינטערעסאַנט צו דערצעהלען. דערצו האָט ער זיך געקענט אזוי גוט איבעראַל צופּאַסען, אַז ער האָט זיך אין אַלע קרייזען געפיהלט, ווי ביי זיך אין דער היים. ער האָט אויך גע־האַט עפּעס אַ בעזונדער דיפּלאָמאַטישען נאָז מיט וועלכען ער האָט

אויפ׳ן ערשטען בליק גלייך דערשמעקט און אָבגעמאָסטען א מענ־שען. טאָג איין, טאָג אויס, אבענד איין, אבענד אויס האָט ער געוואנדערט פון איין סאַלאָן אין א צווייטען און איבעראל אריינ־געבראַכט לעבען מיט זיין קלוגער, נוצלאָזער און שעהנער פּלוי־דעריי.

ער האָט געשיינט צו זיין זעהר פעהיג, האָט גערעדט איבער אלעם אזוי קלאָהר, אז אלע האָבען איהם געקענט פערשטעהן און די פרויען פון דער אריסטאָקראַטישער געזעלשאַפט האָבען איהם זעהר געשעצט, ווייל ער איז פאר זיי געווען א מין סאָרט לעבע־דיגער לעהר־בוך, וואָס האָט זיי אָפט פיעל נוצען פערשאַפט. און אין דער אמת׳ן האָט ער טאַקע א סך געוואוסט, הגם ער האָט אין זיין יוגענד גאַנץ ווייניג געלערנט. ער איז אָבער געווען גוט פריינד מיט אלע אקאַדעמיקער, מיט אלע געלעהרטע, אלע שריפט־שטעלער און ספּעציאַליסטען און אָפט מיט זיי פערבראַכט. זיי־ערע רייד איבער פערשיעדענע צווייגען פון קונסט און וויסענשאַפט האָט ער גאַנץ אויפמערקזאַם אויסגעהערט, די טעכנישע איינ־צעלהייטען, וועלכע האָבען פאר איהם קיין ווערט ניט געהאַט, האָט ער גלייך פערגעסען, אָבער דעם קערן האָט ער זיך גאַנץ גוט אין קאָפּ אריינגענומען און עס דאָרט בעהאַלטען.

די מאַהלער מיט וועלכע ער איז אימער געקומען אין בע־ריהרונג, האָבען איהם געזידעלט און אין דערזעלבער צייט פאַר איהם מורא געהאַט; אגב האָט ער זיי אָפט טובות געטהאָן, זיי געהאָלפען זייערע בילדער פערקויפען און זיי מיט דער אריסטאָ־קראַטישער געזעלשאַפט בעקאַנט געמאַכט. ער האָט ליעב געהאַט זיי פּאָרצושטעלען, זיי מקרב צו זיין, זיי צו געבען דעם ערשטען שטויס און אין אלגעמיין איז ער געווען פאר זיי עפּעס א מין בריק, איבער וועלכען זיי זיינען צו דער הויכער געזעלשאַפט צו־געקומען. ער איז געווען שטאַלץ מיט דער פריינדשאַפט אי פון די און אי פון יענע און עס האָט איהם פערשאַפט א בעזונדערען פערגעניגען צו עסען פריהשטיק מיט דעם פּרינץ אָף ווײלס, ווען

יענער איז אין פאריז געווען, און נאָך אין דעם זעלבען אבענד פארבריינגען מיט פאול אדעלמאנס, אָליווער בערטין און אמורי מאלדאנט.

בערטין, וועלכער האָט איהם גאנץ ליעב געהאַט און איהם געהאלטען פאר א זעהר קאָמישען מענשען, האָט וועגען איהם געזאָגט: „ער איז א מין סאָרט ענציקלאָפעדיע פון זשול ווערן געבונדען אין עזעלשער הויט."

ביידע מענער האָבען איינער דעם אנדערען די האנד געדריקט און גענומען ריידען איבער פאָליטיק, איבער די קלאנגען וועגען מלחמה. מוסאדיע האָט געגלויבט אין דער מעגליכקייט פון א מלחמה און ער האָט אָנגעגעבען זיינע גרינדע: פאר דייטשלאנד איז זעהר וויכטיג צו פערניכטען פראנקרייך און ביסמארק האָט אכטצעהן יאָהר נאָכאנאנד געוואַרט אויף דעם גינסטיגען מאָמענט, און איצט וועט ער מעהר נישט ווארטען. אָבער בערטין האָט אַנ־דערש געדענקט און ער האָט בעוויזען פונקט פארקעהרט: דייטש־לאנד וועט ניט זיין אזוי פעררוקט איינצושטעלען איהר זיעג אין א צווייפעלהאפטער מלחמה, און דער אלטער קאנצלער וועט ניט האנדלען אזוי אונפאָרזיכטיג און שטעלען אין קאָן זיין רוהם און זיין רוה.

אָבער הערר דע מוסאדיע האָט געשיינט צו וויסען זאכען פון וועלכע ער האָט ניט געוואָלט ריידען: ער האָט אין פערלויף פונ׳ם טאָג גערעדט מיט א מיניסטער און האָט זיך אויך גע־טראָפען מיט דעם גרויספירסט וולאדימיר, וועלכער האָט זיך ערשט מיט א טאָג צוריק פון קאננערס אומגעקעהרט.

דער מאהלער האָט אָבער ניט געוואָלט נאָכגעבען און גערעדט מיט איראָניע וועגען די מענשען, וואס ווייסען אימער אלעס פון דער ערשטער קוועלע. הינטער דעם גאנצען ליארם שטעהען וואהר־שיינליך בערזע ספעקולאנטען; נור איין ביסמארק וויים פי־לייכט עטוואס בעשטימטעס.

גראף גיללעראי איז אריין, ער האָט ביידע מענער די האנד

געדריקט און זיך העפליך ענטשולדיגט, וואָס ער אונטערבראָכט זייער געשפּרעך.

— און איהר, ליעבער הערר אַבגעאָרדענטער, וואָס דענקט איהר וועגען דעם ליאַרעם איבער מלחמה? — האָט געפרעגט דער מאַלער.

אויף דעם האָט גראַף גיללעראַי געהאַלטען אַ גרויסע רעדע. אַלס מיטגליעדער פון קאַבינעט האָט ער געוואוסט מעהר ווי אַלע אַנדערע, דאָך איז ער ניט געווען מיט דערזעלבער מיינונג ווי די מייסטע פון זיינע קאָלעגען. ניין, ער גלויבט ניט אין דער וואהר־שיינליכקייט פון אַ קריעג, סיידען ער וועט אַרויסגערופען ווערען פון דעם אויפגערעגטען, היים בלוטיגען פראַנצויזישען פאָלק אַליין, אָדער עס וועט אויפגעבלאָזען ווערען פון דער זאָגענאַנטער פאַט־ריאָטען ליגע.

דער דיענער האָט געמעלדעט:

— איהר דורכלויכט, די הערצאָגין דע מאַרטעמאַין!

צווישען דיביידע אָפענע טיר פליגלען האָט זיך בעוויזען אַ הויכע, דיקע פרוי, וועלכע איז שטאָלץ אין צימער אַריין. גיל־לעראַי איז איהר געגאַנגען אַנטקעגען, אַ קוש געטהאָן איהר האַנד און געפרעגט:

— ווי געהט עס אייך, הערצאָגין?

ביידע אַנדערע מענער האָבען זי בעגריסט מיט אַ פאָרנעה־מער פאַמיליאַריטעט.

אַלס די אַלמנה פון גענעראַל, הערצאָג דע מאַרטעמאַין, די מוטער פון אַ איין איינציגער טאָכטער, וועלכע איז פערהייראַט געווען מיט דעם פרינץ דע סאַליאַ, אַלס טאָכטער פון דעם בעריהמ־טען און שטיינרייכען מאַרקיז דע פאַראַנדראַל האָט זי אין איהר פאַ־לאַץ אין דער רוע דע וואַרעננע אויפגענומען געסט, די בעריהמ־טעסטע אין דער גאַנצער וועלט.

קיין געקרוינטער קאָפּ איז ניט דורכגעפאָהרען פּאַריז, אַז ער זאָל ביי איהר צום טיש ניט זיין. אַזוי שנעל ווי עמיצער האָט

געמאכט פון זיך רעדען, האָט זי געהאַט אַ בעדערפעניש מיט איהם בעקאַנט צו ווערען. זי האָט יענעם געמוזט זעהן, מיט איהם רע־דען, און איהר אורטהייל איבער איהם אָבגעבען. דאָס האָט זי שטאַרק אַמוזירט און אַריינגעבראַכט אינטערעס אין איהר לעבען. אַזוי שנעל ווי זי האָט זיך געזעצט, האָט דערזעלבער דיענער ווידער געמעלדעט:

— באראָן און באראָנעסע קאָרבעלל!

זיי זיינען ביידע געווען יונג, דער באראָן דיק און מיט אַ פּליך אויפ׳ן קאָפּ, די באראָנעסע שלאַנק, עלעגאַנט מיט אַ דונ־קעלער געזיכטספארב. דאָס דאָזיגע פּאָר פּאָלק האָט פערנומען אַ גאַנץ בעזונדער׳ן פּלאַץ אין דער פראַנצויזישער אַריסטאָקראַטיע. זיי אַליין האָבען געשטאַמט פון אַ קליינעם אונבעדייטענדען אַדעלשטאַנד, אָהן גייסט, אָבער אין אַלעס וואָס זיי האָבען גע־טהאָן האָבען זיי אַרויסגעוויזען אַזוי פיעל ליעבע פאַר די אַרים־טאָקראַטען, פאַר די מיוחסים, האָבען בעזוכט נור די גרעסטע היי־זער, אויסגעדריקט זעהר ראָליאַליסטישע אנשויאונגען, געצייגט אַכטונג צו די וועמען מען מוז אַכטען, פעראַכטעט אַלעס, וואָס מען מוז פעראַכטען, אימער געהיט די עטיקעט, קיין מאָל קיינעם ניט אָנגעריהרט און אַזוי ביסלעכווייז האָבען זיי זיך אַליין אַרויסגע־שטופּט און גענומען שפּיעלען די ראָלע פון גרויסע אַריסטאָקראַ־טען.

די קאַרבעללס און גראַף גיללעראַי זיינען געווען קרובים.

— נו, — האָט געפרעגט די הערצאָגין פערוואונדערט — וואו איז עפּעס אייער פרוי?

— איין מאָמענט, נור איין מאָמענט — האָט געענטפערט דער גראַף — זי וועט גלייך אַריינקומען. עס וועט זיין אַן איבער־ראַשונג.

ווען די גרעפין גיללעראַי איז אין פיער וואָכען נאָך איהר חתונה צום ערשטען מאָל אין דער געזעלשאַפט געקומען, האָט מען זי פאָרגעשטעלט פאַר דער הערצאָגין דע מאַרטעמאַין, וועלכע האָט

איהר גלייך ליעב געקראָגען און זי אונטער איהרע פליעגעל גענו־מען. זיים צוואנציג יאָהר האָט זיך אין זייער פריינדשאַפט גאָר נישט געענדערט און די הערצאָגין האָט נאָך אַלץ מיט דער זעל־בער ריהרונג פון „איהר קליינער" גערעדט ווי פון אַן אייגען, גע־ליעבט קינד. ביי איהר האָבען זיך דער מאהלער און די גרעפין גע־טראָפען צום ערשטען מאָל.

מוסאדיע איז צוגעקומען נעהנטער און געפרעגט:

— הערצאָגין, האָט איהר שוין געזעהן די אויסשטעלונג פון די נייע קינסטלער?

— ניין, וואָס איז דאָס אַזוינס?

— אַ נייע קינסטלער פעראייניגונג פון אימפרעסיאָניסטען, וועלכע זיינען פשוט משוגע. צוויי פון זיי זיינען אָבער גאַנץ בע־דייטענדע קינסטלער.

די הערצאָגין האָט געענטפערט מיט פעראַכטונג אין קול:

— מיר געפעלען ניט די שפּאַסען פון די דאָזיגע לייט.

זי האָט שטאַרק געהאַלטען פון זיך און קיין אַנדער מיינונג אויסער איהר אייגענע האָט ביי איהר ניט געגאָלטען. אַליין די גרויסע יחסן׳טע האָט זי גאַנץ אונבעוואוסט בעהאַנדעלט קינסטלער און געלעהרענטע ווי אינטעליגענטע ארבייטער, וועלכע זיינען פון גאָט בעשאַפען געוואָרען נור דערצו, אום די גוטע געזעלשאַפט צו אונטערהאַלטען און איהר ניצליך צו זיין.

קונסט, ליטעראַטור און וויסענשאַפט האָט זי געמאָסטען מיט איין מאַסשטאַב, זיי אַלע זיינען ווערטה געוועזען נור אַזוי פיעל ווי פיעל פערגניגען אָדער פערוואונדערונג זיי האָבען איהר פערשאַפט.

זי איז געוועזען הויך, דיק, שווער, רויט, האָט גערעדט הויך און געהאַט אַ נאָמען פון אַ פּערזאָן, וואָס שטעלט זיך פאַר קיין זאַך נישט אָב. קיין זאַך האָט זי ניט ארויסגעבראַכט פון זיך, זי האָט געוואַגט אַלעס ארויסצוזאָגען און האָט פּאַטראָניזירט די גאַנ־צע וועלט. צו דער עהרע פון געפאַלענע פירסטען האָט זי גרויי־סע בעלער געמאַכט און אַפּילו גאָט אַליין האָט זי אויך ווען ניט ווען

אַ גלעט געטהאָן דערמיט, וואָס זי איז געווען זעהר פריינדליך צו די גייסטליכע און געגעבען גרויסע נדבות פאַר דער קירכע.

מוסאדיע האָט ווייטער גערעדט :

— ווייסט איהר, הערצאָגין, אַז מען האָט געכאַפּט דעם מער־דער פון מאַריע לאַמבאורג ?

זי האָט זיך גלייך פעראינטערעסירט :

— אַך, דאָס מוזט איהר מיר דערצעהלען !

און ער האָט איהר גענומען דערצעהלען אַלע איינצעלהייטען. ער איז געווען הויך, זעהר מאָגער, האָט געטראָגען אַ ווייסע וועסט און קליינע דימענטענע קנעפּ אין העמד. ער האָט גערעדט זעהר שען, ניט מאַכענדיג מיט די הענד, אַזוי אַז ער האָט געקענט זאָגען די ערגסטע זאַכען — אויף וואָס ער איז איינגענטליך געווען אַ מייסטער — גאַנץ רוהיג. ער איז געווען זעהר קורצזיכטיג און ניט קוקענדיג אויף דעם וואָס ער האָט געטראָגען ברילען, האָט ער געמאַכט דעם איינדרוק ווי ער זעהט קיין מאָל קיינעם ניט, און ווען ער האָט זיך געזעצט האָט עס אויסגעזעהן, ווי זיין גאַנצער קערפּער דרעהט זיך צוזאַמען און פּאַסט זיך צו צו דער פאָרמע פון שטוהל. זיין אויבערשטער קערפּער איז איינגעפאַלען, געוואָרען גאַנץ קליין און זיך אויסגעבויגען, ווי ער וואָלט געווען פון גומע געמאַכט.

די פיס איינס אויף דאָס אַנדערע פאַרלייגט האָבען אויס־געזעהן ווי צוויי אויפגעוויקעלטע לענטעס און דיביידע אָרימס מיט די בלייכע הענד און דאַרע פינגער האָבען שלאַף פון די הענט־לאַך פונ׳ם שטול אראָבגעהאַנגען. זיינע האָר און זיינע וואָנצעס זיינען געווען געפאַרבט און נור וואו ניט וואו האָט זיך געזעהן אַ ווייסער האָר, וועלכען מען האָט דאָרט אומישנע איבערגעלאָזען. דאָס האָט אָפט אַרויסגערופען פיעל וויצען.

ווען ער האָט געהאַלטען אין ערקלעהרען דער הערצאָגין, ווי אַזוי דער מערדער האָט די ציערונג פון דער ערמאָרדעטער שטראַ־סען פרוי אוועקגעגעבען צו אַן אַנדער פרוי פון איהר סאָרט, האָט

זיך די טיר פון גרויסען סאַלאָן ווידער גאַנץ ברייט געעפענט און צוויי בלאָנדע פרויען אין ווייסע שפּיצען־קליידער, עהנליך איינע צו דער צווייטער, ווי צוויי שוועסטער פון פערשיעדענעם עלטער, איינע אַביסעלע צו רייף, די אַנדערע אַביסעלע צו יונג, איינע אַביסעלע צו פול, די אַנדערע אַביסעלע צו מאַגער, לאַכענדיג און געאַרמט, זיינען אין צימער אריינגעטראַטען.

עס איז געוואָרען אַ געשריי, אַ קלאַפּעריי בראַוואָ. קיינער אויסער אָליוויען בערטין, האָט ניט געוואוסט, ביז דאָס יונגע מיי־דעל איז אין צימער אריין, אַז אַננעלע גיללעראַי האָט זיך אומ־געקעהרט צו איהרע עלטערן אין הויז. נעבען דער יונגער מיידעל האָט די גרעפין פון ווייטען אויסגעזעהן כמעט אַזוי פריש און אפשר נאָך שעהנער ווי זי, דען ווי אַ בלום אין איהר פולער בליהונג האָט זי געלויכטען אין איהר פולען גלאַנץ, ווערענד דאָס קינד ווי אַ ערשט געעפענטע קנאָספּע, האָט נאָך ערשט געדאַרפט אויפ־בליהען.

די הערצאָגין האָט בעגייסטערט געקלאַפּט מיט די הענד און אויסגערופען:

— אַך, ווי שעהן, ווי רייצענד זיי זיינען איינע נעבען דער אַנדערער, קוקט זיי נאָר אָן, הערר מוסאַדיע, ווי עהנליך זיי זעהען אויס.

מען האָט זיי פערגליכען און גלייך האָבען זיך געבילדעט צוויי מיינונגען. מוסאַדיע, די קאָרבעללס און גראַף גיללעראַי האָבען זיך אויסגעשפּראָכען, אַז די גרעפין און איהר טאָכטער האָבען נור די זעלבע געזיכטספארב, די זעלבע האָר און איבערהויפּט די זעל־בע אויגען מיט די זעלבע שוואַרצאַפּלען, וועלכע זעהען אויס ווי צוויי קליינע טינט פלעקען אויף דער בלויער אירים. זיי האָבען אָבער געדענקט, אַז ווען דאָס יונגע מיידעל וועט זיך ענטוויקלען אין אַ פרוי, וועט די עהנליכקייט פערשווינדען.

אָבער די הערצאָגין און אָליווער בערטין האָבען בעהויפּטעט, אַז זיי זעהען אויס איינע פונקט ווי די אַנדערע, דער אונטער־

שיעד ליעגט נור אין זייער עלטער. דער מאהלער האָט גע־זאָגט:

— האָט זי זיך אָבער פאר די לעצטע דריי יאָהר פארענ־דערט, איך וואָלט זי בשום אופן ניט דערקענט, איך וואג שוין איצט ניט איהר „דו" צו זאָגען.

די גרעפין האָט זיך צולאַכט:

— איך וואָלט טאקע וועלען הערען, ווי איהר זאָגט צו אָנ־נעלען „איהר."

דאָס יונגע מיידעל האָט האלב פערשעהמט געענטפערט:

— איך וועל אודאי זיך מעהר ניט ערלויבען צו זאָגען צו הערר בערטין „דו."

די מוטער האָט אַ שמייכעל געטהאָן:

— די שלעכטע געוואָהנהייט מעגסטו איינהאלטען, איך ער־לויב עס דיר, איהר וועט אין גיכען ווידער ווערען גוטע פריינד.

אָבער אננעלע האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ:

— ניין, ניין, דאָס זשענירט מיך.

די הערצאָגין האָט זי ארומגענומען, געקושט און איצט האָט זי זי בעטראַכט פון אַלע זייטען.

— קום, קינד, קוק מיך אָקאָרשט גוט אָן, יאָ, דו האָסט דיין מאַמע'ס אויגען. אין אַ קורצער צייט, ווען דו וועסט זיך אביסעל ענטוויקלען, וועסטו ווערען זעהר שעהן. דו מוזט דיקער ווערען, ניט פיעל, אַ קליין ביסעלע נור, אזוי זעהסטו אויס, ווי אַן אמת'ער סקעלעט.

די גרעפין האָט אויסגערופען:

— אַך, זאָגט עס איהר נישט!

— פאר וואָס ניט?

— אַך, עס איז אזוי שעהן, צו זיין שלאַנק, איך וועל נאָך מיר מוזען אָבציהען אביסעל פעטס.

דאָס האָט די הערצאָגין ארויסגעבראַכט פון זיך און אין איהר

כעם האָט זי פאַרגעסען אויף דער געגענוואַרט פון דער יונגער מיידעל:

— אַך, געהט שוין געהט, איך געפעלען אימער נור הוילע ביינער, ווייל זיי איז לייכטער צו בעקליידען ווי פלייש. אין מיין צייט האָט מען די דיקע פרויען געהאַלטען פאַר שעהן. היינט איז אַ צייט פאַר מאָגערע פרויען, דאָס דערמאָנט מיך אָן די זיעבען פעטע און זיעבען מאָגערע קיה. איך קען ניט פערשטעהן די מענער, וואָס מאַכען אַן אָנשטעל, אַז זיי בעוואונדערען אייערע הינערשע ריפּען, אין מיין צייט האָבען זיי געוואָלט האָבען מעהר.

זי האָט אַ ווײַלע געשוויגען; אַלע האָבען געשמייכעלט און דאַן האָט זי ווייטער גערעדט:

— הער אויס, קליינע, קוק אָן דיין מאַמען, זי איז שעהן, פּונקט ווי אַ פרוי דאַרף זיין, דו מוזט אויך אַזוי ווערען.

זיי זיינען אַוועק צום טיש און ווען אַלע האָבען זיך אויס־געזעצט האָט מוסאַדיע פאָרטגעזעצט דעם געשפּרעך:

— איך מיין, — האָט ער געזאָגט — אַז די מענער מוזען זיין מאַגער, ווייל זיי דאַרפען מאַכען אַ סך גימנאַסטיק און דערצו מוז מען זיין בעוועגליך און פלינק; מיט אַ גראָבען בויך קען מען זיך ניט אַ קעהר טהאָן. ביי די פרויען איז דאָס שוין גאָר אַן אַנדער זאַך. דענקט איהר ניט אַזוי, קאָרבעלל?

קאַרבעלל איז געוואָרען צומישט. די הערצאָגין איז געוועזן דיק און זיין אייגענע פרוי זעהר מאַגער. אָבער די באַראָנעסע איז געקומען איהר מאַן צו הילף און האָט זיך אָפען אויסגעשפּראָ־כען פאַר די מאַגערע: פאַר אַ יאָהרען האָט זי דערפיהלט, אַז זי ווערט פעט און זי האָט געמוזט אָנפיהרען אַ שווערען קאַמפף ־דאַגעגען, אָבער צום גליק האָט זי איהר פעטס שנעל בעזיעגט.

גרעפין גיללעראַי האָט געפרעגט:

— וואָס האָט איהר געטהאָן?

די באַראָנעסע האָט ערקלעהרט די מעטהאָדע, וועלכע אַלע אַריסטאָקראַטישע דאַמען האָבען יעצט בענוצט. מען האָט בעת

דעם עסען גאָרנישט געטאָרט טרינקען. ערשט אין א שעה ארום האָט מען זיך ערלויבט אויסצוטרינקען א כּאָס בלאָסען, קאָכעדיגען טהעע. דאָס האָט אויף אַלע געווירקט. זי האָט אָנגעוויזען מערק־ווירדיגע ביישפּיעלען פון דיקע פרויען, וועלכע זיינען אין איין פיערטעל יאָהר געוואָרען דין ווי א מעסער קלינגעל.

די הערצאָגין האָט אויסגערופען אויסער זיך:

— מיין גאָט, ווי נאַריש דאָס איז זיך אזוי צו פּלאָגען. און איהר האָט טאקע גאָר נישט געטרונקען, לחלוטין גאָר נישט, ניט אפילו קיין שאַמפּאַניער? זאָגט מיר אָקאָרשט, בערטין, וואָס דענקט איהר, אלס קינסטלער, וועגען דעם?

— מיר, אלס מאהלער, איז אַלץ איינס, איך פאַרשטעל מיי־נע מאָדעלען מיט שטאָפּען. זעהט איהר, ווען איך זאָל זיין א סקולפּטאָר, דאַן וואָלט איך געהאַט גרונד זיך צו בעקלאָגען.

— איהר זייט דאָך אָבער א מאַן אויך, וואָס געפעלט אייך בעסער?

— מיר? עטוואס בעלייבטע שעהנקייט, עפּעס אזוינס וואָס מיין קעכין רופט אָן א צאַרטע הינדעלע. ניט פעט אָבער פול און פיין.

אַלע האָבען געלאַכט איבער זיין פערגלייך, אָבער די גרע־פין האָט עס ניט געוואָלט גלויבען, זי האָט אָנגעקוקט איהר טאָכ־טער און געמורמעלט:

— ניין, עס איז בעסער צו זיין מאָגער. מאָגערע פרויען ווע־רען ניט אַלט.

וועגען דעם האָט מען נאָך פיעל דיסקוטירט און די דאָזיגע פראַגע האָט צוטהיילט די געזעלשאַפט אין צוויי לאַגערן. נור אין איין זאַך זיינען אַלע געווען איינשטימיג, אז ווען עמעצער איז צו פעט, טאָר ער נישט צו שנעל מאגער ווערען.

דערנאָך האָט מען גענומען רעדען פון די בעוואוסטע אריס־טאָקראַטישע דאַמען, פון זייער חן, זייער שיק, זייער שעהנ־הייט.

מוסאַדיע האָט בעהויפּטעט, אַז די בלאָנדע מאַרקיזע לאַק־ריסט איז שעהן אָהן א ברעג, בעת בערטין האָט גערענקט, אַז מאַ־דאַם מאַנדעליער מיט איהר דונקעלער געזיכטספּאַרב, איהר נידע־ריגען שטערן, איהרע שוואַרצע אויגען און איהר עטוואָס גרויסען מויל, אין וועלכען עס בליסטשען די ווייסע צייהן, האָט ניט קיין גלייכען.

ער איז געזעסען נעבען דער יונגער מיידעל און האָט זיך פּלוצים צו איהר א קעהר געטהאָן:

— הער אויס, אַננעלע, אַלעס וואָס מיר רעדען דאָ, וועסטו נאָך הערען וויינינגסטענס איין מאָל א וואָך ביז דו וועסט אַלט ווערען. אין אכט טאָג אַרום וועסטו וויסען אויסענווייניג אַלעס, וואָס מען רעדט אין דער געזעלשאַפט איבער פּאָליטיק, פּרויען, טהעאַטער שטיקער און אַזוי ווייטער. דו דאַרפסט נור פון צייט צו צייט אומבייטען די נעמען פון די לייטע אָדער די ווערק. ווען דו וועסט האָבען אויסגעהערט אונזער אַלעמענס מיינונגען און אַנזיכטען וועט דיר דאַן קלאָהר ווערען, וואָס פאַר א מיי־נונג דו מוזט האָבען. דאַן דאַרפסטו מעהר ניט דענקען וועגען קיין זאַך, און קענסט זיך דאַן אויסרוהען.

די קליינע האָט איהם אָנגעקוקט, אָהן א ענטפער, מיט פער־דרוס, און פון איהרע אויגען האָט אַרויסגעקוקט א יונגער, לעבעדי־גער נאָך ניט געצאַהמטער גייסט און א פערלאַנג צו געהן מיט אַן אייגענעם וועג.

אָבער די הערצאָגין און מוסאַדיע, וועלכע האָבען זיך גע־שפּיעלט מיט אידעען ווי מיט א פּילקע, ניט בעמערקענדיג, אַז זייערע אידעען זיינען אימער דיזעלבע, האָבען פּראָטעסטירט אין נאָמען פונ׳ם מענשליכען געדאַנק און מענשליכע טהאַטען.

דאַן האָט בערטין זיך גענומען בעווייזען ווי ווערטהלאָז און אונבעדייטענד עס איז די גייסטיגע אַרבייט פון די געזעלשאַפטלי־כע אַריסטאָקראַטען. זייער גלויבען איז שוואַך, זייער וויסען אוי־בערפלעכליך, זייער אינטערעס פאַר גייסטיגע זאַכען איז קליין,

אַפּט גלייכגילטיג און זייער געשמאַק, אויף וועלכען מען קען זיך ניט אַפּט פערלאַזען, האַלט זיך אין איין בייטען.

היגגעריסען, אין אַן אַנפאַל פון כעס, האַלב ערנסט און האַלב געמאַכט, האָט ער זיי געוויזען, ווי מענשען, וועמענס איינציגע בעשעפטיגונג אין לעבען בעשטעהט אין מאַכען וויזיטען און עסען דינערס מוזען מיט דער צייט ווערען פוסט און אויבערפלעכליך.

— זיי לעבען — האָט ער געזאָגט — אין אַ וועלט, וועלכע זיי פערשטעהען ניט, נעבען דער וויסענשאַפט, וועלכע בלייבט זיי פרעמד, נעבען דער נאַטור, וועלכע זיי בעאָבאַכטען ניט, נעבען דעם גליק, וועלכען זיי זיינען אונפעהיג צו געניסען, נעבען דער שעהנהייט פון קונסט, פון וועלכער זיי ריידען נור, אָבער פיהלען זי ניט און גלויבען ניט אין איהר. זיי איז פרעמד די היגרייסונג, די הייליגע בעגייסטערונג, וואָס דאָס לעבען און די קונסט רופט ארויס. זיי זיינען ניט פעהיג זיך אָבצוגעבען צו איין זאַך אין גאַנצען מיט לייב און לעבען, זיך אין עטוואָס אזוי לאַנג צו פערטיעפען, ביז זיי זאָלען האָבען דאָס גליק, אַז די זאַך זאָל זיי קלאָר ווערען.

באַראָן קאַרבעלל האָט געהאַלטען פאַר זיין פליכט צו פערטהיידיגען די געזעלשאַפט.

ער האָט עס געטהאָן מיט פוסטע, אויסגעדראָשענע ארגומענטען, מיט ארגומענטען, וועלכע זיינען פאַר דעם לעבעדיגען שכל צושמאָלצען געוואָרען, ווי שנעע פאַר פייער. צום שלום האָט ער פערגליכען די געזעלשאַפטליכע אריסטאָקראַטען מיט רייס־פערד, וועלכע ברייגגען טאַקע קיין נוצען ניט, אָבער דאָך בילדען זיי דעם שטאָלץ פון זייער ראַסע.

בערטין האָט זיך פון דעם דאַזיגען נעגנער געפיהלט אונאַנגענעהם און ער איז אַנשווייגען געוואָרען העפליך. אָבער פול מיט פעראַכטונג; אָבער פלוצים האָט איהם דעם באַראָן'ס דומהייט ארויסגעבראַכט פון זיך. ער איז איהם קלוג אריינגעפאַלען אין די רייד און גענומען שילדערען מיט אַלע איינצעלהייטען דאָס לעבען

פון אַן אַריסטאָקראַט פון אין דער פריה, ווען ער שטעהט אויף, ביז ער געהט שלאָפען.

פון די דאָזיגע אַלע איינצעלהייטען איז גלייך אויסגעוואַקסען א מערקווירדיגע קאָמישע פיגור. מען האָט געזעהן פאַר זיך א בילד, ווי דער אַריסטאָקראַט לאָזט זיך אָנטהאָן פון זיין דיענער, ווי ער רעדט עטליכע אַלגעמיינע פראַזען מיט דעם באַרבער, וועלכער איז געקומען איהם ראַזירען, דאַן ווי ער פרעגט זיך נאָך ביי זיינע שטאַל קנעכט אויף זיינע פערד איידער ער מאַכט זיין מאָרגען שפּאַציר, ווי ער פאָהרט נאָכדעם דורך די אַלעען פון די באָיס דע באָולאָין שטאַרק פאַרטהאָן מיט דעם גריסען די אַרומיגע שפּאַציער פאָהרער און ענטפערן אויף זייערע גרוסען; ווי ער פריהשטיקט דאַן מיט זיין פרוי און פאָהרט מיט איהר אַרום אין א קאַרעטע, וואו ער דערצעהלט איהר וועמען ער האָט פריהער גע־טראָפען, דאַן ווי ער לויפט אַרום ביז אין אבענד פון איין סאַלאָן אין א צווייטען און שייערט זיין מוח זיך אונטערהאַלטענדיג מיט מענשען פון זיין גלייכען; ווי ער עסט דאַן ביי עמעס א פירסט, וואו מען רעדט איבער אייראָפּא'ס פּאָליטישע לאַגע און שליסליך, ווי ער ענדיגט זיין שווערען טאָג הינטער די קוליסען פון דער אָפּערא, אָדער פון טעאַטער...

דאָס בילד, וואָס ער האָט אָנגעוואָרפען, הגם עס האָט קיינעם פון די געסט ניט בעליידיגט, איז געווען אַזוי ריכטיג, אַז אַלע ביים טיש האָבען זיך צולאַכט.

נור די הערצאָגין האָט זיך געוואָלט איינהאַלטען, אָבער צום סוף האָט זי געזאָגט:

— ניין, דאָס איז טאַקע צו קאָמיש, איך שטאַרב פאַר געלעכ־טער.

בערטין, וועלכער איז געווען זעהר אויפגערעגט, האָט גע־ענטפערט:

— אַך, הערצאָגין, אין דער געזעלשאַפט שטאַרבט מען ניט פון לאַכען, מען לאַכט דאָרט כמעט גאָר נישט. מען מאַכט נור אַזא

אַנשטעל, אַז מען אַמוזירט זיך כלומר'שט און מען לאַכט. ווען איהר ווילט זעהן, ווי מען לאַכט אויף אַן אמת, דאַן גֶעהט אין אַ פּאָלקס טהעאַטער, זעהט ווי דער איינפאַכער מענש אונטערהאַלט זיך און לאַכט; געהט אין אַ קאַזאַרמע, זעהט, ווי די לייטע דאָרט קאַטשען זיך אויף זייערע בעטלאַך, האַלטען זיך ביי די זייטען און גיסען מיט טרערען פאַר געלעכטער פון די שפּאַסען פון עפּעס אַ וויצלינג. אָבער אין אונזערע סאַלאָנען לאַכט מען נים, דאָ איז אַלעס בלויז אַן אָנשטעל.

מוסאַדיע האָט איהם אונטערבראָכען:

— הערט אָקאָרשט אויס, איהר ווערט שוין אביסעל צו, שטרענג. איהר מאַכט פון דער געזעלשאַפט אַזאַ תל און דאָך האָט איהר אַליין אויך ניט פיינט אהין צו קומען.

בערטין האָט געשמייכעלט:

— יאַ, אמת, איך האָב ליעב אהין צו געהן.

— נו, אַלזאָ?

— דערפאַר פעראַכט איך זיך טאַקע אביסעלע!

— דאָס איז אַלעס נור פּוסטע קאָמעדיע — האָט געזאָגט די הערצאָגין.

און ווען ער האָט זיך געוואָלט פערטהיידיגען געגען איהר פאָרוואורף, האָט זי געשלאָסען די דעבאַטע מיט דער ערקלעהרונג, אַז אַלע קינסטלער שפּיעלען גערן אביסעל קאָמעדיע פאַר דער אַריסטאָקראַטיע.

דאַן איז די אונטערהאַלטונג געוואָרען מעהר אַלגעמיין, האָט בעריהרט אַלע מעגליכע פראַגען, איז געוואָרען באַנאַל, מילד, פריינדליך, אינטים, און אַזוי ווי דער דינער האָט זיך געענדיגט, האָט די גרעפין פלוצים אויסגערופען, אָנווייזענדיג אויף איהרע אָנגעפילטע גלעזער:

— איהר זעהט, איך האָב גאָר נישט געטרונקען, גאָר נישט, ניט אַמאָל אַ טראָפּען. איצט לאָמיר זעהן, צי איך וועל ווערען מאָגער.

די הערצאָגין איז געוואָרען שטאַרק אויפגעבראַכט און זי געוואָלט צווינגען אַ זופּ צו טהאָן אַביסעל מינעראַל וואַסער. אָבער איהר מיה איז געווען אומזיסט און זי האָט געזאָגט:

— ניין, דאָס איז אַ גרויסע נאַרישקייט, יעצט וועט איהר נאָך אייער אייגענע טאָכטער אויך דעם קאָפּ פערדרעהען. איך בעט אייך, הערר גילעראי, דערלאָזט ניט אייער פרוי צו בעגעהן אזעלכע דומהייטען.

דער גראַף, וועלכער האָט אין דיעזער צייט ערקלעהרט מוסאַ־דיע'ן די סיסטעמע פון אַ ניי ערפונדענער דרעש מאַשין אין אַמע־ריקא, האָט זי ניט געהערט.

— וואָס פאַר אַ דומהייטען, הערצאָגין? — האָט ער גע־פרעגט.

— אָט, מאָגער צו ווערען.

ער האָט געוואָרפען אויף זיין פרוי אַ גוטמוטיגען און גלייכ־גילטיגען בליק.

— איך ערגער זי ניט גערן.

די גרעפין איז אויפגעשטאַנען און גענומען איהר שכן אונ־טער'ן אָרעם, דער גראַף האָט דערלאַנגט זיין האַנד דער הער־צאָגין און אַלע זיינען אַוועק אין גרויסען זאַאל, ווייל דער בודואַר איז געהאַלטען געוואָרען נור פיר די בייטאָגעדיגע אונטערהאַל־טונגען.

דער זאַאל איז געווען זעהר אַ גרויסער, זעהר אַ ליכטיגער צי־מער. אויף די פיער ווענט זיינען געווען גרויסע שעהנע גאָבע־לינס פון מאַט בלויען זייד אין ווייסע און גאָלדענע ראַהמען פאַר־צויגען. ביים שיין פון די לאָמפּען און דעם גרויסען היינגלייכטער, האָבען זיי אויסגעזעהן ווי מיט דעם צאַרטען ליכט פון דער לבנה בעגאָסען. אין מיטען פון דער הויפּט וואַנד איז געהאַנגען אָלי־וויער בערטין'ס בילד, וואָס ער האָט געמאָהלען פון דער גרעפין. עס האָט ווי בעהערשט און באַלעבט דאָס גאַנצע צימער. עס האָט זיך אַזוי געפּאַסט אַהער, דאָס דאָזיגע שמייכלענדיגע, יונגע פרויען

געזיכט מיט דעם ליעבליכען בליק און די ליכטיגע בלאָנדע האָר. עס איז כמעט ביי אַלעמען דאָ אין הויז געוואָרען אַ געוואָהנהייט, אַזאַ מין העפליכער מנהג — אַ שטייגער ווי, ווען מען קומט אַריין אין אַ קירכע, צלמ'ט מען זיך — ביים אָנבליק פון דאָס בילד דעם מאַהלער אַ קאָמפּלימענט צו מאַכען.

מוסאַדיע האָט עס קיין מאָל ניט פאַרפעהלט צו טהאָן. אַזוי ווי זיין מיינונג האָט געהאַט אַ גרויסען, אָפיציעלען ווערטה, האָט ער עס געהאַלטען פאַר זיין פליכט וואָס עפּטער דאָס ווערטה פון דעם בילד צו בעשטעטיגען. און מיט אַ איבערצייגטען טאָן האָט ער בעמערקט:

— דאָס איז ווירקליך דאָס שעהנסטע מאָדערנע בילד, וואָס איז מיר בעקאַנט, עס איז וואונדערבאַר לעבעדיג.

גראַף גיללעראַי, הערענדיג דאָס שטענדיגע לויב געזאַגט, האָט זיך אויפ'ן סוף אַליין איינגערעדט אַז ער בעזיצט אַ גרויסע מייס־טערווערק, ער איז צוגעגאַנגען נעהנטער און אויף אַ פּאָר מינוטען איז אַלעמענס אויפמערקזאַמקייט קאָנצענטרירט געוואָרען אויף דעם פּאָרטרעט און אויף דעם מאַהלער.

אַלע האָבען געקוקט אויף דאָס בילד און אַלע האָבען געשיינט צו זיין בעגייסטערט. אָליוויער בערטין, וועלכער איז געוואָהנט געוועזען צו דער דאָזיגער פערעהרונג און האָט איהר ניט געשענקט מעהר קיין אויפמערקזאַמקייט, ווי ווען מען וואָלט אין גאַס איהם אָבגעשטעלט און געפרעגט וואָס ער מאַכט, האָט פון דעסטוועגען אָנגעשטעלט דעם רעפלעקטאָר אויף דעם פּאָרטרעט, אום איהם ריכטיג צו בעלייכטען, ווייל דער דינער אין זיין נאַכלעסיגקייט האָט איהם אָנגעשטעלט קרום.

דאַן האָבען זיך אַלע געזעצט. דער גראַף איז צוגעקומען צו דער הערצאָגין און זי האָט צו איהם געזאָגט:

— איך דענק אַז מיין פּלימעניק וועט מיך קומען אָבנעהמען, דאַן וועט ער ביי אייך טרינקען טהעע.

זיי ביידע האָבען אין דער לעצטער צייט געהאַט דיזעלבע

ווינשע, הגם זיי האָבען זיך ניט צוזאמענגערעדט און אפילו קיין אנצוהערעניש וועגען דעם ניט געגעבען איינער דעם צווייטען.

דער ברודער פון דער הערצאָגין דע מארטעמאין, מארקיז פאראנדאל איז, נאָכדעם ווי ער האָט כמעט זיין גאנצען פערמע־גען אין קאָרטען פערשפּיעלט, איין מאָל רייטענדיג פון פערד ארונטערגעפאלען און איז דערפון געשטאָרבען צוזאמען מיט זיין פערד. ער האָט איבערגעלאָזען אן אלמנה און א זוהן. דער יונ־גער מאן, א יאָהר אכט און צוואנציג אלט, איז געווען איינער פון די בעסטע טענצער אין אייראפּא, פון צייט צו צייט האָט מען איהם זאָגאר ארויסגערופען קיין לאָנדאָן אדער וויען אום דאָרט אויף די פירסטליכע בעלער צו פיהרען די טענץ. ער איז געווען כמעט אָהן שום פערמעגען, אָבער צוליעב זיין פאמיליע, זיין נאָמען, זיין כמעט קעניגליכע פערוואנדשאפט, איז ער געווען איינער פון די פּאָפּולערסטע און עלעגאנטסטע יונגע לייט אין פּאריז.

די דאָזיגע בעריהמטקייט, וועלכע ער האָט זיך דורך ספּארט און טענץ ערווארבען, האָט געמוזט בעפעסטיגט ווערען דורך א רייכע הייראט, אָבער טאקע זעהר א רייכע, דאן וועלען נאָך די געזעלשאפטליכע ערפאָלגען קומען אויך פּאָליטישע. זאָל ער נור ווערען אָבגעאָרדענטער, וועט שוין דער מארקיז, טאקי ווידער אמאָל צוליעב זיין שעהן טאנצען, ווערען איינער פון די הויפּט זיילען פונ'ם טראָן, איינער פון דעם קעניג'ס ראטגעבער, איינער פון די פיהרער פון דער ראָיאליסטישער פּארטיי.

די הערצאָגין האָט גוט געוואוסט, וואס פאר אונגעהייערע אוצרות דער גראף גיללעראי פערמאָגט. דער דאָזיגער שפּארזא־מער מיליאָנער, וועלכער האָט פארנומען א גאנץ איינפאכע וואָה־נונג, האָט געקענט וואָהנען אין איינעם פון די שעהנסטע פּאלא־צען אין פּאריז. זי האָט געוואוסט, אז ער האָט א גאנץ בעזונ־דערע נאָז צו דערשמעקען, וואו נור מען קען מאכען געלד. איהר זיינען בעקאנט געווען אלע זיינע גליקליכע ספּעקולאציעס, אלע פערשידענע געשעפטען, וואו ער האָט א טהייל געהאט און וועל־

כע האָבען איהם פאַר די לעצטע צעהן יאָהר אריינגעבראכט אוצרות מיט געלד און איהר איז איינגעפאלען א געדאנק חתונה צו מאַכען איהר פלימעניק מיט דער טאָכטער פון דעם נאָרמאַנישען אָבגעאָרדענטען. דער לעצטער וואָלט צוליעב דער דאָזיגער חתונה געקראָגען א גרויסען איינפלוס אין דער אריסטאָקראַטישער געזעלשאַפט און ער וועט זיכער זיין פאר דעם שידוך. גיללעראי, וועלכער האָט אליין געטהאָן א רייכען שידוך און זיין אייגענעם פערמעגען מיט דער צייט פיעלפאַך פערמעהרט, האָט איצט ארויסגעקוקט ניט אויף געלד נור אויף גאַנץ אַנדערע זאַכען.

ער האָט געגלויבט, אז פראַנקרייך וועט ווידער רעגירט ווערען פון א קעניג און ווען דאָס זאָל פּאַסירען, האָט ער געוואָלט ציהען דערפון די גרעסטע נוצען.

אלס איינפאכער אָבגעאָרדענטער איז ער געווען גאַנץ אונבעדייטענד, אָבער אלס שווער פון דעם מארקיז פאַראַנדאַל, וועמעס אורעלטערען זיינען געווען די בעסטע פריינד און טייערסטע דינער פון די קעניגליכע הייזער אין פראַנקרייך, האָט ער זיך געקענט ארויסרוקען אין סאַמע פראָנט.

די פריינדשאַפט פון דער הערצאָגין צו דער גרעפין גיללעראָי האָט צוגעגעבען דער זאַך א ווערטפאָלען אינטימען כאראקטער און מורא האָבענדיג, אז אן אַנדער מיידעל זאָל דערוויילע ניט געפעלען ווערען דעם מארקיז, האָט ער גערופען זיין טאָכטער צוריק אהיים, אום דער שידוך זאָל וואָס גיכער געשלאָסען ווערען.

די הערצאָגין דע מארטעמאַין האָט זיך אָנגעשטויסען אויף זיינע אבזיכטען. זי איז געווען דאַפיר, און הגם זי האָט ניט געוואוסט פון דער מיידעל'ס צוריקקומען אהיים, האָט זי איהר פּלימעניק געהייסען היינט קומען צו די גיללעראים, אום איהם בּיסלעכווייז צו זייער הויז צו געוואָהנען.

צום ערשטען מאָל האָבען די הערצאָגין און דער גראַף וועגען זייערע פּלענער גערעדט און, ווען זיי זיינען זיך צוגאַנגען, איז דער שידוך געווען אַן אָבגעמאכטע זאַך.

אויף דער צווייטער זייט פון סאַלאָן האָט זיך דערהערט א געלעכטער, הערר דע מוסאדיע האָט נור וואָס דערצעהלט דער באַ־ראָנעסע קאָרבעלל, ווי א קאָמיטע פון נעגערס איז פאָרגעשטעלט געווארען פאר דעם פרעזידענט; אין דיעזער צייט האָט א דיע־נער געמלדעט דעם מארקיז פאראנדראל.

ער האָט זיך בעוויזען אין טיר אוז איז געבליבען שטעהן. מיט א שנעלער בעוועגונג האָט ער צוגעטראָגען זיין מאָנאָקל צו דער רעכטער אויג און איז אזוי געבליבען שטעהן, ווי ער וואָלט וועלען זעהן ווער עס געפינט זיך אין סאַלאָן, הויפּטזעכליך אָבער, ווייל ער האָט די לייטע דאָרט געוואָלט געבען צייט איהם צו דערזעהן און אויף זיין קומען אויפמערקזאם צו מאכען. דאַן האָט ער פּלוץ־צום ארויסגעלאָזט דאָס רונד גלעזעל, וואס איז געהאנגען אויף א זיידענעם שנירעל, פון האנד, איז שנעל צוגעגאנגען צו דער גרע־פין גיללעראי, וועמעס אויסגעשטרעקטע האנד ער האָט מיט א טיעפער פערביינונג א קוש געטהאָן. דאָס זעלבע האָט ער געטהאָן ביי זיין טאנטע, דאַן האָט ער בעגריסט די איבעריגע אנוועזענדע, האָט אַלעמען געדריקט די האנד און איז מיט עלעגאנטער זיכער־הייט געגאנגען פון איינעם צום צווייטען.

ער איז געוועזן א הויכער יונג מיט רויטע וואָנצעס, שוין אביסעלע פליכעוואטע, מיט דעם אויסזעהן פון אן אָפיציר און מאַ־ניערען פון אן ענגלישען ספּאָרט. ווי מען האָט נור אויף איהם א קוק געטהאָן האָט מען גלייך געזעהן, אז ער איז איינער פון יענע מענער, וואָס מאַכען איבונגען מיט אלע זייערע גליעדער מעהר ווי מיט'ן קאָפּ און וואָס ליעבען נור די זאכען, וואס האָבען צו טהאָן מיט פיזישע קרעפטען און מיט קערפּערליכער בעוועגליכ־קייט. דאָך איז ער ניט געוועזן אונגעבילדעט, דען ער האָט אבי־סעל געלערענט און לערענט נאָך ביז היינטיגען טאָג אלעס, וואָס וועט איהם שפּעטער אמאָל קענען צוניץ קומען: געשיכטע און די עלעמענטארע בעגריפען פון נאציאָנאלע עקאָנאָמיע און פּאָלי־טיק, וועלכע זיינען נויטיג פאר אן אָבגעאָרדענטען, מיט איין וואָרט

דעם אַלף בית פון דער סאָציאַלער וויסענשאַפט פאַר דעם געברויך פון די ערשענדע קלאַסען.

מוסאַדיע האָט איהם כאַראַקטעריזירט מיט די פאָלגענדע ווערטער:

— ער וועט אַמאָל זיין זעהר אַ בעדייטענדער מאַן!

בערטין האָט אין איהם געשעצט זיין געשיקטליכקייט און קראַפט, זיי האָבעןביידע בעזוכט דעם זעלבען פעכט פלאַץ, זיי־נען אָפט געגאַנגען צוזאַמען אויף געיעג און זיך אָפט געטראָפען פאַהרענדיג רייטענדיג אויף די ספּעציעלע רייטוועגען פון באָיס דע בולאָן. און אַזוי איז ביי זיי אויסגעוואַקסען אַ געוויסע סימ־פּאַטיע פון איינעם צום צווייטען, אַ מין סאָרט פערטרויליכקייט, וואָס ווערט צווישען צוויי מענער, ווען זיי פערברענגען צוזאַמען און געפינען אין געוויסע זאַכען דעם זעלבען געשמאַק.

ווען דער מאַרקיז איז פאָרגעשטעלט געוואָרען פאַר אַנגעלע גיללעראַי, האָט ער פּלוצים געקריגען אַ פאַרדאַכט, אַז זיין טאַנטע האָט עפּעס פּלענער, און נאָכדעם ווי ער האָט זיך פערנייגט, האָט ער דאָס יונגע מיידעל בעטראַכט מיט אַ שנעלען קענער בליק און זי איז איהם געפעלען, איבערהויפּט האָט זי פיעל פערשפּראָ־כען פאַר דער צוקונפט. ער האָט אָנגעפיהרט אַזוי פיעל קאָטיל־לאָנס, אַז ער האָט זיך אויף יונגע מיידלאַך פערשטאַנען און האָט כמעט מיט זיכערהייט געקענט פאָראויסזאָגען וועגען דער ענטוויק־לונג פון זייער שפּעטערדיגער שעהנהייט, ווי דער קענער אויף נאָך צו יונגען ווייִן.

ער האָט מיט איהר אויסגערעדט נור עטליכע אונבעדייטענדע ווערטער, דאַן האָט ער זיך געזעצט נעבען דער גרעפין גיללעראַי און גענומען שפּאַסען מיט איהר האַלב אין דער שטיל.

פריה זיינען אַלע זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען און ווען אַלע זיינען אַוועק, די קליינע האָט זיך שלאָפען געלייגט. די לאָמפען האָט מען אויסגעלאָשען און די דינער זיינען אין זייערע צימערען געווען, איז דער גראַף גיללעראַי ארומגעגאַנגען איבער'ן סאַלאָן, וועלכער איז

בעלויכטען געווען בלויז פון צוויי ליכט און געדערט צו זיין פרוי איבער זיינע האָפנונגען. א מיעדע, האָט די גרעפין האַלב געדריי-מעלט אין אַ פאַטעל, בעת איהר מאַן האָט איהר ערקלעהרט, ווי פאַרזיכטיג מען מוז איצט האַנדלען, ווי מען דאַרף וועגען און מעס-טען יעדעס וואָרט אום אַן אונפאָרגעזעהענער צופאַל זאָל זייערע פּלענער ניט צושטערען.

עס איז שוין געווען גאַנץ שפּעט. ווען דער גראַף איז צו זיך אין צימער אַוועק, ער איז געווען זעהר צופריעדען מיט דעם היינ-טיגען אָווענד און האָט געמורמעלט פאַר זיך:

— איך דענק, עס איז אַן אָבגעמאַכטע זאַך.

III

„ווען קומסטו ענדליך ווידער צו מיר, מיין פריינד, זייט דריי טעג, ווי איך האָב דיך שוין ניט געזעהן און דאָס איז א לאַנגע צייט. מיין טאָכטער נויטיגט זיך איצט זעהר אין מיר, אָבער דו ווייסט, אז אָהן דיר קען איך מעהר ניט לעבען."

דער מאַהלער, וועלכער האָט אָנגעוואָרפען א פּאָר סקיצען נאָך אַליין זוכענדיג עפּעס א נייע אידעע, האָט איבערגעלעזען דער גרע־פין'ס בריוועלע, דאַן געעפענט א שופלאָד פון זיין שרייבטיש און עס אוועקגעלייגט אין א גאַנצען הויפען אַנדערע בריעף, וואָס האָבען זיך דאָרט אָנגעקליבען, זייט דעם ווי זיי האָבען זיך גע־קענט. זיי האָבען זיך איינגעוואָהנט צו טרעפען כמעט יעדען טאָג. פון צייט צו צייט איז זי געקומען צו איהם, ער האָט זיך ווייטער געארבייט, און זי האָט זיך געזעצט אויף א שטונדע אָדער צוויי אין דעם שטול, וואו זי איז אמאָל אַלס מאָדעל געזעסען. אָבער אזוי ווי זי האָט מורא געהאַט פאר די רייד פון די דינער, האָט זי איהם בעסער געוואָלט זעהן ביי זיך אדער אין וועלכען ניט איז סאַלאָן ביי אַלגעמיינע בעקאַנטע.

אם וויינינגסטענס צוויי מאָל א וואָך האָט דער מאַהלער מיט א פּאָר פריינד געגעסען ביי דער גרעפין. מאָנטאַג האָט ער זי אימער בעגריסט אין איהר לאָזשע אין דער אָפּערא, דאַן האָבען זיי זיך אָבגערעדט צו טרעפען ביי דעם אָדער יענעם בעקאַנטען, וואו זיי זיינען דאַן צופעליג אין דער זעלבער צייט געקומען. ער האָט געוואוסט די אבענדען ווען זי איז אין ערגעץ ניט געגאַנגען,

דאַן האָט ער ביי איהר געטרונקען אַ טאָס טהעע און זיך געפיהלט גאַנץ ווי אין דער היים אין איהר נאָהענטקייט, געצערטעלט און געלאַסטשעט פון איהר און אַלעס ארום. ער האָט זיך אַזוי צוגעוואָהנט צו דער דאָזיגער פעסטער און זיכערער פריינדשאַפט, האָט זיך אַזוי צוגעוואָהנט זי וואו עס איז צו טרעפען, פערברענגען מיט איהר אַ פּאָר מינוט, דורכרעדען זיך וועגען דעם אָדער יענעם געגענשטאַנד, טהיילען זיך מיט איהר מיט זיינע געדאַנקען און איינדרוקע, אַז הגם דער הייסער פלאַם פון זיין פריהערדיגער ליעבע איז שוין לאַנג אָבגעקיהלט געוואָרען, האָט ער פון דעסטוועגען שטענדיג געפיהלט אַ בעדירפעניש זי צו זעהן, שטענדיג נאָך איהר געבענקט.

דער וואונש נאָך פאַמיליען לעבען, נאָך אַ לעבעדיגען, פרעהליכען הויז, נאָך געמיינזאַמע מאָהלצייטען, נאָך אבענדען, וואו מען פערברענגט געמיטליך מיט מענשען. וועלכע מען קען שוין פון לאַנג אָן, דער וואונש נאָך נאָהענטקייט, נאָך אינטימען צוזאַמען לעבען, וועלכער דרימעלט אין יעדער מענשליכער האַרץ און וועלכער טרייבט דעם אַלטען בחור פון טיר צו טיר, אָט דער דאָזיגער וואונש האָט זיין צונייגונג צו דער גרעפין נאָך שטאַרקער געמאַכט. אין איהר הויז, וואו ער איז געליעבט און געצערטעלט געוואָרען, וואו ער האָט געפונען אַלעס, וואָס האָט איהם גליקליך געמאַכט, האָט ער זיך געקענט פון זיין איינזאַמקייט בעפרייען און אויסרוהען.

זייט דריי טעג האָט ער זיינע פריינד, וועלכע זיינען הפנים געוועזן שטאַרק פערנומען צוליעב זייער טאָכטער'ס צוריקקומען אהיים, ניט געזעהן און ער האָט זיך שוין געלאַנגווייליגט, און איז זאָגאַר געווען אביסעל אין כעס, וואָס זי האָט איהם נאָך ניט גערופען; אָבער ער האָט געוואָלט זיין טאַקטפול און איז צו זיי אַליין ניט געגאַנגען.

דער גרעפין'ס בריעף האָט איהם אַ הייב געטהאָן אין דער לופטען, ווי מען וואָלט איהם מיט אַ בייטש אַ שמיץ געטהאָן.

עס איז געווען דריי אוהר נאָכמיטאג; ער האָט זיך בעשלאָסען גלייך צו איהר צו געהן אום זי נאָך צו טרעפען איידער זי געהט אוועק.

ער האָט אָנגעקלונגען און דער דינער איז אריין.

— ווי איז היינט דער וועטער, יאָזעף?

— אין דרויסען איז זעהר שעהן, גנעדיגער העדר!

— דאַן גיב מיר אַ ווייסע וועסט, אַ בלויען זשאַקעט און אַ גרויע הוט!

ער איז אימער געגאַנגען זעהר עלעגאַנט געקליידעט, אָבער ניט קוקענדיג אויף דעם וואָס ער האָט זיך זיינע זאַכען געלאָזט מאַכען ביי דעם בעסטען שניידער, האָט מען פונדעסטוועגען נאָך דער אַרט און ווייזע ווי ער האָט זיינע אנציגע געטראָגען, נאָך זיין ענג פאַרשפּילעטען זשילעט, נאָך דעם הויכען גרויען הוט, עטוואָס אויף הינטען אראָבגערוקט, גלייך געזעהן, אַז ער איז אַ קינסטלער און אַן אַלטער בחור.

ווען ער איז צו דער גרעפין געקומען, האָט מען איהם געזאָגט, אַז זי מאַכט זיך גרייט צו אַ שפּאַציר רייט אין די באָיס דע בולאָן. ער איז געוואָרען אין כעס און געוואָרט. לויט זיין געוואָהנהייט האָט ער גענומען ארומגעהן אין סאַלאָן הין און צוריק, פון איין שטוהל צום אַנדערען, פון די פענסטער ביז צו דער אַנטקעגענדיגער וואַנד פון דעם גרויסען, פון די שווערע פאָרהאַנגען פערדונקעלטען צימער. אויף קליינע טישלאַך מיט בעגולטע פיס זיינען געשטאַנען די פערשיעדענסטע קלייניגקייטען, אין געמאַכטער אונאָרדנונג זיינען זיי דאָרט געווען אויסגעשטעלט, די נוצלאָזע, שעהנע און טהייערע זאַכען. עס האָבען זיך דאָרט געפונען אַלטע קעסטעלאַך אין גאָלד געשניצט, קליינינקע טאַבאַקערקעס, פיגורלאַך פון עלפאַנט ביין, דאַן מאָדערנע זאַכען פון מאַטען זילבער, שטייף און קאָמיש נאָך דעם ענגלישען געשמאַק נאָך; אַ קליינינקער קיך אויווען און אויף דעם אַ קאַץ, וואָס טרינקט פון אַ שיסעל, אַ סיגאַרעט קעסטעל אין דער פאָרמע פון

א גרויסען ברויט, אַ קאַפּע קאַן ווי אַ קעסטעל פון שוועבעלעך, אין אַ צירונג קעסטעל אַ גאַנצער אוצר מיט צירונג פּאַר אַ ליאַל־קע, אַ האַלזבאַנד, בראַסליעטען, רינגען, אויעררינגלאַך מיט בריליאַנטען, סאַפּירען, רובינען, סמאַראַגדען. דאָס לעצטע האָט געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ פאַנטאַסטישען שפּאַס, וואָס קען איינפאַלען נור די ליליפּוטען.

פון צייט צו צייט האָט ער גענומען איינעם פון די זאַכען אין האַנד, עטוואָס וואָס ער האָט איהר ווען עס איז צו אַ געבורטס־טאָג געשענקט, עס אַרומגעדרעהט אַהער און אַהין, בעטראַכט עס מיט פאַר'חלום'טער פערטראַכטקייט און דאַן צוריק אויף אָן אָרט אוועקגעשטעלט.

אָן אַ זייט אויף אַ טישעל מיט איין פוס, וואָס איז געשטאַנען הינטער אַ רונדער קאַנאַפּע, זיינען געלעגען אַ פּאָר ביכער אין טהייערע איינבונדען, וועלכע זיינען קענטיג זעלטען געעפענט געוואָרען. דאָרט איז אויך געלעגען דער „רעוויו דע דעי מאָנד", עטוואָס צוריסען, עטוואָס אָבגענוצט, ווי מען וואָלט איהם אָפט געבלעטערט, דאַן אַ פּאָר אַנדערע צייטשריפטען, גאָר ניט אויפגעשניטענע, די „מאָדערנע קונסט," וועלכע מען האָט געמוזט האַלטען צוליעב איהר הויכען פּרייז, דען דאָס אבאָנעמענט האָט געקאָסט פיער הונדערט פראַנק אַ יאָהר, „דאָס פרייע בלאַט" און אַ קליין, בלוי, געבונדען בלעטעל, וואו די נייעסטע דיכטער האָבען זיך צונאָסען מיט זייערע געפּיהלאַכצען אונטער דעם נאָמען „אָהן נערווען."

צווישען די פענסטער איז געשטאַנען דער באַראָנעסע'ס שרייבטיש, אַ שעהן שטיק מעבעל אוים דעם פאָריגען יאָהר־הונ־דערט, וואו זי האָט איהרע בריוולאַך געשריבען. דאָרט זיינען געלעגען די בעקאַנטע ליעבלינגס ביכער פון אַלע פרויען: „מוסעט", „מאַנאָן לעסקאָו," „ווערטהער," און אום צו צייגען, אַז מען איז אויך ניט פרעמד מיט דער פילאָזאָפישער וויסענשאַפט, האָבען

זיך דאָ געפונען עטליכע ביכער איבער פּסיכאָלאָגיע און אַלגעמיינע וויסענשאַפטען.

נעבען די דאָזיגע בענדער איז געלעגען א רייצענדער האַנד־שפּיגעל, א מייסטערווערק פון דער גאָלדשמיעד קונסט. דאָס שפּיעגעל גלאָז איז געווען איינגעראַהמט אין א פּיערעקיג שטיק געשטיקטען סאַמעט און אויפ׳ן צווייטען זייט איז געווען א וואונ־דערשעהנער מוסטער פון גאָלד און זילבער אויסגעאַרבייט.

בערטין האָט איהם גענומען און זיך בעטראַכט. זייט די לעצ־טע פּאָר יאָהר האָט ער זיך שטאַרק פאַרעלטערט, און הגם ער האָט געדענקט, אז זיין פּנים איז איצט אָריגינעלער ווי פריהער, דאָך האָט ער זיך שטאַרק געשראָקען פאַר זיינע איינגעפאַלענע באַקען און די קנייטשען אויף דער הויט.

א טיר האָט זיך געעפענט הינטער איהם.

— גוט מאָרגען, הערר בערטין — האָט געזאָגט אַננעלע.

— גוט מאָרגען, קליינע, געהט דיר גוט?

— זעהר גוט. און אייך?

— וואָס, דו דוצט מיך ניט מעהר?

— ניין, עס איז מיר אונאַנגענעהם.

— אך, נאַרישקייטען.

— יא, עס איז מיר אונאַנגענעהם.

— אָבער פאַר וואָס?

— ווייל איהר זייט שוין ניט מעהר אזוי יונג און דאָך נאָך ניט אַלט גענוג.

דער מאַהלער האָט גענומען לאַכען:

— נאָך אזא ערקלעהרונג בעשטעה איך ניט מעהר אויף דעם.

זי איז פּלוצים רויט געוואָרען ביז איבער די אויערען און גע־זאָגט פערלעגען:

— די מאַמע האָט מיר געבעטען אייך צו זאָגען, אז זי קומט

גלייך אַרונטער און וועט אייך בעטען צו פאָהרען מיט אונז אין באָיס דע בולאָון.

— מיט דעם גרעסטען פערגעניגען! איהר פאָהרט אליין?

— ניין, מיט דער הערצאָגין דע מאַרטעמאַין!

— אויך גוט, איך בין מיט אייך.

— דאַן, קען איך אַלזאָ אָנטהאָן מיין הוט?

— יאַ, מיין קינד.

ווען זי איז אַרויסגעגאַנגען, איז אַריין די גרעפין אין אַ הוט און שלייער, בערייט צום פאָהרען. זי האָט צו איהם אויסגע־שטרעקט ביידע הענט:

— מען זעהט אייך מעהר גאָר נישט אָן. וואס מאַכט איהר?

— איך האָב אייך ניט געוואָלט פאַלען צו לאַסט אין אַזאַ צייט.

זי האָט אויסגערופען נור איין וואָרט „אָליוויער" און אין דעם זיינען געלעגען אַלע איהרע פּאָרווירפע, איהר גאַנצע ליעבע.

— איהר זייט די בעסטע פרוי אויף דער וועלט — האָט ער געזאָגט שטאַרק געריהרט פון דעם טאָן מיט וועלכען זי האָט זיין נאָמען אויסגערעדט.

נאָך דער דאָזיגער קליינער סצענקע צווישען זיי, האָט זי ווייטער גערעדט אין דעם געוועהנליכען טאָן פון אַ געזעלשאַפטלי־כער דאַמע:

— מיר וועלען נעהמען די הערצאָגין און דאַן זיך צוזאַמען אַביסעל דורכפאָהרען אין באָיס. מיר מוזען דאָך אַננעלען אַבי־סעל אַרויסנעהמען און איהר עפּעס צייגען.

אונטען האָט געוואַרט די קאַרעטע. בערטין האָט זיך גע־זעצט אַנטקעגען די ביידע פרויען און די קאַרעטע האָט זיך אַ לאָז געטהאָן.

ווען זיי זיינען צוגעקומען צום גרויסען בולוואַר נאָך דער מאַדעליינע, זיינען זיי געוואָרען אַזוי פרעהלאַך, אַזוי לעבעדיג, ווי זיי וואָלטען איינגעזויגען אין זיך די לוסטיגקייט פון דעם יונ־

גען פריהלינג. די וואַרימע לופט און די זונען שטראַהלען האָבען די מענער צוגעגעבען אַ יום טוב׳דיגען אויסזעהן, און די פרויען עטוואָס פאַרליעבטעס; די גאַסען אינגלאַך זיינען ארומגעלאָפען פערסמייעטע, די הינט האָבען זיך ערגעץ געאיילט, די קאַנאַריק־לאַך אין די פאַרטיערס הייזלאַך האָבען זיך הויך צוזונגען, נור די אַלטע שקאַפּעס אין די דראָשקעס האָבען זיך געשלעפּט מיט זייער מיערען גאַנג, ווי אַט אַט קראַפּירען זיי.

די גרעפין האָט געמורמעלט:

— אַך, איז היינט שעהן! און גוט איז צו לעבען אויף דער וועלט!

דער מאַהלער האָט אַנגעקוקט די מוטער און טאָכטער איי־נע נאָך דער אַנדערער,ביידע בעגאָסען מיט ליכטיגע שטראַהלען. געוויס זיינען זיי געווען פערשיעדען און דאָך אַזוי עהנליך, אַז איינע האָט אויסגעזעהן ווי די פאָרטזעצונג פון דער אַנדערער, פון זעלבען בלוט, פון זעלבען פלייש, בעזעעלט פון זעלבען לעבען. ווען זיי האָבען רעדענדיג אויסגעשטעלט אויף איהם זייערע אויגען, די דאָזיגע בלויע אויגען מיט די שווארצע שוואַרץ־אַפּלען, ביי דער טאָכטער אַזוי שטראַהלענדיג בלוי, ביי דער מוטער עטוואָס מאַטער און געקוקט אויף איהם מיט דעם זעלבען בליק, איז ער געווען כמעט זיכער אַז זיי וועלען ענטפערען ביידע איינס און דאָס זעל־בע. און ווען ער האָט זיי צום לאַכען און פּלוידערן געבראַכט, איז ער געווען ערשטוינט צו בעמערקען, אַז פאַר איהם זיצען צוויי גאַנץ פערשיעדענע וועזענס, איינע, וועלכע האָט שוין פון לע־בען פיעל געגאָסען און אַ צווייטע וואָס טרעט ערשט אין לעבען אריין. ער האָט ניט געקענט וויסען וואָס פון דעם דאָזיגען קינד וועט אַרויסקומען, ווען זיין יונגער גייסט וועט אַמאָל ערוואַכען, ווען די נייגונגען און אינסטינקטען, וועלכע האָבען נאָך דערוויי־ל געדרעמעלט אין איהם, וועלען זיך אויפכאַפּען. זי איז געווען אַ קליין, שעהן, ניי מענשעלע, וועמען קיינער האָט נאָך ניט געקענט, און ווער עס האָט פון קיין זאַך נאָך ניט געוואוסט. מען האָט זי

געקענט צונלייכען צו א שיף וואס איז נאָר וואס פון האפען ארויס, בעת איהר מוטער האָט זיך צוריקגעקעהרט אהיים פון א לאנגער רייזע וואו זי האָט געלעבט און געליעבט.

ער איז געווארען ווייך ביי דעם געדאנקען, אז זי האָט גע־ראדע איהם אויסגעקליבען, און אז די דאָזיגע נאָך אימער שעהנע פרוי, וואס ווינט זיך אין דער קארעטע פון דעם שמעקעדיגען פריהלינגס ווינטעל געגלעט, האָט איהם נאָך ביז'ן היינטיגען טאָג ליעבער ווי אלעס און אלעמען אין דער וועלט.

ווען ער האָט איהר מיט א בליק זיין דאנקבארקייט אויס־געדריקט האָט זי איהם גלייך פערשטאנען און עס האָט זיך איהם געדאכט, אז ער פיהלט דורך די בעריהרונג פון איהר קלייד א דאנק.

איצט האָט ער אויך אויסגערופען:

— יא, עס איז א שעהנער טאָג היינט!

נאָכדעם ווי זיי האָבען אָבגענומען די הערצאָגין אין דער רוע דע ווארעננע, זיינען זיי געפאָהרען פארביי דעם אינוואלי־דען דאָם איבער דער סיינע און זיך פערקירעוועט אין דער עוועניו דעם טשאמפס עליסעע, פון דאָרט האָבען זיי צוזאמען מיט א גאנצען שטראָם קארעטען זיך א לאָז געטהאָן צו דעם טריאומף פלאץ.

דאָס יונגע מיידעל איז געזעסען נעבען אָליווייער אויף דעם הינטערשטען זיץ און בעטראכט די עקיפאזשען מיט נאאיווע און נייגעריגע בליקען. פון צייט צו צייט ווען די הערצאָגין אָדער די גרעפין האָט מיט א קורצער בעוועגונג מיט'ן קאָפּ אויף א גרוס געענטפערט, האָט זי געפרעגט:

— ווער איז דאָס געווען?

דאַן האָט ער געענפערט:

„פאנטאיגלין,“ „פאואיסעלסי,“ אָדער „די גרעפין לאקריסט,“ אָדער „די שעהנע פרוי מאנדרעלאיר.“

איצט זיינען זיי אונטער דעם ליאַרעם און גערויש פון די רעדער געפאָהרען איבער דער עוועניו דע באָיס דע בולאָין.

דאָ איז ניט געווען אַזאַ געדרענג פון קאַרעטען ווי פריהער, אָבער אין אונענדליכע רייהען האָבען זיי זיך דאָ געצויגען אין אַלע זייטען. פאַר די אויגען האָבען זיך געטראָגען דראָשקעס, שווערע קאַרעטען און לייכטע וועגלאַך און פּלוצים האָט שנעל ווי אַ בליץ זיך דורכגעטראָגען אַ וויקטאָריאַ פון אַ פייערדיגען פערד געטריעבען. מיט אַ משוגענער שנעלקייט האָט ער זיך געיאָגט צווישען דעם געדיכטען עולם פון אַלע קלאַסען, אַלע קרייזען, אַלע קאַסטען, וועלכער האָט זיך בעוועגט אַהין און צוריק. אַ יונגע פרוי איז דאָרט געזעסען אין אַ העלער, עטוואָס אויפפאַלענדער קלייד און אויף די קאַרעטען, וועלכע זיינען נאָהענט פאַר איהר פאַרבייגעפאָהרען, האָט אַ וועהע געטהאָן מיט עפּעס אַ מאָדנעם אונבעקאַנטען בלומען פאַרפיום.

— ווער איז די פרוי? — האָט נעפרעגט אַננעלע.

— איך ווייס ניט — האָט געענטפערט בערטין בעת די הערצאָגין האָט שווייגענדיג אַ קוק געטהאָן אויף דער גרעפין און ביידע האָבען אַ שמייכעל געטהאָן.

אַלעס אַרום האָט געשפּראָצט און אין דער יונגער גרינקייט פון פאַריזער פּאַרק האָבען זיך נאַכטיגאַלען מיט זייערע זיסע טרעלען צוגאָסען. ווען זיי זיינען נאָהענט נעבען דער סיינע געפאָהרען גאַנץ לאַנגזאַם, האָט מען זיי כמעט פון יעדער קאַרעטע בעגריסט; מען האָט געשמייכעלט איינע צו די אַנדערע, געזאָגט זיך אַ פולע פריינדליכע ווערטער און די רעדער פון די אַהין און צוריקפאָהרענדיגע קאַרעטעס האָבען זיך כמעט אָנגעריהרט.

די הערצאָגין, וועלכע האָט אַלע ווײַלע אַ נייג געטהאָן מיט'ן קאָפּ אַלס ענטפער אויף די טיעפע פערנייגונגען פון די פאַרבייפאָהרער, האָט שטיל אין זיך געלאַכט, עפּעס אַזוי ווי זי וואָלט זיך דערמאָנט אָן עטוואָס קאָמישעס, וואָס זי האָט געוואוסט וועגען די דאָזיגע אַלע מענשען. פּלוצים האָט זי זיך אָנגערופען:

— אַט קליינע, טהו אַקאָרשט אַ קוק, דאָ איז ווידער די שעהנע פרוי דע מאנדעלאיר, די שעהנהייט פון דער רעפּובליק.

אין אַ לייכטען, קאַקעטישען וואַגען האָט זיך די דאָזיגע שעהנהייט געלאָזט בעוואונדערן, כלומר'שט גאַנץ גלייכגילטיג צו איהר אונבעשטרייטבאַרען רוהם. די גרויסע, דונקעלע אויגען האָבען געקוקט פון אויבען אראָב איבער די מאַסען, דער ניעדריגער שטערן איז געווען געקרוינט מיט אַ מאַסע שווארצע האָר, ווי מיט אַ טורעם, דער לוינישער מויל איז געווען אביסעלע צו גרויס.

— זי איז ווירקליך זעהר שעהן.

דער גרעפין איז ניט געפעלען, ווען ער האָט די שעהנהייט פון אנדערע פרויען געלויבט. זי האָט לייכט אַ ציה געטהאָן מיט די אַקסלען און געשוויגען, אָבער דאָס יונגע מיידעל אין וועלכער עס האָט זיך פּלוצים ערוועקט די אייפערזוכט, האָט געוואַגט צו זאָגען:

— איך זעה דאָס ניט איין!

דער מאַהלער האָט זיך צו איהר אַ קעהר געטהאָן:

— וואָס, זי געפעלט דיר ניט?

— ניין, זי זעהט אויס, ווי זי וואָלט אין אַ טינטער געלעגען!

דאָס איז דער הערצאָגין געפעלען געוואָרען און זי האָט געזאָגט:

— בראַוואָ, קליינע, זייט זעקס יאָהר, ווי אַ העלפט פון אַלע מענער פון פּאַריז פויזען ארום אויף די קניע פאַר דער דאָזיגער נעגערקע. איך גלויב, אַז זיי לאַכען זיך אויס פון אונז. אָט, קוק בעסער אָן די גרעפין לאַקריסט.

די גרעפין איז געזעסען מיט אַ ווייסען פּודעל הונד אליין אין דער קאַרעטע. זי איז געווען ליעב ווי אַ ליאַלקעלע, בלאָנד, מיט ברוינע אויגען. זי האָט אויך פאַר די לעצטע פינף זעקס יאָהר געהאַט אַ גאַנצע מאַסע בעגייסטערטע פערעהרער. זי האָט

נעגריסט איהרע בעקאַנטע מיט אַ שטענדיגען שמייכעל אויף די ליפּען.

אָבער אַנגעלאַ איז פון איהר נאָך ווייניגער בעגייסטערט געוואָרען:

— עס, וואָס איז דאָ דאָ צו זעהן, זי איז שוין וויים ניט קיין יונגעטשקע!

בערטין, וועלכער איז געוועהנליך ניט געשטאַנען אויף דער זייט פון דער גרעפין, ווען עס איז צו רייד געקומען פון דיביידע שעהנהייטען, איז איצט בייז געוואָרען, פאַר וואָס אַזאַ יונגער שנעק ערלויבט זיך אַזוי צו ריידען.

— צום טייפעל — האָט ער געזאָגט — אויב זי געפעלט איי־נעם מעהר, אַ צווייטען ווייניגער, רייצענד איז זי יעדענפאַלס, און איך ווינש דיר, דו זאָלסטו ווערען כאָטש אַזוי שעהן ווי זי.

— ווייסט איהר וואָס איך וועל אייך זאָגען — האָט געזאָגט די הערצאָגין — איהר ווערט ערשט אויפמערקזאַם אויף אַ פרוי ווען זי איז איבער דרייסיג. דאָס קינד איז גאַנץ גערעכט, אייך געפעלט נור אַזאַ וואָס האָט איהר פרישקייט שוין לאַנג פערלאָ־רען.

ער האָט אויסגערופען:

— ניין, דאָס ניט, אָבער אַ פרוי איז ווירקליך שעהן נור עטוואָס שפּעטער, ווען איהר גאַנצער כאַראַקטער האָט זיך גע־שטעלט.

ער האָט זיך גענומען ענטוויקלען דעם געדאַנק, אַז די ערש־טע פרישקייט איז נור אַן אויבערפלעכליכער גלאַנץ, וואָס קען זיך ניט פערגלייכען מיט דער רייפערער שעהנהייט און ער האָט בעוויזען, אַז די אַריסטאָקראַטישע מענער מאַכען ניט קיין טעות, ווען זיי שענקען ניט קיין אויפמערקזאַמקייט די גאָר יונגע פרויען, און אַז זיי זיינען גאַנץ גערעכט, ווען זיי געפינען זיי פאַר שעהן נור אין דער לעצטער צייט פון זייער בליהונג.

די גרעפין האָט זיך געפונען געשמייכעלט און האָט אויסגע־מורמעלט:

— ער איז גאַנץ גערעכט, ער אורטהיילט ווי אַ קינסטלער. אַ יונג פּנים'על איז טאַקע זעהר שעהן, אָבער עס איז אימער עפּעס צו טרוקען, צו געוועהנליך.

און דער מאהלער האָט נאָך ווייטער גערעדט און ערקלעהרט, ווי אַ פּנים ווערט ערשט דאַן שעהן, ווען ער פערליערט ביסלעכ־ווייז דעם אונבעשטימטען חן פון יוגענד און עס נעהמט אָן זיין אמת'ע פאָרמע, זיין כאַראַקטער, זיין פיזיאָגנאָמיע.

און ביי יעדען וואָרט זיינעם האָט די גרעפין איבערצייגט צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ און ער האָט זיך אַלץ מעהר און מעהר צוהיצט, ווי ער וואָלט פערטהיידיגט אַ זאַך אין וועלכער ער אַליין וואָלט ניט שטאַרק געגלויבט. עס האָט אויסגעזעהן ווי זייביידע וואָלטען זיך געשיצט געגען עפּעס אַ געפאַהר, ווי זיי וואָלטען זיך פערטהיידיגט געגען אַ שלעכטער, אַ פאַלשער מיינונג.

אַננעט האָט ניט געהערט וואָס זיי רעדען, זי האָט געהאַט צופיעל אויף וואָס צו קוקען. איהרע פריהער שמייכלענדיגע ציגע זיינען איצט ערנסט געוואָרען און זי האָט מעהר גאַרנישט געזאָגט, שטום פאַר גליק, פאַר ענטציקונג אין דעם דאָזיגען פרעהליכען ארום. די זון, דער ים גרינע בלעטער, די קאַרעטען, דאָס עלע־גאַנטע, לוסטיגע לעבען ארום און ארום — דאָס האָט פאַר איהר געהאַט מעהר אינטערעס!

אהער וועט זי איצט קאָנען קומען יעדען טאָג, בעקאַנט, בעגריסט און בעניידעט ווערען. און אפשר וועלען די הערדן, וועל־כע וועלען וועגען איהר רעדען אויך זאָגען, אַז זי איז שעהן. זי האָט נאָכגעקוקט די מענער און פרויען, וועלכע האָבען איהר אויסגעזעהן אַס בעסטען און זיך אויף זייערע נעמען נאָכגעפרעגט. און דאַן האָט זי זיך אימער שטאַרק געוואונדערט, ווען מען האָט איהר אָנ־גערופען אַ נאָמען, וועלכען זי האָט געלעזען אין די צייטונגען, אָדער געוואוסט פון דער געשיכטע. עס איז איהר שווער געוועזן

זיך צוגעזעגענט צו דער מאַסע בעריהמטהייטען און זי האָט זיך ניט געוואָלט גלויבען, אז זי זעהט זיי אין דער ווירקליכקייט. עס האָט זיך איהר געדאַכט, ווי זי זעהט דאָס אַלעס אין א טהעאַטער. די איינפאַכע דראָשקעס האָבען ארויסגערופען אין איהר א געפיהל פון עקעל, פון פעראַכטונג, זיי האָבען איהר געשטערט, זי גע־ערגערט און פּלוצים האָט זי אויסגערופען:

— דאָ האָט מען געדאַרפט צולאָזען בלויז עקיפּאַזשען!

בערטין האָט געענטפערט:

— ניין, מיין גנעדיגעס פרייליין! וואָס וואָלט דאַן געוואָרען פון דער פרייהייט, גלייכהייט און ברידערליכקייט?

זי האָט זיך א קרים געטהאָן און איהר פּנים האָט אויסגע־דריקט: „אַך, דאָס געהט מיך נישט אָן.” דאַן האָט זי גע־זאָגט:

— מען האָט דאָך געקענט מאַכען פאַר די דראָשקעס אַן עקסטרען פּאַרק, צום ביישפּיעל, דעם פּאַרק אין ווינסענעס!

— דו ביזט גאָר נישט פאַרטגעשריטען, קליינע, דו ווייסט ניט אז מיר לעבען אין א צייט פון דעמאָקראַטיע. ווען דו ווילסט דורכאויס זעהן דיעזען פּלאַץ אַן אויסגעפּוצטען, דאַן קום אהער אין דער פריה, דאַן וועסטו דאָ טרעפען בלויז די סמעטענע פון אונזער געזעלשאַפט.

און ער האָט איהר אָנגעוואַרפען א בילד פון דעם באָיס אין די פריהמאָרגען שטונדען מיט זיינע רייטער און רייטערינען פון דעם קרייז פון די אויסערוועהלטע, וואו אַלע האָבען געקענט איינער דעם צווייטען, האָבען געוואוסט דעם צווייטען'ס טיטול, זיינע גוטע מעלות און זיין לאַסטער, אקוראַט ווי זיי וואָלטען אין איין געוויסער נאַכבאַרשאַפט אָדער אין א קליין נעסט אַלע צוזאַמען גע־לעבט.

— קומט איהר אָפט אהער?

— זעהר אָפט. עס איז נישטאָ קיין שעהנערער פּלאַץ אין גאַנץ פּאַריז.

— רייט איהר אויך אין דער פריה?

— נעוויס!

— און נאָכמיטאג מאכט איהר וויזיטען?

— יא!

— און ווען ארבייט איהר?

— אַט, מאנכעס מאָל און אַלע מאָל. אזוי ווי איך בין דער מאהלער פון דעם שעהנעם געשלעכט, מוז איך דאָך די פרויען בעטראכטען, זיי בעאָבאַכטען און זיי אומעדום אביסעל נאָכ־געהן.

זי האָט געפרעגט נאָך אַלץ ניט לאַכענדיג:

— צופוס אָדער רייטענדיג?

ער האָט אויף איהר געוואָרפען א צופריעדענעם בליק, וועל־כער האָט געשיינט צו זאָגען:

„קוק זי אָן, זי האָט שוין אויך שכל; זי וועט נאָך אמאָל זיין א מיידעל א ברען!"

א קיהלער ווינד האָט זיך פון וויטען א טראָג געטהאָן און אַלע בוימער פון דיעזען שעהנעם פארק האָבען א ציטער געטהאָן.

א פאָר סעקונדען נאָכאַנאַנד האָבען די דינע בלעטלאך אויף די בוימער זיך געטרייסעלט און די שטאפען אויף די שולטערען פון די שפּאַציער־פאָהרער האָבען זיך בעוועגט: אַלע פרויען האָבען כמעט מיט דערזעלבער בעוועגונג ארויפגעצויגען זייערע מאנטיל־קעס, וועלכע זיינען איבער די פּלייצעס אראָבגעפאַלען, און די פערד האָבען זיך א לאָז געטהאָן איבער די אַלעען מיט שנעלע טריט, ווי דער שארפער ווינד וואָלט זיי אַלעמען א טרייב געטהאָן.

צוריק זיינען זיי געפאָהרען שנעל, אונטער דאָס העלע קלינ־גען פון די קייטלאך אויף די פערדישע לייצעס און די אונטערגע־הענדיגע זון האָט אַלעם בעלויכטען מיט איהרע פּורפור־רויטע שטראַהלען.

— ווילט איהר פאָהרען אהיים? — האָט געפרעגט די גרעפין ביים מאהלער, ועמעס געוואָהנהייטען זי האָט גענוי געקענט.

— ניין, איך וויל זיין אין קלוב!

— דאַן וועלען מיר, פאַרבייפאַהרענדיג, אייך אָרונטערלאָזען.

— דאָס וואָלט מיר געווען זעהר אנגענעהם; איך דאַנק אייך דערפאַר פיעל מאָל.

— און ווען לאַדעט איהר אונז מיט דער הערצאָגין איין צום פריהשטיק?

— וועלכער טאָג פּאַסט אייך אָם בעסטען?

דער דאָזיגער ליעבלינג פון די פּאַריזערינען, וועמען די פּער־עהרער האָבען גערופען „דער רעאַליסטישער וואַטטעו" און די געג־נער „דער קליידער און מאַנטעל פאָטאָגראַף", האָט אָפט ביי זיך צוגענומען צום פריהשטיק אָדער צום דינער די שעהנהייטען, וועמעס בילדער ער האָט געמאָלען. צו די דאָזיגע דינערס זיינען געקומען נאָך אנדערע מענשען, אַלעס וואָס איז געווען בעקאַנט און בעריהמט; און אַלע פרויען האָבען זיך אימער שטאַרק אמו־זירט ביי דיעזע קליינע אונטערהאַלטונגען אין דער וואָהנונג פון דעם אַלטען בחור.

— איבערמאָרגען — האָט געזאָגט די גרעפין און זיך ווענ־דענדיג צו דער הערצאָגין, האָט זי געפרעגט: — זייט איהר פריי איבערמאָרגען, געעהרטע הערצאָגין?

— יאָ, געוויס! דאָס וועט זיין אויסגעצייכענט. הערר בערטין דערמאָנט זיך קיינמאָל ניט אָן מיר צו די דאָזיגע אונ־טערהאַלטונגען, מען קען מערקען אז איך בין שוין ניט מעהר יונג.

די גרעפין, וועלכע איז געוואָהנט געווען דעם קינסטלער'ס הויז צו בעטראַכטען כמעט אַזוי ווי איהר אייגענע, האָט זיך אָבגערופען:

— נור מיר זאַלבע פיערט! די הערצאָגין, אַננעלע, איך און איהר, ניט אמת, גרויסער מייסטער?

— יאָ, נור מיר פיער — האָט ער געענטפערט אויסשטיינענ־דיג פון דער קאַרעטע — און איכ'ל הייסען אָנגרייטען קרעבס, ווי זיי ווערען געמאַכט אין עלזאַס.

— אך, איהר וועט מיר די קליינע גאָר פארצערטלען!

ער האָט זיך פארניינט, און איז מיט לעבהאפטע טריט אריין אין פירהויז פון קלוב, האָט א וואָרף געטהאָן זיין אויבערראָק און שטאק צו דער באנדרע דיענער, וועלכע האָבען זיך צו איהם א לאָז געטהאָן, ווי סאָלדאטען צו אַן אָפיציער. דאַן איז ער ארויף אויף די ברייטע טרעפ, דאָרט האָט ער ווידער געטראָפען א מאסע דיענער אין קורצע הויזען ביז די קניע, ער איז פאר זיי פארבייגעגאנגען און געעפענט א טיר. אריין אין פעכט זאאל, האָט ער זיך פלוצים דערפיהלט פריש און פלינק און לעבעדיגער ווי א יונגערמאַן. ארום האָט זיך געטראָגען א טומעל, א ליארעם פון די פעכטער און קרעפטיגע שטימען האָבען אלע וויילע אויסגערופען:

— געטראָפען... יעצט איך... פארפעהלט... איך... געטראָפען... איצט איהר!

די פעכטער, אָנגעטהאָן אין גרויע לייוועגטענע אנצוגען, אין וועסטען און הויזען שמאָלע ארום די קנעכעל, מיט אזא מין פאר־טוך פון פאָרענט, איין האנד אויפגעהויבען אין דער לופטען, און די אנדערע, וועלכע האָט צוליעב דעם האנדשוה אויסגעזעהן זעהר גרויס, האָט געהאלטען א פיינעם בייגזאמען פלאָרעט.

אנדערע זיינען געשטאנען אַן א זייט, האָבען זיך אָבגערוהט, געפלוידערט צווישען זיך נאָך גאַנץ אויסער אָטעם, מיט רויטע פנים'ער און געווישט זיך מיט א טאשען־טוך דעם שטערן, די האלז; נאָך אנדערע זיינען געזעסען אויף דעם דיוואַן, וואָס האָט זיך געצויגען אין דער גאנצער ליינג פון דעם זאאל און צוגעקוקט, ווי מען פעכט: ליווערדי האָט געפאָכטען מיט לאנדרא, און דער פאָרזיצענדער פון קלוב, מאללארדע גענען דעם הויכען ראָקדיאַנע.

בערטין האָט זיך דאָ געפיהלט ווי אין דערהיים און שמייכ־לענדיג אלעמען די הענד געדריקט.

— איך פעכט מיט אייך! — האָט אויסגערופען דער באַ־ראָן באוועריע.

— איך שטעה צו אייער דיענסט, מיין ליעבער!

און ער איז אַוועק אין טואַלעט צימער זיך איבערצוטהאָן.

ער האָט זיך שוין פון אַ צייט לאַנג ניט געפיהלט אַזוי פלינק, אַזוי בויגעדיג, אַזוי קרעפטיג; און אַזוי ווי ער האָט געוואוסט, אַז ער וועט היינט אויסגעצייכענט פעכטען, האָט ער זיך געאיילט, אונגעדולדיג ווי אַ שילער, וואָס יאָגט זיך צום שפּיעלען.

אַזוי שנעל ווי זיין געגנער איז געשטאַנען געגען איהם, האָט ער איהם אָנגעגריפען מיט גרויס ענערגיע און אין צעהן מינוטען אַרום, איז דער באַראָן, וועלכער איז פאַר דער קורצער צייט עלף מאָל געטראָפען געוואָרען, געווען אַזוי מיעד, אַז ער האָט געבעטען אויפצוהערען. דאַן האָט בערטין געפּאַכטען מיט פונסי־מאָנט און מיט זיין קאָלעגע אַמאורי מאַלדאַנט.

דער קאַלטער דוש נאָכדעם, וועלכער איז איהם ווי אייז איבער'ן וואַרימען קערפּער געלאָפען, האָט איהם דערמאָנט אויף די בעדער, ווען ער איז צוואַנציג יאָהר אַלט געווען, און פלעגט דאַן שפּרינגען איבער'ן קאָפּ פון עפּעס אַ הויכען בריק אין דער סיינע אריין.

— ווערסטו היינט דאָ עסען? — האָט איהם געפרעגט מאַלדאַנט.

— יאָ!

—מיר האָבען אַ טיש מיט ליווערדי, ראַקדיאַנע און לאַנדראַ. אייל זיך אַביסעל צו, עס איז שוין אַ פיערטעל אויף אַכט.

דער עס־צימער איז געווען פול מיט מענער און דעם הור־האַ פון זייערע שטימען.

דאָ זיינען געווען פּאַרקליעבען אַלע נאַכטוואַנדלער פון פּאַ־ריז; מענער, וועלכע האָבען ניט קיין שום פּראָפעסיאָן, און אַזעלכע, וואָס זיינען יאָ בעשעפטיגט, אַלעס מענשען, וואָס פון זיעבען אַזייגער אין אָבענד הויבען זיי ניט אָן צו וויסען וואָס מיט זיך צו טהאָן. זיי געהען אין קלוב עסען, אום צו טרעפען זיך מיט מענשען, מיט בעקאַנטע און צוזאַמען מיט וועמען עס איז געהען זיי דאַן זוכען עפּעס אַ צופאַל...

ווען די פינף פריינד האָבען זיך געזעצט צום טיש, האָט דער

באַנקיער ליוועררי, אַ קרעפטיגער, בעלייבטער מאַן פון אַ יאָהר פיערציג, זיך אָבגערופען:

— איהר האָט דאָך עפּעס היינט געפּאַכטען ווי אַ טייפעל!

דער מאַהלער האָט געענטפערט:

— יאָ, היינט וואָלט איך געקאָנט אויפטהאָן אַלעס אין דער וועלט!

אַלע האָבען געשמייכעלט, און דער לאַנדשאַפטס־מאַהלער, אַמאורי מאַלדראַנט, אַ קליינער, מאַגערער, ווייסקעפּיגער מאַן מיט אַ גרויער באָרד, האָט געזאָגט כיטרע:

— מיר געהט עס אויך אַזוי! אין אַפּריל דערפיהל איך אימער עפּעס אַ מין בענייאונג, עס דאַכט זיך מיר, אַז איך ווער אָבגעפרישט, ווער ווידער יונג. אָבער לאַנג האַלט עס ניט אָן.

דער מאַרקיז ראַקדיאַננע און גראַף לאַנדאַ האָבען איהם בע־ דויערט. זיי ביידע זיינען געוועזען עלטער פון איהם, אָבער זייערע יאָהרען האָט מען בשום אופן ניט געקאָנט טרעפען. זיי זיינען געוועזען קלוב־מענשען, רייטער און פעכטער, און די אַלע קערפּער־ ליכע איבונגען האָבען זייערע קערפּער ווי פון אייזען געמאַכט און זיי האָבען זיך שטענדיג בעריהמט, אַז זיי זיינען אין יעדער בעציהונג יינגער און שטאַרקער פון די נערוועזע יונגע מענשען פון היינטיגען דור.

ראַקדיאַננע האָט געשטאַמט פון אַ גוטער פאַמיליע און מען האָט איהם געקאָנט טרעפען אין אַלע פיינע סאַלאָנען, אָבער ער איז געשטאַנען אונטער אַ פאַרדאַכט, אַז ער מאַכט פאַרשיעדענע קונ־ קעל־מונקעל געשעפטען. דאָס איז, נאָך בערטינ׳ס מיינונג נאָך, קיין וואונדער ניט געוועזען, ווייל ער האָט זיך אַ צו לאַנגע צייט אַרומגעטריבען אין ניעדעריגע פּלעצער. ער איז געוועזען פערהייראַט מיט אַ פרוי, פון וועלכער ער האָט זיך שפּעטער געשיערען. די פרוי האָט איהם געמוזט צאָהלען אַ געוויסע סומע געלד אַ יאָהר. ער איז געוועזען אַ דירעקטאָר פון אַ בעלגישער און פּאָרטוגעזישער

באַנק. זיין עטוואָס באַפּלעקטע עהרע האָט ער פון ציים צו צייט אָבגעוואַשען מיט בלוט אין א דועל.

גראַף לאַנדראַ איז געווען אַ גוטמוטיגער גיגאַנט. ער איז געווען שטאָלץ אויף זיין פיגור, אויף זיין קראַפט און הגם ער איז געווען פערהייראַט און האָט געהאַט צוויי קינדער, איז איהם דאָך געווען זעהר שווער צו בלייבען דריי מאָל אַ וואָך אין דערהיים צום עסען. די איבעריגע טעג האָט ער פערבראַכט מיט זיינע פריינד אין קלוב.

דער קלוב איז איין גרויסע פאַמיליע, פלעגט ער זאָגען; צו איהר בעלאַנגען די, וועלכע האָבען ניט קיין אייגענע פאַמיליע; יענע, וועלכע וועלען קיין מאָל קיין פאַמיליע ניט האָבען און אַזעלכע, וועלכע האָבען זי יאָ אָבער זיי לאַנגווייליגען זיך אין איהר.

זיי האָבען גערעדט וועגען פרויען, דאַן זיינען זיי אריבער צו אַנעקדאָטען, האָבען אָבגעפרישט געוויסע עראינערונגען און דערצעהלט זעהר אינטימע זאַכען.

דער מאַרקיז ראַקדיאַננע האָט געגעבען גאַנץ קלאָהרע אָנצוהערענישען אויף זיינע פערהעלטניסע מיט פרויען פון דער געזעלשאַפט, וועמעס נעמען ער האָט ניט דערמאָנט, אום מען זאָל זיך גיכער אויף זיי אָנשטויסען. דער באַנקיער ליווערדי האָט אַלע זיינע געליעבטע אָנגערופען מיט'ן ערשטען נאָמען. ער האָט דערצעהלט: — איך האָב דעמאָלט געהאַט בעציהונגען מיט דער פרוי פון אַ דיפּלאָמאַט, און איין מאָל אין אַ אבענד רוף איך זיך אָב צו איהר: „וויסטו וואָס, גרעטעל"... אַלע ארום האָבען געשמייכעלט — ער האָט זיך אונטערבראָכען און דאַן ווייטער גערעדט: — נו, יאָ, דאָס האָט זיך ביי מיר ארויסגעריסען. אייגענטליך האָט מען געדאַרפט, איין מאָל פאַר אַלע מאָל, אַלע פרויען רופען סאָפיע.

אַליוויער בערטין איז אימער געווען צוריקגעהאַלטען. און ווען מען האָט ביי איהם געפרעגט וועגען זיינע ערפאַהרונגען, האָט ער געענטפערט:

— איך בענוגען זיך מיט מיינע מאָדעל מיידלאַך.

מען האָט געמאַכט אַן אָנשטעל, ווי מען גלויבט איהם; און לאַנדרא, וועלכער איז נאָכגעלאָפען נאָך איינפּאַכע גאַסען־מיידלאַך, איז געווען גאַנץ אויפגערעגט ביי דעם געדאַנק וועגען אַלע יענע שעהנע מיידלאַך, וועלכע האָבען זיך אויסגעטהאָן פאַר דעם מאָה־לער, פאַר צעהן פראַנק אַ שטונדע.

וואָס לײדיגער עס זיינען געוואָרען די פלאַשען, אַלץ צו־היצטער, אַלץ לעבהאַפטער זיינען געוואָרען די מענער ארום טיש. נאָך דעם קאָפע האָט ראַקריאַנע זיך אַזוי צואוואַרימט, אַז ער האָט פאַרגעסען די וועלט־דאַמען און גענומען לויבען די פרעהליכע פרויען פון אַ געוויסען סאָרט.

— פּאַריז — האָט ער געזאָגט מיט אַ גלאָז קימעל אין האַנד — איז די איינציגע שטאָדט, וואו אַ מאַן ווערט ניט אַלט; די איינציגע שטאָדט, וואו ער קאָן צו פופציג יאָהר, ווען ער האָט זיך נור איינגעהאַלטען און איז נאָך קרעפטיג, געפינען אַ יונג אַכטצעהן יעהריג מיידעל, שעהן ווי אַ מלאך, וואָס זאָל איהם ליעבען.

לאַנדרא, אביסעל אָנגעסנאָסקעט, האָט געהאַלטען מיט ראָק־דיאַננע׳ן, ער האָט בעגייסטערט צוגעשטימט צו זיינע רייד און גענומען אויסצעהלען אַלע זיינע יונגע מיידלאַך, וועלכע ליעבען און פאַרעהרען איהם יעדען טאָג.

אָבער ליוועררי, וועלכער איז געווען פיעל סקעפּטישער און האָט בעהויפּטעט, אַז ער קען די פרויען גוט און וויים וואָס זיי זיינען ווערטה, האָט זיך אָבגערופען:

— אַך, דאָס דערצעהלען זיי אייך אַזעלכע מעשות, זיי פּערעהרען אייך, דאָס זאָגען זיי אייך נור!

לאַנדרא האָט געענטפערט:

— ניין, ניין, מיין ליעבער, זיי בעווייזען עס מיר!

— יאָ, די בעווייזע, אַ סך זיינען זיי ווערטה!

— זי' זיינען ווערטהה גענוג פאַר מיר!

ראַקדיאַננע האָט אויסגעשריען:

— אָבער צום טיפעל, גלויבט איהר דען ווירקליך, אז אזא קליינע, יונגע ציג פון א יאָהר צוואַנציג, וועלכע טרייבט זיך ארום אין פאַריז פינף־זעקס יאָהר און האָט זיך אויסגעלערנט קושען אלע אונזערע וואַנצעס, אז אזא מין ציג קאָן נאָך אונטערשיידען א מאַן פון דרייסיג ביז א מאַן פון זעכציג? וואָס פאַלט אייך איין, זי האָט צופיעל געלעבט, צופיעל דורכגעמאַכט. הערט אויס, איך קאָן אייך וועטען, אז אין גרונד פון איהר הארצען האָט זי אַן אַלטען באַנקיער ליעבער ווי עפּעס א יונגען חברה־מאַן. זי ווייס דען פון עפּעס, זי טראַכט דען נאָך, האָבען דאָרט די מענער איבערהויפּט אַן עלטער? אך, מיין ליעבער, מיר ווערען אלע אינגער, ווען מיר קריעגען גרויע האָר; און וואָס ווייסער אונזערע קעפּ ווערען, אלץ מעהר זאָגט מען אונז, אז מען האָט אונז ליעב, אלץ מעהר ווייזט מען עס אונז ארויס און אלץ מעהר גלויבען מיר אין דעם.

זיי זיינען אויפגעשטאַנען פון טיש, אויפגערעגט פון אַל־קאָהאָל, בערייט גלייך צו געהן זוכען עפּעס א פּיקאַנטען צופאַל, און זיי האָבען זיך גענומען בעראַטען, וואו זיי זאָלען דעם אבענד פאַרברענגען. בערטין האָט פאָרגעשלאָגען צו געה, אין צירק, ראַקדיאַנע אין היפּאָדראָם, מאַלראַנט דאָס עדען טהעאַטער און לאַנדא די פאָליעסבערזשער. פּלוצים האָט זיך פון ווייטען דערהערט א לייכטער טאָן פון פידלען, וועלכע מען שטעלט אָן.

— היינט איז דאַכט זיך מוזיק אין קלוב? — האָט געפרעגט ראַקדיאַננע.

— יאָ — האָט געזאָגט בערטין — לאָמיר אַראָבגעהן אהין אויף צעהן מינוטען, איידער מיר געהען אוועק.

— לאָמיר געהן!

זיי זיינען דורכגעגאַנגען א סאַלאָן, דעם ביליאַרד צימער און דאַן זיינען זיי צוגעקומען צו אזא מין לאָזשע איבער דער

גאַלערעע, וואו עס האָבען זיך געפונען די מוזיקאַנטען. פיער מענער זיינען דאָרט אין פּאָטעלען געזעסען און געוואַרט. אונטען, אין מיטען פון אַ רייהע לעדיגע שטוהלען זיינען געשטאַנען, אָדער געזעסען, נאָך אַ טוץ אַנדערע מענשען און געפּלוידערט צווישען זיך.

דער קאַפּעלמייסטער האָט אַ קלאַפּ געטהאָן מיט זיין שטעקעלע, די מוזיקאַנטען האָבען גענומען שפּיעלען.

אַליוויער בערטין האָט געליעבט די מוזיק, ווי מען ליעבט אָפּיום. זי האָט ביי איהם אַרויסגערופען שעהנע חלומות.

אַזוי שנעל ווי זיין אויער האָט דערהערט די ערשטע טענער, איז אויף איהם אָנגעפאַלען עפּעס אַ מין נערוועזע שיכרות, אַזוי אַז, אַז דער קערפּער, אַז דער גייסט זיינען געוואָרען ווי עלעקטריזירט. אויפגעהויבען דורך די מעלאָדיען, האָט זיין פאַנטאַזיע זיך אַוועגטראָגען העט ווייט, ווייט. אין זיסע טרוימען, מיט צוגעמאַכטע אויגען, די פיס איינס איבער'ן אַנדערען פאַרלענגט, די הענד אַראָבהענגענדיג, האָט ער זיך צוגעהערט צו די טענער און געזעהן בילדער פאַר זיינע גייסטיגע אויגען דורכשוועבען.

דער אָרקעסטער האָט געשפּיעלט אַ סימפאָניע פון האודן, און, ווען דער מאַהלער האָט זיינע אויגען צוגעמאַכט, האָט ער אין זיין פאַנטאַזיע ווידער דערזעהן דאָס באַאיס דע בולאָון, די מאַסע עקיפּאַזשען אַרום איהם און אַנטקעגען איהם אין קאַרעטע די גרעפין און איהר טאָכטער ער האָט געהערט זייערע שטימען, זייערע ווערטער, געפּיהלט ווי די קאַרעטע בעוועגט זיך און איינגעאָטהעמט די מיט פרישע בלעטער שמעקענדיגע לופט.

דריי מאָל נאָכאַנאַנד, ווען זיין שכן האָט איהם עפּעס געזאָגט, איז די דאָזיגע פאָרשטעלונג פערשוואונדען און דאַן גלייך ווידער אַרויפגעשוואומען. דאַן האָט זיך זיין טרוים ווידער געוועבט, און באַלד האָט זיך איהם געדאַכט, אַז ער מאַכט אַ לאַנגע רייזע מיט דיביידע פרויען, וועלכע זיינען אַלץ געזעסען אַנטקעגען איהם, סיי אין אייזענבאַהן, סיי ביים טיש אין אַ פרעמדען האָטעל.

און אַזוי האָבען זיי איהם בעגלייט די גאַנצע צייט, וואָס די מוזיק האָט געשפּיעלט, עפּעס אַזוי ווי דאָס בילד פון זייערעביידענס פּנים׳ער וואָלט זיך היינט, בעת׳ן פאָהרען מיט זיי אונטער דעם העלען זונשיין, טיעף אין זיין זכרון איינגעגראָבען.

א שטילשווייגען, דאַן א געררויש פון שטימען און אָבגערוקטע שטוהלען האָבען איהם פון זיינע טרוימען אויפגעוועקט, ער האָט דערזעהן זיינע פריינד זיצענדיג אין די פאָטעלען אין א פּאָזע, ווי זיי הערען זיך אויפמערקזאַם צו — זיי זיינען געשלאָפען.

ער האָט זיי אויפגעוועקט און געפרעגט:

— נו, וואָס טהוען מיר איצט?

— איך — האָט זיך אָבגערופען ראַקדיאַננע אָפען — וואָלט נאָך וועלען דאָ שלאָפען א ווײלע.

— איך אויך — האָט געזאָגט לאַנדרא.

בערטין האָט זיך אויפגעהויבען:

— גוט, איך געה אהיים, איך פיהל זיך עטוואָס מיער.

אין דער אמת׳ן האָט ער זיך געפיהלט אין א זעהר געהויבענער שטימונג, אָבער ער האָט געוואָלט אוועקגעהן, ווייל ער האָט מורא געהאַט פאַר דעם שלום פונ׳ם היינטיגען אבענד ביים באַקקאַרא־טיש פון קלוב.

ער איז אוועק אהיים, און ווען ער איז אויף מאָרגען אויפ־געשטאַנען, נאָך א נערוועזער נאַכט, האָט ער זיך געפיהלט אין א צושטאַנד פון גייסטיגער פיעבערהאַפטיגקייט, וואָס מען רופט ביי די קינסטלער אינספּיראַציאָן. ער האָט זיך ענטשלאָסען צו בלייבען א גאַנצען טאָג אין דערהיים און אַרבייטען.

דער טאָג איז געוועזען זעהר א פּרוכטבאַרער, איינער פון יענע טעג, ווען עס שאַפט זיך אַזוי לייכט, ווען דער געדאַנק שיינט צו ליגען ביים קינסטלער אין האַנד און דריקט זיך פון זיך אַליין אויף דעם לייוועגד אויס.

הינטער פערשלאָסענע טירען, אָבגעריסען פון דער גאַנצער וועלט, אין דער שטילקייט פון דעם הויז, וואָס איז פערמאַכט גע־

ווען פאַר יעדען מענשען, אין דעם רוהיגען פריערען פון דעם אַטעליער, האָט ער מיט לייכטענדיגע אויגען, פיעבערהאַפט אויפגערעגט גענאָסען פון יענעם טיעפען גליק, וואָס איז בעקאַנט נור דעם קינסטלער, ווען ער ברענגט אַ נייעם ווערק אויף דער וועלט.

בעת די דאָזיגע שטונדען פון שאַפען, האָט פאַר איהם קיינער און קיין זאַך אויף דער וועלט ניט עקזיסטירט אויסער דער לייווענד, אויף וועלכער עס איז אונטער דער לאַסטשענדיגער בעריהרונג פון פענזעל אַ בילד אויסגעוואַקסען. אין אבענד איז ער געווען טוידט מיעד, ווי נאָך אַ געזונטער און שווערער ארבייט און ער האָט זיך געלעגט שלאָפען מיט דעם אנגענעהמען געדאַנק וועגען מאָרגענדיגען פריהשטיק.

דער טיש איז געווען בעפּוצט מיט בלומען און אַן אויסגעצייכענטער מעניו פאַר דער גרעפין פאַרבערייט, דען זי האָט ליעב געהאַט גוט אריינצועסען. נאָך אַ פערצווייפעלטען אָבער קורצען ווידערשטאַנד, האָט דער מאַהלער געצוואונגען זיינע געסט, צו טרינקען שאַמפּאַניער.

— די קליינע וועט ווערען שיכור — האָט געזאָגט די גרעפין.

די הערצאָגין האָט געענטפערט:

— מיין גאָט, מען מוז עס דאָך זיין צום ערשטען מאָל!

ווען זיי זיינען פון עס־צימער צוריק אין אַטעליער אריין, זיינען זיי אַלע געווען זעהר גוט אויפגעלעגט, זיי האָבען זיך געפיהלט פרעהלאַך און לוסטיג און לייכט, ווי אויף די פיס וואָלטען זיי פליגעל אויסגעוואַקסען.

די הערצאָגין און די גרעפין, וועלכע האָבען געהאַט אַ קאָמיטעט זיצונג פון דעם פראַנצויזישען פרויען־פעראיין, האָבען געמוזט, איידער זיי געהען אהין, אָבפיהרען דאָס יונגע מיידעל אהיים. אָבער בערטין האָט זיך אָנגעשלאָגען צו געהן מיט אננעלען צופוס. ער וועט זי בעגלייטען אהיים איבער דעם בולוואַר מאַלעס הערבעס. און זיי זיינען צוזאַמען אוועק.

— לאָמיר גיין מיט דעם לענגסטען וועג! — האָט זי גע־בעטען.

— ווילסטו זיך אביסעל דורכגעהן אין פּארק? עס איז דאָרט זעהר שעהן, מיר וועלען א ווײלע אָנקוקען די קליינע קינדער מיט זייערע אמען.

— גוט, מיר געהען!

דורך דער עוועניו פעלאקוועץ זיינען זיי צוגעקומען צו די בערגולטע שטאכעטען, וועלכע האָבען דעם דאָזיגען שעהנעם פּארק געדיענט אי אלס בעציערונג, אי אלס ארייננגאנג. אין רעכטען מיטען פון פּאריז, ארומגערינגעלט פון רייכע פּאלאצען, האָט דער עלעגאנטער פּארק אויסגעזעהן, ווי א וואונדערשעהנער, גרינער אינזעל.

אין דער גאנצער לענג פון די ברייטע הויפּט וועגען, וועלכע האָבען זיך געצויגען צווישען בושעס און בלומען־בעעטען, זיינען געזעסען א מאסע מענער און פרויען אויף אייזערנע שטוהלען און בעטראכט די פערבייגעהער, בעת אויף די קליינע שאָטענדיגע וועגען, וועלכע האָבען זיך ווי טייכלאך געשלענגעלט, איז א מאסע קינדער ארומגעלאָפען און זיך אין זאמד געשפּיעלט. זיי זיינען געלאָפען, געשפּרונגען, געליארעמט פאר די אויגען פון די אמען אָדער פון די נאָך בעזאָרגטערע בליקען פון די מאמעס בעוואכט.

די ברייטע וועגען זיינען געוועזען ארומגערינגעלט מיט מעכטיגע בוימער ווי מיט גרינע מאָנומענטען; מיט ריעזיג גרויסע קאַס־טאניען־בוימער, וועמעס דונקעלע צווייגען זיינען פול געוועזען מיט רויטע און ווייסע בליהאכצען, מיט שטאָלצע סיקאָמאָרען און אויס־געפּוצטע פּלאטאנען.

עס איז געוועזען ווארעם, די טייבעלאך האָבען געקוויטשעט און די בלעטער זיינען ארומגעפלויגען פון איין בוים צום אנדערען. די ווייסע סטאטועס אויף זייערע פּיעדעסטאלען האָבען אויסגע־זעהן גליקליך אין דער ארומיגער גרינקייט. א מארמאָרנער אינגעל ציהט ארויס א דאָרן ביי זיך פון פוס, אקוראט ווי ער וואָלט זיך

נור וואָס פאַרשטאָכען, לויפענדיג נאָך דיאַנאַ'ן, וועלכע האָט זיך דאָרט הינטער די בושעס באַהאַלטען.

אַנדערע סטאַטועז האַלטען זיך אַרומגענומען, צערטליך און קאַלט צוגלייך, אָדער חלום'ען, די הענד איבער די קניע פערלעגט. אַ וואַסערפאַל הוזשעט איבער שעהנע פעלזען אַרונטער.

דאָ איז דער שעהן אויסגעפוצטער פּלאַץ, וואו די שטאָדט־מענשען קומען בעטראַכטען און בעוואונדערען די בלומען, וועלכע זיינען אונטער גלאָז אויסגעוואַקסען, אָט אַ שטייגער, ווי מען קומט אין טהעאַטער זעהן אַ בילד פון לעבען.

אָליוויער בערטין איז זייט יאָהרען כמעט יעדען טאָג גע־קומען אויף דיעזען פּלאַץ, וועלכען ער האָט בעזונדערס ליעב גע־האַט, ווייל דאָ האָט ער געקאָנט זעהן די פאַריזערקעס אין זייערע ריכטיגע ראַהמען.

דער פּאַרק איז ווי געמאַכט פאַר שעהנע קליידער, פלעגט ער זאָגען; ניט שעהן אָנגעטהאָנענע מענשען וואָלטען זיך דאָ גע־וואָרפען אין די אויגען און אַרויסגערופען אַ שרעק.

שטונדען לאַנג האָט ער דאָ אַרומגעשפּאַציערט. ער האָט געקאָנט יעדער פלאַנצונג און אַלע רעגעלמעסיגע בעזוכער.

ער איז געגאַנגען נעבען אַננעלען אויף די ברייטע וועגען און זיך מיט אינטערעס צוגעקוקט צו דעם לעבעדיגען הו־האַ פון די מענשען אין פּאַרק.

— אַך, וואָס פאַר אַ מלאך'ל! — האָט זיך פּלוצים אָנגע־רופען אַננעלע.

זי האָט בעטראַכט אַ קליין, בלאָנד אינגעלע מיט לאַנגע לאָקען, וועלכער האָט זי מיט זיינע בלויע אויגען אָנגעקוקט ער־שטוינט און גליקזעליג. דאַן האָט זי בעטראַכט די איבעריגע קינדער איינעם נאָכ'ן אַנדערען און ווייל עס האָט איהר פערשאַפט פערגעניגען צו קוקען אויף די דאָזיגע פאַרצערטעלטע, לעבעדיגע ליאַלקעלאַך, איז זי געוואָרען רעדעוודיג און פרעהלאַך.

זי איז געגאַנגען מיט קליינע טריט און געטהיילט זיך מיט

בערטינ׳ען מיט איהרע איינדריקע, איהרע בעאָבאַכטונגען איבער די קינדער, איבער די אַמען און איבער די מוטערס. די פולע, רונדע קינדערלאַך האָט זי בעגריסט מיט אַ פריינדליכען אויסגע־שריי, די בלייכע האָבען אויף איהר אַ טרויעריגען איינדרוק גע־מאַכט.

ער האָט זיך צוגעהערט צו איהרע רייד, און זי האָט איהם געמאַכט מעהר שפּאַס ווי די קינדער. פערנומען אין די געדאַנקען מיט זיין מאַהלעריי, האָט ער געמורמעלט: „גאַנץ רייצענד!" און דערביי געטראַכט, וואָס פאַר אַ שעהנעם בילד עס וואָלט גע־קאָנט אַרויסקומען, ווען מען זאָל איבערגעבען אַזאַ שטיקעל פּאַרק מיט אַ הויפען אַמען, מוטערס און קינדער. ווי איז עס איהם פריהער ניט איינגעפאַלען?

— האָסטו ליעב די קליינע ווערימלאַך? — האָט ער גע־פרעגט.

— אָה, זעהר.

ווען ער האָט געזעהן ווי אַננעלע בעטראַכט די קינדער, האָט ער געפיהלט, אַז זי האָט לוסט זיי אויף די הענד צו נעהמען, זיך מיט זיי צו שפּיעלען, זיי צו קושען. און ער האָט זיך געוואונדערט איבער דעם אינסטינקט פון דער צוקונפטיגער מוטער אין דיזער יונגער, נאָך ניט אין גאַנצען ענטוויקעלטער מיידעל.

אַזוי ווי זי איז געווען אויפגעלעגט צו ריידען, האָט ער זי אויסגעפרעגט וועגען איהרע האָפנונגען. מיט קינדערשער נאַ־איוויטעט, האָט זי זיך פאַר איהם אָפען מודה געווען, אַז זי האָפט צו האָבען ערפאָלג אין דער געזעלשאַפט; זי האָט געזאָגט, אַז זי וואָלט גערן וועלען האָבען שעהנע פערד, אַז זי פערשטעהט זיך אויף זיי, ווייל אין ראַנסיערעס, וואו זי איז ערצויגען געוואָרען, איז די פערד צוכט געווען איינע פון די וויכטיגסטע זאַכען, און וועגען אַ חתן האָט זי זיך געזאָרגט אַזוי פיעל, ווי מען זאָרגט זיך וועגען אַ וואָהנונג, אין אַ געגענד וואו אַ סך וואָהנונגען שטעהען ליידיג און עס איז זעהר לייכט איינע צו קריגען.

זיי זיינען צוגעקומען צו אַ טייכעל, וואו צוויי שוואַנען־פויגלאַך און זעקס ענטלאַך זיינען שטיל געשוואומען, אומבאַוועג־ליך, ווייס, ווי פויגעל פון פאַרצעליי געמאַכט. דאַן זיינען זיי פאַרבייגעגאַנגען פאַר אַ יונגער פרוי, וועלכע איז געזעסן מיט אַן אָפענעם בוך אויף די קניע, האָט געקוקט פערטראַכט אין דער ווייטער ווייטקייט אריין אין טיעפע חלומות פערזונקען.

בערטין איז געבליבען שטעהן ערשטוינט.

— עס איז שעהן אַזוי צו טרוימען — האָט ער געזאָגט.

זיי זיינען איהר פערבייגעגאַנגען, האָבען זיך אומגעקעהרט און נאָך אַמאָל פאַרביי איהר פאַרבייגעגאַנגען, אָבער זי האָט עס ניט בעמערקט, אַזוי פערטהאָן אין די געדאַנקען איז זי געווען.

דער מאַהלער האָט זיך געווענדעט צו אַננעלען:

— זאָג אָקאָרשט, קליינע, וואָלט דיר געווען זעהר אונאַנ־גענעהם, צו שטעהן פאַר מיר איין מאָל אָדער צוויי מאָל אַלס מאָדעל?

— ניין, אין געגענטהייל.

— זעה, מחו אַ קוק אויף דער פרוי, ווי זי זיצט דאָ אַ פאַר׳חלומ׳טע.

— אָט די אויף דער שטוהל?

— יאָ. זעהסטו, פונקט אַזוי מוזטו אויך זיך זעצען אויף אַ שטוהל, דאַן נעהמסטו אַן אָפענעם בוך אויפ׳ן שויס און מוזט זעהן זיך צו האַלטען אַזוי ווי זי. האָסטו שוין אַמאָל געטרוימט מיט אָפענע אויגען?

— אָה, געוויס.

— פון וואָס דען?

און ער האָט ביי איהר געפרובט אַרויסקריגען פון וואָס זי האָט געטרוימט. אָבער זי האָט ניט געוואָלט ענטפערן, האָט אויס־געמיעדען זיינע פראַגען און זיך צוגעקוקט, ווי די ענטלאַך זיינען געשוואומען נאָך די ברעקלאַך ברויט, וואָס אַ פרוי האָט זיי צו־

געוואָרפֿען. זי האָט געשיינט זיך צו פֿיהלען אונבעקוועם, ווי ער וואָלט ביי איהר אַנגעריהרט עפּעס אַן עמפּפינדליכע סטרונע.

דאַן אום אומצובייטען דאָס געשפּרעך, האָט זי דערצעהלט פון איהר לעבען אין ראַנסיערעס, האָט גערעדט פון איהר באָבען, וועלכער זי האָט טאָג־טעגליך שטונדען לאַנג געמוזט פאָרלעזען, און וועלכע איז נעבאַך איצט פערבליעבען איינע אליין, איינזאַם און טרויעריג.

דער מאַהלער האָט זי אויסגעהערט און זיך דערביי געפיהלט פריש ווי אַ פויגעל, פרעהלאַך און לעבעדיג, ווי ער איז נאָך קיין מאָל ניט געוועזן. אַלעס וואָס זי האָט איהם דאָ דערצעהלט, אַלע יענע גלייכגילטיגע, אונוויכטיגע קלייניגקייטען פון אַן איינפאַכען מיידעלשען לעבען, האָבען איהם אינטערעסירט און פערגעניגען פערשאַפט.

— לאָמיר זיך אויף אַ ווײַלע זעצען — האָט ער געזאָגט.

זיי האָבען זיך געזעצט נאָהענט צום וואַסער און ביידע שוואַ־נען־פויגלאַך זיינען צוגעשוואומען צו זיי, אין דער האָפנונג צו קריגען עפּעס עסען.

אין בערטין׳ען האָבען ערוואַכט אַלערליי עראינערונגען, ער־אינערונגען אַן זאַכען, וועלכע מען האָט שוין לאַנג פערגעסען און וועלכע טויכען פּלוצים ווידער אויף, מען ווייס אַליין ניט ווי אַזוי. די דאָזיגע עראינערונגען זיינען איהם געקומען אַזוי פּלוצים און אַזוי פיעל אויף איין מאָל, דאָס איהם האָט זיך גע־דאַכט, ווי עפּעס אַ האַנד וואָלט זיין פאַרגאַנגענהייט אַנגע־ריהרט.

ער האָט געזוכט די אורזאַכע, וואָס האָט ארויסגעבראַכט די דאָזיגע אַלע לאַנג פערגעסענע איינצעלהייטען פון דער פערגאַנ־גענהייט, און ניט געקאָנט געפינען. עס האָט אָפט פּאַסירט, אַז ער האָט זיך דערמאָנט אָן דעם אָדער יענעם פאַקט פון זיין לעבען, אָבער קיין מאָל איז זיין גאַנצע פערגאַנגענהייט ניט ארויפגע־שוואומען אַזוי קלאָהר אַזוי דייטליך, ווי היינט. און דאַן איז

אימער געווען עפּעס אַ גרונד, אַן אורזאַכע דערצו, אַמאָל איז דאָס געווען אַ געוויסער גערוך אָדער אַ פּאַרפיום. דער גערוך פון אַלטע פּאַרפיום פלעשלאַך האָבן אָפּט איהם דערמאָנט אָן גאַנצע יאָהרען פון זיין לעבען און אַלע דופטע און גערוכען פון דער גאַס, די פעלדער, די הייזער, די מעבעל, צי גוט צו שלעכט ; די וואַרימע לופט פון די זומער אבענדען, די שיינענדע קעלט פון אַ ווינטערדיגע נאַכט, אַלעס האָט גערעגט און געוועקט אין איהם ווייטע עראי־נערונגען.

איז דאָס געווען דאָס נאַסע גראָז אָדער דער גערוך פון די קאַסטאַנען־ביימער, וועלכע האָבען איהם די פערגאַנגענהייט ווי־דער אויף די געדאַנקען אַרויפגעבראַכט? ניין. טאָ וואָס דען? זיינען אין דעם שולדיג זיינע אויגען, וואס האָט ער געזעהן? גאָר נישט... אפשר האָט אימיצער פון די, וועמען ער האָט היינט גע־טראָפען איהם דערמאָנט אָן אַ פּנים פון אַמאָל, און אַליין ניט וויסענדיג ווי אַזוי, האָבען אין זיין נשמה גענומען קלינגען גלאָקען פון אַמאָליגער יוגענד.

איז עס פּילייכט געווען עפּעס אַ טאָן? מאַנכעס מאָל האָט דער קלאַנג פון אַ פּיאַנאָ, וועלכען ער האָט צופעליג געהערט, אַ אונבאַקאַנטע שטימע, זאַגאַר אַן אָרגעל, וועלכער האָט ערגעץ אויף דער גאַס אַן אַלט ליעד געשפּיעלט, איהם אויף צוואַנציג יאָהר אינגער געמאַכט און אָנגעפילט זיין האַרץ מיט פרעהליכע, גליק־ליכע עראינערונגען.

— עס איז קיהל — האָט ער געזאָגט — לאָמיר ווייטער געהן.

זיי זיינען אויפגעשטאַנען און ווידער אוועק שפּאַציערען. אויף די אַרומיגע ביינק האָט ער געזעהן זיצענדיג די אָרימע לייט, וועלכע קאָנען זיך ניט ערלויבען צו דינגען אַ שטוהל, ווייל דאָס איז פאַר זיי אַ צו גרויסע אויסגאַבע.

באַלד האָט זיי אַננעלע אויך באַמערקט, האָט זיך נאָכגע־פרעגט אויף זייער לעבען, זייער בעשעפטיגונג און זיך געוואונ־

דערט, וואָס אַזעלכע קבצנים קאָנען קומען אַהער, אין דעם ראָזיגען שעהנעם שטאָדט־פּאַרק צו פוילענצען.

און שטאַרקער נאָך ווי פריהער זיינען אַליווייער בערטינ׳ען אויף די געדאַנקען אַרויפגעשוואומען פערזונקענע יאָהרען. עס האָט זיך איהם געדאַכט, ווי אַ פליג וואָלט נאָכאַנאַנד איהם אין אויער גע־זשומט און אונבעשטימטע עראינערונגען פון פערגאַנגענע טעג איהם אין זכרון געבראַכט.

דאָס יונג מיידעל האָט בעמערקט ווי ער זיצט אַ פאַרטומעל־טער און זי האָט געפרעגט:

— וואָס איז דער מעהר מיט אייך, איהר שיינט צו זיין טרויעריג?

ער האָט זיך אַ טרייסעל געטהאָן און זיין האַרץ האָט גענומען טיאָכען. ווער האָט דאָס געפרעגט, זי אָדער איהר מוטער? ניין, איהר מוטער, ניט מיט דער שטימע וואָס זי האָט איצט גערעדט, נאָר ווי זי האָט אמאָל גערעדט. מיט דער שטימע, וועלכע האָט זיך אַזוי פערענדערט, אַז ער האָט זי ערשט יעצט ווידער דער־קענט.

ער האָט געענטפערט מיט אַ שמייכעל:

— מיט מיר איז גאָר נישט, דו אַמוזירסט מיך זעהר. דו ביזט זעהר ליעב, דו דערמאָנסט מיך אויף דיין מוטער.

ווי איז דאָס מעגליך, וואָס ער האָט ניט גלייך דערהערט דעם ווידער־קול פון יענער ליעבער, אַנגענעהמער שטימע, וועלכע איז איצט פון אַנ׳אַנדער מויל געקומען.

— דערצעהל מיר נאָך עטוואָס — האָט ער געזאָגט.

— וואָס?

— וואָס האָסטו ביי דיינע גובערנאַנטקעס געלערנט, האָסטו זיי ליעב געהאַט?

זי האָט ווידער גענומען פּלוידערן און ער האָט זיך צוגעהערט מיט אַ וואַקסענדער אויפרעגונג. ער האָט געוואַרט און געלויערט צווישען די ווערטער פון דער יונגער מיידעל, וועלכע איז זיין

הארצען כמעט גאנץ פרעמד געווען, אויף א טאָן, א וואָרט, א שמייכעל, וועלכע זיינען פון דער מוטער׳ס יוגענד ביי איהר אין האלז פארבליעבען. ביי מאנכע בעטאָנונגען האָט ער זיך א טרייסעל געטהאָן. געוויס איז די ארט און ווייזע צו רעדען געווען ביי זיי פערשיעדען, אז ער האָט די עהנליכקייט ניט געקענט גלייך בעמערקען, אָבער פונקט אזוי גוט האָט ער מאנכעס מאָל ניט געקענט אונטערשיידען איינע פון דער צווייטער. אָבער די ראַזינגע פארשידענהייטען האָבען די פּלוצלימדיגע עראינערונג אָן דער מוטער׳ס שפראך געמאכט נאָך לעבעדיגער. ביז אהער האָט ער מיט פריינדליכע נייגעריגע אויגען די עהנליכקייט אין זייערע געזיכטס־שטריכען בעטראכט. אָבער איצט האָט איהם דער וואונדער פון דער ווידער־ערוואכטער שטימע אזוי דעם קאָפּ צומישט, אז ווען ער האָט זיינע אויגען פון דער מיידעל אָפּגעקעהרט, האָט ער זיך אליין געפרעגט צו רעדט עס דאָס ניט אזוי צו איהם די גרעפין, ווי זי פלעגט רעדען פאר צוועלף יאָהרען.

און ווען ער האָט זיך גאנץ ערשיטערט פון דער דאָזיגער פראגע זיך צו איהר ווידער אומגעקעהרט, האָט ער אין איהר בליק געפונען עטוואָס פון יענעם צויבער מיט וועלכען איהר מוטער האָט אין דער ערשטער צייט איהם בעצויבערט.

דריי מאָל נאָכאנאנד זיינען זיי שוין ארומגעגאנגען ארום און ארום פארק, אלץ פארביי די זעלבע מענשען, די זעלבע אממען, די זעלבע קינדער.

יעצט האָט אננעלע בעטראכט די הייזער, וואָס זיינען געשטאנען ארום פארק און געפרעגט, ווער עס וואָהנט דאָרט.

זי האָט געוואָלט אלעס וויסען וועגען די דאָזיגע מענשען און האָט זיך אויף אלץ נאָכגעפרעגט מיט גרויס נייגעריגקייט. מיט די אויגען האָט זי פונקט אזוי געשלונגען יעדעס וואָרט ווי מיט די אויערען.

ווען זיי זיינען צוגעקומען צום פּאוויליאָן, וועלכער טיילט

אָב ביידע טירען, וואָס פיהרען צום בולוואַר, האָט בערטין בעמערקט, אַז עס איז שוין באַלד פיער אַ זייגער.
— אַך — האָט ער געזאָגט — מיר מוזען באַלד געהן אהיים.
און זיי זיינען לאַנגזאַם אוועק צום בולוואַר מאַלעסהערבעס.
אָבגעפיהרט דאָס מיידעל אהיים, איז דער מאַהלער אוועק צום פּלאַץ דע לאַ קאָנקאָרד, אום אויפ'ן צווייטען זייט פון דער סיינע, אַ בעזוך צו מאַכען.
ער האָט געברומט שטיל פאַר זיך עפּעס אַ מעלאָדיע און זיך געפיהלט אַזוי פריש, אַזוי יונג, אַזוי פרעהלאַך, אַז איהם האָט זיך געוואָלט שפּרינגען און טאַנצען איבער די ביינק. פּאַריז איז איהם געפעהלען בעסער און שעהנער ווי ווען עס איז און ער האָט געטראַכט: „עס איז פּאָרט אמת, דער פריהלינג מאַכט אַלעמען ווידער יונג."
ער איז געווען אין איינע פון יענע שטימונגען, ווען דער אויפגערעגטער גייסט נעהמט אַלעס לייכט אויף, ווען דאָס אויג זעהט שאַרפער און קלאָהרער, ווען מען קוקט ארום זיך מיט גרעסערער פרייד און אַלעס מאַכט דעם איינדרוק, ווי אַן אַלמעכטיגע האַנד וואָלט אַלע פאַרבען פון דער ערד אָבגעפרישט, אַלע בעוועגונגען פון די מענשליכע וועזענס לעבעדיג געמאַכט און אַלע פעהיגקייטען און קרעפטען אין אונז ווידער בעלעבט, ווי אַן אָנגעצויגענער זייגער, וועלכער האָט שוין געהאַלטען ביים אויסגעהן.
ער האָט געקוקט ארום זיך, געזעהן אַ סך אינטערעסאַנטע זאַכען צו מאָהלען און געטראַכט: „מערקווירדיג, איצט גלויבט זיך מיר גאָר נישט, אַז עס זיינען דאָ מאָמענטען, ווען איך וויים נים, וואָס איך זאָל מאָהלען".
ער האָט זיך געפיהלט אַזוי פריי, מיט אַזאַ קלאָהרען בליק, אַז זיין גאַנצע ביזאַהעריגע קונסט האָט איהם אויסגעוויזען אונבעדייטענד, און עס האָט זיך איהם געדאַכט, אַז ער האָט איצט געפונען אַ נייע, אמת'ע, גאַנץ אָריגינעלע פאָרמע, ווי אַזוי דאָס לעבען איבערצוגעבען, און פּלוצים האָט ער געקראָגען אַ פערלאַנג

אהיים צו געהן, צו אַרבייטען, און ער האָט זיך אומגעקעהרט צוריק אום זיך אין זיין אַטעליער איינצושליסען.

אָבער אַזוי שנעל ווי ער איז געבליבען שטעהן איינער אַליין פאַר דער אָנגעפאַנגענער לייוועגד, האָט זיין בלוט, וועלכעס האָט נאָר וואָס געשטורעמט, זיך אָבגעקיהלט און ער האָט זיך דערפיהלט מיעד. ער האָט זיך געלעגט אויפ׳ן דיוואַן און גענומען טרוימען.

די גליקליכע גלייכגילטיגקייט אין וועלכע ער האָט געלעבט, יענע זאָרגלאָזיגקייט פון א מאַן, וועמעס בעדערפעגישען עס ווערען כמעט אַלע בעפריעדיגט, איז לאַנגזאַם פון זיין הארצען פערשוואונדען, ווי עפּעס וואָלט איהם געפעהלט. זיין הויז איז איהם געוואָרען פוסט, זיין אַטעליער — וויסט און ווען ער האָט זיך ארומגעקוקט ארום זיך, האָט זיך איהם אויסגעוויזען, ווי עס וואָלט זיך בעוויזען דער שאָטען פון א פרוי, וועמעס געגענוואַרט עס איז איהם אנגענעהם געווען. ער האָט שוין פון לאַנג פאַרגעסען די אונגעדולד פון א געליעבטען, וועלכער וואַרט אויף דאָס צוריקקומען פון זיין געליעבטער און איצט פּלוצים האָט ער דערפיהלט, אַז זי איז ווייט פון איהם און זי געוואונשען צו האָבען נעבען זיך מיט דעם פייער פון יוגענד.

ער איז געוואָרען ווייך, טראַכטענדיג, ווי ליעב זיי האָבען זיך געהאַט, און אין דיעזען גרויסען צימער, אין וועלכען זי איז אַזוי אָפט געקומען, האָט ער זיך דערמאָנט אָן טויזענד קלייניגקייטען וועגען איהר, אָן איהרע בעוועגונגען, איהרע ווערטער, איהרע קו־שען. ער האָט זיך ווידער דערמאָנט אָן געוויסע טעג, אָן איינצעלנע שטונדען, בעזונדערע אויגענבליקען און דער הויך פון די פריהער־דיגע צערטליכקייטען האָט ווידער אויף איהם א וועהע געטהאָן.

ער האָט זיך אויפגעהויבען. ער האָט ניט געקענט מעהר איינ־זיצען, גענומען געהן הין און צוריק איבער׳ן צימער און געטראַכט וועגען דעם, אַז ניט קוקענדיג אויף דער דאָזיגער ליעבע, וואָס האָט אויסגעפילט זיין גאַנץ לעבען, איז ער דאָך ועבליבען אַליין, עלענד און איינזאַם. ווען ער האָט נאָך לאַנגע שטונדען אַרבייט

זיך אַרומגעקוקט אַרום זיך, ווי איינער, וואָס האָט זיך נאָר וואָס פון שלאָף אויפגעכאַפּט, האָט ער געזעהן און געפיהלט אַרום זיך נור קאַלטע ווענד.... אַזוי ווי ער האָט אין דער היים נים געהאַט קיין פרוי, און האָט געקענט געהן נור הינטען־אַרום, ווי אַ גנב, צו דער פרוי וועלכע ער האָט געליעבט, האָט געמוזט פאַרברענגען זיינע פרייע שטונדען אין אַלע מעגליכע עפענטליכע הייזער, וואו מען קען ווי עס איז די צייט פאַרטרייבען. איז געווען געוועהנט צו געהן אין קלוב, אין צירק, אין היפּאָדראָם, אין געזעלשאַפטען, אין דער אָפּע־ראַ, איבעראַל אבי ניט צו בלייבען אין דער היים, וואו ער וואָלט אַזוי גערן פאַרבליעבען, ווען ער וואָלט געקענט מיט איהר צוזאַמענ־לעבען.

פריהער, אין די מינוטען פון בייאנקעניש, האָט ער שטאַרק גע־ליטען דערפון, וואס ער קען זי ניט אימער זעהן, וואס ער קען זי ניט האָבען ביי זיין זייט און זי דאָרט אויף אימער איינהאַלטען. שפּעטער, ווען זיין ליידענשאַפט איז שוואַכער געוואָרען, האָט ער זיך צו דער דאָזיגער צושיידונג צוגעוואָהנט און איז צופרידען גע־ווען מיט זיין פרייהייט. איצט איז אויף איהם איבעראַניים אָנ־געפאַלען אַזאַ בייאנקעניש, ווי ער וואָלט זיך אויף דאָס ניי אין איהר פערליבט.

די דאָזיגע צערטליכקייט איז איהם געקומען אַזוי פּלוצים, כמעט גאָר אָהן אַ גרונד, אפשר ווייל די זון האָט אַזוי העל געלויכ־טען און אפשר דערפאַר, ווייל ער האָט פריהער געהערט די אַמאָ־ליגע שטימע פון דיזער פרוי. ווי ווייניג איז נויטיג אום צו ריהרען אַ מאַנ׳ס הארץ, אַ מאַן, וועלכער פיהלט, אַז ער ווערט אַלט און ביי וועמען די עראינערונגען רופען אַרויס בייאנקעניש און בעדוי־ערען.

ווי פריהער האָט ער דערפיהלט אַ בעדערפעניש זי ווידער צו זעהן, און די דאָזיגע בעדירפעניש איז אריבער אין זיין מאַרך און בלוט ווי אַ פיבער. ער האָט גענומען וועגען איהר טראַכטען ווי אַ יונגער געליעבטער, פאַרגעטערענדיג זי אין הארצען אום נאָך

שטארקער צו מאכען דעם פערלאנג נאך איהר. דאן האט ער זיך ענטשלאסען, ניט קוקענדיג אויף דעם וואס ער האט זי אין דער פריה געזעהן, צו געהן צו איהר אין אבענד אויף טהעע.

די שטונדען האבען זיך לאנגזאם געשלעפט, און ווען ער איז פון הויז ארויס און זיך גענומען געהן איבער'ן בולוואר מאלעס־ערבעס, איז אויף איהם פלוצים אנגעפאלען א מורא, זי ניט צו טרעפען אין דער היים און צו זיין געצוואונגען היינטיגען אבענד פארברייגגען איינער אליין אין זיין קאלטען, וויסטען אטעליער.

אויף דער פראגע: „איז די גרעפין אין דערהיים?" האט א דיענער געענטפערט: „יא, מיין הערר!" און א שטראם פרייד האט זיין הארץ אנגעפילט. ער איז צוגעגאנגען צום שוועל פון סאלאן און דערזעהן ביידע פרויען ארביימענדיג פאר דעם שיין פון א הויכען, דאפעלטען זילבערנעם לאמפ. האט ער שטראהלענדיג אויסגערופען:

— אט בין איך ווידער!

די גרעפין האט געענטפערט:

— דאס איז זעהר שעהן פון אייך.

— יא, איך האב זיך געפיהלט אזוי איינזאם, אז איך האב בעשלאסען צו קומען צו אייך נאך אמאל.

— דאס איז ווירקליך זעהר שעהן.

— ערווארטעט איהר אימעצען?

— ניין... פילייכט... איך קען עס קיין מאל ניט וויסען.

ער האט זיך געזעצט און מיט א פערעכטליכען בליק בעטראכט די ארבייט פון דיקען וואל, וועלכע זיי האבען געשטריקט מיט לאנגע הילצערנע נאדלען.

ער האט געפרעגט:

— וואר שטריקט איהר?

— דעקען.

— פאר די ארימע לייט?

— יא, געוויס.

— דאָס איז זעהר העסליך.

— אָבער זעהר וואַרעם.

— דאָס איז שוין מעגליך, אָבער העסליך איז עס פּאַרט. איבערהויפּט נאָך, ווען מען אַרבייט אַזעלכע מיאוס׳ע זאַכען אין אַ צימער אין דעם סטיל פון לודוויג דעם פופצעהנטען, וואו אַלעס איז אַזוי שעהן און פרעהט דאָס אויג. אויב ניט צוליעב די אָרי־מע לייט דאַן זאָלט איהר צוליעב אייערע פריינד אייערע האַנד־אַרבייטען עטוואָס שעהנער מאַכען.

— אַך, די מענער — האָט זי געזאָגט און אַ דריק געטהאָן מיט די אַקסלען — אָבער אַזעלכע דעקען זיינען דאָך יעצט אומע־דום אין מאָדע.

— איך וויים, איך וויים עס גור צו גוט. מען קען יעצט אין ערגעץ ניט קומען אָהן דעם, אַז מען זאָל אויף די עלעגאַנטסטע טואַלעטען, אויף די שעהנסטע מעבעל ניט טרעפען ליגען די דאָ־זיגע העסליכע, גרויע וואָל־געשיכטע. הייגטיגען פריהלינג איז די וואָהלטהעטיגקייט גאָר אָהן אַ געשמאַק...

די גרעפין האָט געוואָלט זעהן, אויב ער איז גערעכט, און זי האָט אויסגעשפּרייט איהר אַרבייט אויף אַ מיט זייד בעצויגענעם שטוהל נעבען זיך. דאַן האָט זי געזאָגט גלייכגילטיג.

— יאָ, עס איז ווירקליך מיאוס.

און זי האָט זיך ווידער גענומען אַרבייטען. אויף די ביידע קעפּ, וועלכע האָבען זיך אונטער ביידע לאָמפּען איבער זייער אַר־בייט אַריבערגעבויגען איז געפאַלען אַ ראָזעווער שיין און בעלויכ־טען זייערע האָר, זייערע פּנים׳ער, די קליידער און די זיך בעוועגענ־דע הענד. און זיי האָבען געטהאָן זייער אַרבייט מיט יענער לייכט־קייט פון פרויען, וועלכע זיינען געוואָהנט זייערע הענד צו בעשעפ־טיגען, בעת די געדאַנקען זיינען פערנומען מיט אַנדערע זאַ־כען.

אין די פיער ווינקלען פון צימער זיינען געשטאַנען נאָך פיער אַנדערע לאָמפּען פון כינעזישען פּאָרצעלייַ אויף אַלטע בעגולטע

הילצערנע זיילען און האָבען געוואָרפען אויף די ווענד א גלייכ־מעסיגע, מילדע ליכט.

בערטין האָט צוגערוקט א קליינעם, ניעדעריגען פאטעל, וועל־כער איז געווען אביסעלע צו קליין פאר איהם, אויף וועלכען ער האָט אָבער אימער ליעב געהאט צו זיצען, ווען ער האָט מיט דער גרעפין געפּלוידערט, ווייל אזוי איז ער געזעסען כמעט צו איהרע פיס.

זי האָט געזאָגט צו איהם:

— איהר האָט מיט אַנגעלען פריהער געמאַכט א לאַנגען שפּאַ־ציר אין פּארק?

— יא, מיר האָבען געפּלוידערט, ווי אַלטע פריינד. איך האָב אייער טאָכטערל זעהר ליעב, זי איז אזוי עהנליך צו אייך. ווען זי רעדט ארוים געוויסע ווערטער, קען מען מיינען, אז איהר האָט אייער שטימע אין איהר האַלז איבערגעלאָזען.

— דאס האָט מיר מיין מאַן שוין אויך פיעל מאָל גע־זאָגט.

ער האָט זיך צוגעקוקט ווי זיי ארבייטען, בעגאָסען מיט דעם קלאָהרען ליכט פון די לאָמפּען און דער געדאַנק, וואס האָט איהם אזוי אָפט געמאַטערט, וועלכער האָט איהם נאָך היינט געפּייניגט, דער געדאַנק וועגען זיין טויטער, וויסטער, איינזאַמער, קאַלטער הויז, וואס איז אין אַלע ווענטערן גלייך אונהיימליך, מעג דער פייער אין קאַמין ברענען ווי שטארק, דער דאָזיגער געדאַנק האָט איהם אזוי וועה געטהאָן, ווי ער וואָלט היינט צום ערשטען מאָהל דערפיהלט זיין איינזאַמקייט.

ווי גערן וואָלט ער געווען דער מאַן פון דיזער פרוי, אנשטאַדט איהר געליעבטער. פריהער האָט ער אַמאָל געוואָלט מיט איהר אנטלויפען, צונעהמען זי פון דעם מאַן, זי איינפאך צו'גנב'ענען. היינט איז ער מקנא געווען דעם בעטראָגענעם מאַן, וועלכער האָט ביז צום סוף פון זיין לעבען פערבראַכט נעבען איהר זייט, אין אַן אנגענעהמע, ווארימע, געמיטליכע היים און, ווען ער האָט זי אזוי

אַנגעקוקט, האָט ער דערפיהלט טויזענד עראינערונגען פון פריהער אין זיין הארצען אויפוואכען, איבער וועלכע ער וואָלט אזוי גערן מיט איהר גערעדט. ער האָט זי נאָך אמת געליעבט, היינט זאָגאר מעהר, פיעל מעהר ווי זייט א לאנגער צייט. און דאָס בעדערפע־ניש איהר פון זיין בענייטער ליעבע צו דערצעהלען, וואס עס וועט איהר אזוי פרעהען, האָט אין איהם ארויסגערופען א וואונש, אז זי זאָל וואָס גיכער אָבשיקען דאָס יונגע מיידעל שלאָפען.

געמאַטערט פון בייגקעניש מיט איהר אליין צו זיין, זיך צו איהר צו דערנעהנטערען, זיין קאָפּ אויף איהר שויס צו לייגען, איהרע הענד אין זייגע ארייגצונעהמען, בעת די דעקען, די גראָבע וואָל און די שטריקנאָדעל וועלען זיך אונטער א שטוהל פארקייק־לען, איז ער געזעסען, געקוקט יעדע ווייליע אויפ'ן זייגער, קוים ארויסגעבראַכט א וואָרט און געטראַכט, אז עס איז א גרויסע עולה איינצוגעוועהנען אזעלכע יונגע שנעקעס צו פערברענגען די אָבענדען מיט די ערוואַקסענע.

אין דער שטילקייט פון דעם צווייטען סאלאָן האָבען זיך דערהערט טריט, און א דיענער האָט געמעלדעט:

— הערר דע מוסאדיע!

אָליווייער איז געוואָרען אויסער זיך און ווען ער האָט דעם אינספעקטאָר פון דער שעהנער קונסט די האנד געדריקט, האָט זיך איהם געוואָלט אָנכאַפּען יענעם פאר'ן קראַגען און איהם ארויס־שליידערן.

מוסאדיע האָט געבראַכט א מאסע נייעס. דאָס מיניסטעריום איז געווען אויפגעבראַכט, און מען האָט גערעדט וועגען א סקאַנ־דאַל אין וועלכען דער מארקיז ראקדיאַנגע איז פארמישט געווען. מיט א בליק אויף דאָס יונגע מיידעל האָט ער געזאָגט:

— איך וועל עס אייך שפּעטער דערצעהלען.

די גרעפין האָט א קוק געטהאָן אויף דעם קאמין זייגער און דערזעהן, אז עס שלאָגט גלייך צעהן.

— עס איז דיר צייט צו גײן שלאָפן, מײן קינד — האָט זי געזאָגט צו דער טאָכטער.

אַננעלע, ניט ענטפערנדיק אַ וואָרט, האָט צוזאַמענגעלײנט איהר אַרבייט, אויפגעוויקעלט די וואָל, אַ קוש געטהאָן איהר מוטער אין בײדע באַקען, געגעבען בײדע מענער די האַנד און איז שנעל אַוועק, ווי זי וואָלט אַוועקגעשוועבט ניט אָנריהרענדיג די לופט.

ווען זי איז אַוועק האָט די גרעפין געפרעגט:

— נו, וואָס איז דאָס פאַר אַ סקאַנדאַל?

מען האָט גערעדט, אַז דער מאַרקיז ראָקדיאַננע, וועלכער איז געשיעדען פון זײן פרוי, ניט קענענדיג אויסקומען מיט דעם געהאַלט, וואָס זי צאָהלט איהם, איז געפאַלען אויף אַ פּלאַן, ווי אַזוי צו פערדאָפּלען זײנע אײנקינפטע. ער האָט אָנגעשטעלט שפּיאָנען, וועלכע האָבען געכאַפּט די מאַרקיזע צוזאַמען מיט איהר געליעבטען און אום אויסצומײדען אַן עפענטליכען פּראָצעס, איז זי געצוואונגען געווען איהם העכערען זײן אײנקונפט.

די גרעפין האָט נײגעריג צוגעהערט, האַלטענדיג איהרע הענד מיט דער אַרבייט אונבעוועגליך אויפ'ן שויס.

זייט דאָס מײדעל איז אַוועק, איז בערטין געווען אויסער זיך; מוסאַדיע'ס אַנוועזענהייט האָט איהם ווילד געמאַכט און ער האָט אויסגעלאָזען זײן כעס צו איהם דערמיט, וואָס ער האָט ערקלעהרט, אַז די גאַנצע מעשה איז אַ ליגען, אַ מיאוס'ע רכילות און, אַז אַן אָנשטענדיגער מענש דאַרף אַזעלכע זאַכען ניט איבעררײדען. ער האָט זיך אָנגעשפּאַרט אָן קאַמין און גערעדט מיט היץ, מיט נערוועזע בעוועגונגען, ווי אײנער וואָס פערטהײדיגט זײן אײגענע זאַך.

ראָקדיאַננע איז געווען זײן פרײנד, און ווען מען האָט איהם אפילו אַ מאָל געקענט אויפוואַרפען עטוואָס לײכטזיניגעס, אָבער אָן עהרען־מאַן איז ער יעדענפאַלס געווען.

מוסאַריע איז געוואָרען ערשטוינט, צומישט, האָט זיך פּער־טהיידיגט, צוריקגעצויגען זיין בעמערקונג און זיך ענטשולדיגט.

— אָבער ערלויבט דאָך, איך האָב די מעשה נור וואָס געהערט ביי דער הערצאָגין דע מאַרטאַמאַין.

בערטין האָט געפרעגט:

— ווער האָט עס אייך דערצעהלט? אוודאי אַ פרוי.

— דעם מאָל האָט איהר גראָד ניט געטראָפען, דער מאַר־קיז פאַראַנדאַל.

און דער מאַלער האָט געענטפערט:

— נו, פון דעם וואונדערט מיך שוין ניט.

אַ ווייל‍ע האָבען אַלע געשוויגען. די גרעפין האָט ווידער גע־נומען אַרבייטען. דאַן האָט זיך בערטין אָבגערופען אין אַ רוהיגען טאָן:

— איך ווייס בעשטימט, אַז די געשיכטע איז אַ ליגען.

אין דער אמת'ן האָט ער גאָר נישט געוואוסט, דען ער האָט איצט ווענען דער געשיכטע צום ערשטען מאָל געהערט.

מוסאַדיע האָט געזוכט צו פאַרגלעטען דעם איינדרוק. ער האָט זיך געפיהלט אונאַנגענעהם און גענומען רעדען וועגען אוועק־געהן, וועגען דעם, אַז ער דאַרף נאָך היינט בעזוכען די קאַרבעללס, ווען עס איז אַריין דער גראַף, וועלכער האָט געהאַט געגעסען אין שטאָדט.

בערטין האָט זיך אַוועקגעזעצט אין גאַנצען אַ דער'הרג'עטער, פון איהר געזעגליכען מאַן האָט ער שוין קיין האָפנונג ניט גע־האַט פטור צו ווערען.

— האָט איהר שוין געהערט פון דעם סקאַנדאַל? — האָט געפרעגט דער גראַף.

און אַזוי ווי קיינער האָט ניט געענטפערט, האָט ער ווייטער גערעדט:

— ווי עס שיינט האָט ראַקריאַננע געכאַפּט זיין פרוי אין

זעהר אַ אינטערעסאַנטע לאַגע, דען זי מוז נעביך טהייער בעצאָה־לען דערפאַר.

דאָ האָט בערטין מיט אַ פערצווייפעלטער מינע אַרויפגעלעגט זיין האַנד אויפ׳ן גראַף׳ס קניע און מיט פריינדליכע, מילדע ווער־טער האָט ער ווידערהאָלט דאָס, וואָס ער האָט פריהער מיט רוגזה מוסאַדיע׳ן אין פּנים געוואָרפען.

און דער גראַף, וועלכער האָט זיך געלאָזט האַלב איבערצייגען און זיך געזעגענט פאַר וואָס ער האָט אַזוי לייכטזיניג איבערדער־צעהלט אַ אונבעשטימטע און פיליינט קאָמפּראָמעטירענדע זאַך, האָט ערקלעהרט, אַז ער ווייס קיין זאַך ניט און איז גאַנץ אונ־שולדיג. עס טראָגען זיך אַרום נענוג פאַלשע און בייזע זאַכען, קיין בייזע צינגער פעהלען ניט, און אַמאָל קען דער עהרליכסטער מענש, ניט ווילענדיג, נאָכזאָגען עטוואָס וואָס איז ניט געשטויגען און ניט געפלויגען.

פּלוצים זיינען אַלע מיט אַמאָל געוואָרען איינשטימיג, אַז עס איז ניט רעכט, וואָס מען פערדעכטיגט, בעשמוצט און פערלוימ־דעט אַזוי לייכט אַ מענשען. און פינף מינוט נאָכאַנאַנד האָבען זיי געשיינט צו זיין איבערצייגט, אַז אַלעס, וואָס ווערט געפליסטערט, איז אַ ליגען, אַז אין דער אמת׳ן האָבען די פרויען קיין מאָל קיין ליעבהאָבער ניט, אַז די מענער בעגעהען קיין מאָל ניט די געמיינ־הייטען, אין וועלכע מען בעשולדיגט זיי און אַז פון אויבען אויף זעהט דאָס לעבען אויס פיעל שלעכטער, ווי עס איז אין דער ווירק־ליכקייט.

בערטין, וועלכער האָט געגען מוסאַדיע׳ן מעהר גאָר נישט גע־האָט זייט גיללעראַי איז אַהיים געקומען, האָט איהם איצט גע־מאַכט קאָמפּלימענטען, גערעדט פון זאַכען, וועלכע יענער האָט גערן געהערט, און דער גראַף האָט געשיינט צו זיין גאַנץ צופריעדען, ווי איינער, וואָס פאַרשפּרייט אַרום זיך איינהייט און פריעדען.

צוויי דיענער זיינען שטיל אין צימער אריין און געבראַכט

דעם טהעע־טיש, אויף וועלכען אַ שעהנער, בליסטשענדער קעסעל האָט אויף אַ ספּירימוס־לעמפּעל געקאָכט.

די גרעפין איז אויפגעשטאַנען, האָט צורעכט געמאַכט דאָס הייסע געטראַנק און געבראַכט מוסאַדיע׳ן און דאַן בערטין׳ען אַ טאַס טהעע. דאַן איז זי ווידער געקומען מיט אַ פּאָר טעלער, וואו עס זיינען געלעגען סענדוויטשעס פון געגזענע לעבער און פער־שיערענע עסטרייכישע און ענגלישע געבעקס.

דער גראף איז צוגעגאַנגען צו אַ טיש, וואו עס זיינען גע־שטאַנען פרוכט זאַפטען, ליקערס און גלעזער, האָט זיך דאָרט צו־געריכט אַ גראָג, האָט זיך שטיל ארויסגערוקט אין צווייטען צי־מער און איז פערשוואונדען.

איצט איז בערטין ווידער געבליבען אליין מיט מוסאַדיע און דער גרעפין, און ווידער איז איהם פּלוצים געקומען דער וואונש פון דעם איבעריגען מענשען פּטור צו ווערען. מוסאַדיע אָבער האָט פון קיין זאַך ניט געוואוסט, ער האָט זיך געוויצעלט, דער־צעהלט אַנעקדאָטען און גאָר אין זינען ניט געהאַט אוועקצוגעהן. דער מאַהלער האָט ניט אויפגעהערט צו קוקען אויף דעם קאַמין זיי־נער, וועמעס לאַנגער ווייזער האָט זיך אַלץ נעהענטער און נעהענ־טער צו האַלבער נאַכט גערוקט. די גרעפין האָט געזעהן זיין בליק, בעמערקט, אַז ער וויל מיט איהר ריידען און מיט יענער געשיק־ליכקייט פון דער וועלט דאַמע, וועלכע קען מיט אַ בליק, מיט אַ קוק, מיט אַ מינע מאַכען צו פיהלען, אַז זי לאַנגווייַלט זיך, האָט זי פּלוצים נור דורך איהר האַלטונג, דורך דעם טאָן פון איהר שטי־מע פאַרשפּרייט ארום זיך אַזאַ קעלט, ווי זי וואָלט אַ פענסטער געעפענט.

מוסאַדיע האָט דערפיהלט די אייזיגע לופט און זיינע אידעען זיינען איהם אין קאָפּ פאַרגליווערט געוואָרען, אליין ניט וויסענדיג פאַרוואָס, האָט ער פּלוצים דערפיהלט אַ לוסט פון דאַנען אוועק־צוגעהן און ער האָט זיך אויפגעהויבען.

בערטין האָט אויס טאַקט געפיהל געטהאָן דאָסזעלבע. ביידע

מענער זיינען צוזאַמען דורכגעגאַנגען ביידע סאַלאָנען, בעגלייט פון דער גרעפין, וועלכע האָט גערעדט מיט דעם מאַחלער. אויף'ן שוועל פון פּאַרזאַל האָט זי איהם אונטער עפּעס אַ תירוץ צורייך געהאַלטען, בעת דער דיענער האָט געהאָלפען מוסאַדיע'ן אָנטוהאָן דעם אויבעררּאָק. אַזוי ווי די גרעפין האָט נאָך אַלץ גערעדט מיט בערטין'ען, האָט דער אינספּעקטאָר פון דער שעהנער קונסט, נאָכ־דעם ווי ער האָט נאָך אַ ווייַלע געוואַרט אין דער אָפענער טיר, וואו אַ צווייטער דיענער איז געשטאַנען, זיך בעשלאָסען אַוועקצוגעהן, אום נים צו שטעהן נעבען דעם בעדיענטען.

די טיר האָט זיך שטיל הינטער איהם צוגעמאַכט און די גרע־פין האָט זיך אָבגערופען צום קינסטלער:

— הערט אויס, וואָרום איילט איהר זיך אַזוי, עס איז נאָך פאַר צוועלף? בלייבט נאָך אַ ווײַלע.

און זיי האָבען זיך צוזאַמען אומגעקעהרט אין דעם קליינעם סאַלאָן.

אַזוי שנעל ווי זיי האָבען זיך געזעצט, האָט ער אויסגעשרי־ען:

— מיין גאָט, איז דער יונג געוועזען היינט לאַנגווייליג!

— וואָרום דען?

— ער האָט ביי מיר אוועקגערויבט אַ טהייל פון אייך.

— אַך, נים פיעל.

— דאָס קען זיין, אָבער ער האָט מיר געשטערט.

— איהר זייט אייפערזיכטיג?

— מען מוז נים זיין אייפערזיכטיג, ווען אימיצער פאַלט אונז צו לאַסט.

ער האָט זיך ווידער געזעצט אויף דעם קליינעם שטול, איצט גאַנץ נאָהנט צו איהר, און אריינגענומען דעם שטאָף פון איהר קלייד צווישען זיינע פינגער. ער האָט איהר דערצעהלט, וואָס פאַר וואַרימע געפיהלען עס האָבען היינט אָנגעפילט זיין האַרץ צו איהר.

זי האָט איהם אויסגעהערט ערשטוינט און גליקליך, ראָן האָט

זי אַרויפגעלעגט איהר האַנד אויף זיינע ווייסע האָר, זיי צערט־ליך געגלעט, ווי זי וואָלט איהם דערמיט געוואָלט דאַנקען.

— איך וואָלט אַזוי וועלען לעבען מיט אייך צוזאַמען — האָט ער אַרויסגעקרעכצט.

ער האָט ניט אויפגעהערט צו טראַכטען פון איהר מאַן, וועל־כער איז וואַהרשיינליך דאָרטען ערגעץ אין אַ צווייטען צימער גע־שלאָפען, און ער האָט געזאָגט:

— ווען צוויי מענשען האָבען זיך ווירקליך ליעב און ווילען זיין צוזאַמען איז דער איינציגער וועג פאַר זיי צו הייראַטהען.

זי האָט געמורמעלט: — אָרימער פריינד! — און איהר האַרץ איז פול געוואָרען מיט מיטלייד צו איהם און צו זיך אַליין.

ער האָט אָנגעשפּאַרט זיין באַק אויף דער גרעפינס קניע, האָט זי אָנגעקוקט מיט אַ צערטליכען בליק, עטוואָס מעלאַנכאָליש, עט־וואָס שמערצליך אָבער ווייניגער הייס ווי פריהער, ווען ער איז געוועז אָבגעריסען פון איהר דורך איהר טאָכטער, איהר מאַן און מוסאַדיע.

זי האָט געזאָגט שמייכלענדיג, בעת איהרע פינגער האָבען נאָך אַלץ אָליוויערס קאָפּ געצערטעלט:

— גאָט אין הימעל, זייט איהר ווייס געוואָרען. די לעצטע שוואַרצע האָר זיינען פערשוואונדען.

— יאָ, ליידער, איך ווייס עס. עס געהט שנעל.

זי האָט מורא געהאַט, אַז זי האָט איהם אומעטיגער געמאַכט.

— איהר זייט זעהר פריה גרוי געוואָרען. איך האָב אייך קיין מאָל אַנדערש ניט געקענט, ווי פעפער און זאַלץ.

— יאָ, דאָס איז אמת.

אום אין גאַנצען אָבצואווישען דעם איינדרוק פון דעם וואָס זי האָט געזאָגט, האָט זי זיך צו איהם אַראָבגעבויגען, אויפגעהוי־בען זיין קאָפּ מיט בײדע הענד און גענומען איהם קושען אין שטערן, לאַנגזאַם און צערטליך, מיט יענע לאַנגע קושען, וועלכע האָבען דאַכט זיך קיין סוף ניט. דאַן האָבען זיי זיך אָנגעקוקט,

זוכענדיג אין דער טיעפעניש פון די אויגען דעם אָבשיין פון זייער ליעבע.

ער האָט געזאָגט:

— איך וואָלט אַזוי וועלען כאָטש נור איין מאָל זיין מיט אייך אַ גאַנצען טאָג צוזאַמען.

פריהער האָט ער געריינקט, אַז עס וועט גענוג זיין, אַז די איבעריגע מענשען זאָלען אוועקגעהן אום ער זאָל זיך בערוהיגען, און איצט, ווען ער איז געוועזען מיט דער געליעבטער אַליין, ווען ער האָט אויף זיין שטערן איהר ווארימע האַנד געפיהלט, אויף זיין באַק דורך איהר קלייד אַרויס די ווארימקייט פון איהר לייב, האָט ער דאָך געפיהלט אין זיך דיזעלבע אונרוהיגקייט, דיזעלבע אונבעקאַנטע ביינקעניש.

און עס האָט זיך איהם איצט געדאַכט, אַז ווען זיי וואָלטען געוועזען ערגעץ ווייט אוועק פון הויז, גאַנץ אַליין אין טיעפען וואַלד, וואו קיינער וואָלט זיי ניט געשטערט, וואָלט דאַן די אונרוהיגקייט אין זיין נשמה זיך אפשר געקענט בערוהיגען.

זי האָט געענטפערט:

— איהר זייט אַ גרויסער קינד. מיר זעהען זיך דאָך כמעט יעדען טאָג.

ער האָט זיך ביי איהר געבעטען, זי זאָל איינריכטען אַזוי, אַז זי זאָל קענען געהן מיט איהם פריהשטיקען ערגעץ וואו אין דער אומגעגענד פון פאַריז, ווי זיי האָבען עס אין די פריהערדיגע יאָהרען געטהאָן עטליכע מאָל.

זי האָט זיך געוואונדערט איבער זיין מאָדנעם קאַפּריז, וועל־כען עס איז אַזוי שווער אויסצופיהרען איצט, ווען איהר טאָכטער איז ווידער אין דער היים. יעדענפאַלס האָט זי איהם צוגעזאָגט עס צו פערזוכען, אָבער ניט פריהער, ווי איהר מאַן וועט אוועק נאָך ראָנסיערעס און דאָס קען געשעהן ערשט נאָך דער קונסט־אויסשטעלונג, וועלכע דאַרף זיין דעם קומענדען שבת.

— און ווען וועל איך אייך זעהן ביז דאן? — האט ער גע־פרעגט.

— מארגען ביינאכט ביי די קארבעללס. און דאן קומט איהר דאך דאנערשטאג אום דריי אוהר אהער, ווען איהר האט צייט און דאן גלויב איך, זיינען מיר געלאדען צו דער הערצאגין פריימאג צום עסען.

— גוט, זעהר שעהן.

ער איז אויפגעשטאנען.

— אדיע.

— אדיע, מיין פריינד.

ער איז געבליבען שטעהן, האט נים געקענט ביי זיך פועל'ן אויסצוגעהן, ווען ער האט ניט געפונען קיין איינעם פון די אלע ווערטער, וועלכע ער האט איהר געוואלט זאגען. און טויזענד ניט אויסגעשפראכענע פערלאנגען האבען נאך געשטורעמט אין איהם, ער האט געזאגט נאך אמאל: „אדיע" און גענומען איהר האנד.

— אדיע, מיין פריינד.

— איך ליעב אייך.

זי האט א שמייכעל געטהאן צו איהם מיט יענעם בליק, מיט וועלכען א פרוי גיט אין איין סעקונדע צו פערשטעהן דעם מאן אלעס וואס זי איז פאר איהם, וואס זי וויל און קען פאר איהם זיין.

מיט א ציטערנדען הארצען האט ער געזאגט צום דריטען מאל: „אדיע."

און איז אוועק.

# IV

עס האָט זיך געדאַכט, אַז אַלע קאַרעטעס פון פּאַריז זיינען אין יענעם טאָג געפאָהרען אין איין ריכטונג, צום אינדוסטריע פּאַלאַץ. פון ניין אַ זייגער אין דער פריה האָבען זיי זיך גענומען ציהען פון אַלע גאַסען, דורך די עוועניוס און איבער די בריקען צו דעם קונסט זאַל, וואוהין אַלע וואָס האָבען זיך נור גערופען קינסטלער, האָבען איינגעלאַדען די פּאַריזער געזעלשאַפט צו דער אויסשטעלונג פון דריי טויזענד פיער הונדערט בילדער.

אַ גרויסער עולם מענשען האָט זיך געשטופּט אין די טירען און ניט שיינקענדיג קיין שום אויפמערקזאַמקייט צו די סקולפּטורען, איז ער גלייך אַרויף אין די אויבערשטע זאַלען, וואו די בילדער זיינען געהאַנגען. געהענדיג אויף די טרעפּ, האָט מען דערוויל בעטראַכט בילדער, וואָס זיינען געהאַנגען אויף די ווענט איבער די טרעפּ. דאָס זיינען געווען בילדער אָדער פון זעהר אַ גרויסען פאָרמאַט אָדער אַזעלכע, וואָס מען האָט ניט געוואָלט צוריקצואווייזען. אין די פיערעקיגע סאַלאָנען האָט אַ טומעלדיגער עולם זיך בעוועגט אַהין און אַהער. די מאַלער, וועלכע האָבען זיך אַליין אויך געפונען אַ גאַנצען טאָג אויף דער אויסשטעלונג, האָט מען געקאָנט דערקענען אָן זייער פאַרהאַוועטקייט, אָן דעם הויכען קלאַנג פון זייער שטימע, אָן דער זיכערקייט פון זייער האַלטונג. דאָ און דאָרט האָבען זיי עטליכע פריינד צוגעשלעפּט פאַר די אַרבעל צו בילדער, אויף וועלכע זיי האָבען געוואָלט אויפמערקזאַם מאַכען, דערביי האָבען זיי געמאַכט מיט די הענד, גע-

רערט הויך אויף אַ קול, זשעסטיקולירט און זיך געהיצט. די פֿאַרשיעדענסטע קינסטלער האָבען זיך היינט דאָ געפונען. הויכע מיט לאַנגע האָר, מיט גרויסע גרויע אָדער שוואַרצע היט פון אונ־בעשרייבליכען פאַסאָן, ברייטע און רונדע ווי די דעכער מיט מעכ־טיגע בענדער אויף זיי; אַנדערע ווידער קליין, בעוועגליך, שלאַנק אָדער פעט מיט גרויסע זיידענע שניפּסען אין גאַנץ בעזונדערע קינסטלער קאָסטיומען.

עס האָט זיך געוואָרפען אין די אויגען אַ גרופּע עלעגאַנטע מענער, די בולוואַר־קינסטלער, געקליידעט נאָך דער לעצטער מאָ־דע, דאַן אַן אַנדער קליקע פון אַקאַדעמיקער, זעהר ווירדיג, מיט דער באַנד פון עהרען־לעגיאָן אין קנאָפּלעכעל. צו לעצט די ביר־גערליכע מאַהלער בעגלייט פון זייער פאַמיליע, וועלכע האָט אַרומ־גערינגעלט דעם פאַטער ווי מיט אַ טריאומף קאָר.

אויף די פיער ריעזיגע מיט שטאָף בעצויגענע ווענט פון דעם עהרען זאַל האָבען אייך באַלד ביים אַריינגאַנג די בילדער אי־בעררעשט מיט דער פרישקייט פון די פאַרבען, דער נייקייט פון שטריכען און דעם בליסטשען פון די ראַהמען. דאָס אַלעס אויס־געמישט מיט דעם גרעלען ליכט פון טאָג, וועלכעס האָט אַריינגע־שיינט פון אויבען, האָט אייך כמעט ווי פערבלענדעט.

אַנטקעגען טיר איז געהאַנגען דאָס בילד פון פּרעזידענט פון דער רעפּובליק, בעת אויף דער אַנדערער זייט איז אַ גענעראַל אין אַ בליטשטשענדער יוניפאָרם מיט גאָלדענע עפּאָלעטען, אַ פעדער אין הוט און אין רויטע הויזען געהאַנגען נעבען אַ פּאָר נאַקעטע נימפען אין וואַלד, און אַ זינקענדער שיף, וועלכע ווערט שיער ניט פערשלונגען פון די כוואַליעס. דאַן האָבען אייך בעצויבערט די בילדער פון אַ בישאָף פון דער אַלטער צייט צוזאַמען מיט אַ באַר־באַרישען קעניג, אַן אַריענטאַלישע גאַס פול מיט טאָטערן, אָפּפער פון דער פעסט און דאַנטעס שאָטען אין גיהנום. די דאָזיגע ביל־דער האָבען צוגעצויגען צו זיך אייער בליק און האָבען אייך ווי פער׳כישופ׳ט.

אין דעם גרויסען צימער האָט מען נאָך געזעהן אַ טרופּע קאַ־וואַלעריסטען, אַ וואַלד, קיה זיך פּאַשענדיג אויפ'ן פעלד, צוויי בעריהמטע מענער פון דעם פערגאַנגענעם יאָהרהונדערט, וועלכע האָבען זיך אויף אַ ראָג גאַס געשלאָגען אויף אַ דועל, אַ משוגענע זיצענדיג אויף אַ שטיין, אַ פּריסטער, וועלכער גיט אַ שטאַרבענ־דען די לעצטע אוילונג, פעלד ארבייטער, שטימונגען אויפ'ן וואַ־סער, אַ זונענאונטערגאַנג, אַ לבנה שיין און נאָך אַ סך פּראָבען פון אַלעס וואָס ווערט געמאָהלען, פון אַלעס, וואָס קינסטלער האָ־בען ווען עס איז געמאָהלען און וועלען מאָהלען אַזוי לאַנג ווי די וועלט וועט שטעהן.

אָליווייער, אין מיטען פון אַ גרופּע בעריהמטע קאָלעגען, מיט־גליעדער פון דער אקאַדעמיע און פון דער פּרייז קאָמיטעע, האָט דיסקוטירט מיט זיי וועגען דער היינטיגער אויסשטעלונג. ער האָט זיך געפיהלט אונאַנגענעהם, דאָס בילד, וואָס ער האָט אויס־געשטעלט, האָט איהם פערשאַפט עפּעס אַ געוויסע אונרוהיגקייט און ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס מען האָט איהם פון אַלע זיי־טען גראַטולירט און געוואונשען גליק, האָט זיך איהם דאָך גע־דאכט, אַז עס האָט ניט דעם ריכטיגען ערפאָלג.

די הערצאָגין דע מארטעמאין האָט זיך בעוויזען אין טיר און ער איז איהר געגאַנגען אנטקעגען.

זי האָט געפרעגט:

— איז די גרעפין שוין געקומען?

— איך וויים ניט, איך האָב זי ניט געזעהן.

— און הערר דע מוסאַדיע?

— אויך ניט.

— ער האָט מיר פערשפּראָכען צו זיין אויף די טרעפּ אום צעהן אוהר, און מיר דאַן ווייזען די אויסשטעלונג.

— קען איך עס פיליי כט טהאָן אנשטאַט איהם, דורכ־לויכט?

— ניין, ניין, אייערע פריינד נויטיגען זיך אין אייך. מיר

זעהען זיך שפּעטער ווידער. איך דענק, מיר פריהשטיקען היינט צוזאַמען.

מוסאַריוס איז געקומען צו לויפען אַחן אַ אָטהעם. ער איז אונטען, אין סקולפּטור זאַל, פעדהאַלטען געוואָרען אויף אַ פּאָר מינוט, ער האָט זיך ענטשולדיגט און געזאָגט:

— אהער, דורכלויכט, אהער, מיר וועלען אָנפאַנגען פון רעכטס.

זיי זיינען פערשוואונדען צווישען דעם עולם, ווען די גרעפין גיללעראַי, געאַרעמט מיט איהר טאָכטער, איז אין זאַל אריין און גענומען מיט איהרע בליקען זוכען אָליווייער בערטין.

ער האָט זיי דערזעהן, איז זיי געגאַנגען אַנטקעגען און בעגריסט:

— אָבער זייט איהר היינט שעהן. אננעלע ווערט מיט יעדען טאָג שעהנער, אין אַכט טעג האָט זי זיך שוין פאַרענדערט.

מיט פאַרשענדע אויגען האָט ער זי אָנגעקוקט און צוגעלייגט:

— די שטריכען זיינען ווייכער געוואָרען, צאַרטער, אינטערעסאַנטער, די געזיכטספאַרב פרעכטיגער. זי איז שוין פיעל וויינינער באַקפּיש און מעהר פאַריזערין.

אָבער פּלוצים האָט ער זיך אומגעקעהרט צו דער פראַגע פון'ם טאָג און געזאָגט:

— לאָמיר זיך נעהמען רעכטס און נאָכפאָלגען דער הערצאָגין.

די גרעפין, וועלכע האָט זיך געאינטערעסירט מיט דער אויסשטעלונג, פונקט ווי זי אליין וואָלט געווען אַ מאַהלערין, האָט געפרעגט:

— נו, וואָס זאָגט דער עולם?

— אַ שעהנע אויסשטעלונג, באַנאַט איז ווירקליך אַ טאַלענט. דאַן זיינען דאָ אַ סך אינטערעסאַנטע, נייע און אויסגעצייכענטע זאַכען.

— און אייער בילד? — האָט זי געפרעגט.

— מען זאָגט מיר אַלערליי ליעבענסווירדיגקייטען, אָבער צו־פריערען בין איך ניט.

— איהר זייט קיין מאָל ניט צופריעדען.

— דאָך, מאַנכעס מאָל יאָ. אָבער היינט האָב איך, דוכט זיך, ווירקליך רעכט.

— אָבער פאַר וואָס?

— איך ווייס אַליין ניט.

— קומט, לאָמיר עס אָקאָרשט אָנקוקען.

ווען זיי זיינען צוגעקומען צו דאָס בילד — צוויי קליינע בויערן־מיידלאַך, וועלכע האָבען זיך אין א טייך געבאָדען — האָבען זיי דאָרט געטראָפען א פּאָר מענשען, וועלכע זיינען געשטאַנען און דאָס בילד בעוואונדערט. זי איז געוועזען גליקליך און געזאָגט שטיל:

— אָבער דאָס איז דאָך וואונדערבאַר, אַן אַנטיק. עטוואס בעסערעס האָט איהר נאָך קיין מאָל ניט געמאָהלען!

ער האָט זיך צערטליך אויף איהר אָנגעשפּאַרט, דאַנקבאַר פאַר יעדעם וואָרט, וואָס האָט זיין האַרץ בערוהיגט, זיינען וואונדען לינדער געמאַכט. און אַלערליי ארגומענטען זיינען איהם גלייך אויפ׳ן זינען אַרויף, אום איהם צו איבערצייגען, אַז זי, מיט איה־רע קלוגע פּאַריזער אויגען, אורטיילט ריכטיג. און אום זיך צו בערוהיגען, האָט ער פערגעסען, אַז זייט צוועלף יאָהר האָט ער איהר ניט אויפגעהערט צו מאַכען פּאָרווירפע גראָדע דערפאַר, וואָס זי בעוואונדערט אונבעדייטענדע זאַכען, אויסגעדראָשענע גע־פיהלען, גלייכגילטיגע מאָדע נאַרישקייטען אבי זיי זיינען נור עלע־גאַנט געצייכענט, און קיין מאָל נישט די קונסט, די קונסט אַליין, די וואהרע, די אמת׳ע קונסט פריי פון אַלע טענדענצען, פון אַלע געזעלשאַפטליכע מיינונגען און פּאַראורטיילען.

זיי זיינען אוועק ווייטער און ער האָט זיי לאַנג געפיהרט פון זאַל צו זאַל, געצייגט זיי די בילדער, ערקלעהרט דעם הויפּט גע־דאַנק, גליקליך מיט זיי און גליקליך דורך זיי.

פּלוצים האָט די גרעפין געפרעגט:

— וויפיעל איז שוין דער זייגער?

— האַלב איינס.

— אויב אַזוי, לאָמיר שנעל געהן פריהשטיקען. די הער־צאָגין ערוואַרטעט אונז ביי לעדראָהען, וואוהין מיר האָבען זיך אָב־גערעדט אַלע צו טרעפען, און פאַל מיר וועלען זיך ניט באַגעגענען נאָך פריהער אין די זאַאַלען.

דער רעסטאָראַן, וועלכער האָט זיך געפונען אין אַ ים פון בוימער און גרינס, האָט איצט אויסגעזעהן, ווי אַן איבערפילטער, בעוועגליכער בינשטאָק. אַן אונבעשטימטער הו־האַ פון שטימען, פון קולות, פון גלעזער און טעלער קלירען האָט געקלונגען פון אַלע פענסטער און אַלע ווייט געעפענטע טירען. רייהען טישען פול בעזעצט מיט מענשען זיינען געשטאַנען ענג איינער נעבען אַנ־דערן. אין די שמאַלע דורכגאַנגען זיינען אַרומגעפלויגען פער־האַוועטע קעלנער, טראָגענדיג אויף דעם אויפגעהויבענעם אָרעם שיסלען מיט פלייש, פיש אָדער פרוכטען.

אונטער דער גאַלערעע, וועלכע האָט זיך געצויגען אַרום און אַרום איבער דעם גאַנצען רעסטאָראַן האָט געשוויבעלט פון מענ־שען. אַלע האָבען געלאַכט, געשריען; מען האָט געטרונקען און געגעסען, דער עולם איז געוועזען לוסטיג פון וויין און פון יענער פרעהליכער לוינע, וועלכע פאַלט מאַנכעס מאָל אין געוויסע טעג צוזאַמען מיט דער זון אויף פּאַריז אַרונטער.

אַ קעלנער האָט אַריינגעפיהרט די גרעפין, אַננעלע און בער־טין אין דעם בעשטעלטען צימער, וואו די הערצאָגין האָט זיי ער־וואַרט.

ווען דער מאַהלער איז אַריינגעקומען, האָט ער בעמערקט דעם מאַרקיז פּאַראַנדאַל שטעהענדיג נעבען זיין טאַנטע, יענער האָט זיך אַ וואָרף געטהאָן צו זיי מיט אַ אימפּעט און שמייכלענדיג אויסגע־שטרעקט זיינע הענד, אום צו צונעהמען די שירעמס און מאַנט־

לען פון דער גרעפין און איהר טאָכטער. דאָס האָט אויף בערטין'ען זעהר שלעכט געווירקט, ער האָט זיך דערפיהלט זעהר אונאַנ־גענעהם און עס האָט זיך איהם פערוואָלט מיט עפּעס א גראָב וואָרט בעליידיגען דעם מאַרקיז.

די הערצאָגין האָט דערצעהלט ווי אזוי זי האָט געטראָפען איהר פּלימעניק און אז מוסאדיע איז פארשלעפּט געוואָרען פון דעם מיניסטער פון דער שעהנער קונסט; בערטין איז געוואָרען נערוועז און האָט זיך געקאָכט ביי דעם געדאנק, אז דער דאָזיגער פּוסטער פראַנטעל, דער מאַרקיז וואָגט צו האָבען אבזיכטען אויף אנגעלע'ן, אז ער איז צוליעב איהר אהער געקומען און בעטראַכט זי שוין אלס זיין אָפּפער. דאָס האָט איהם אזוי אויפגערעגט, ווי א פרעמדער מענש וואָלט זיך אין זיין לעבען אריינגעמישט און זיינע רעכטע, זיינע הייליגע רעכטע אָנגעגריפען.

אזוי שנעל ווי מען איז געזעסען ביים טיש, האָט דער מאַרקיז גענומען ארומטאַנצען ארום דאָס יונגע מיידעל, געבען וועלכער מען האָט איהם אוועקגעזעצט, מיט בעזונדערער העפליכקייט און ליעבעסווירדיגקייט.

ער האָט געקוקט נור אויף איהר מיט נייגעריגע בליקען, וועל־כע האָבען דעם מאהלער אויסגעוויזען פרעך, און געשמייכעלט צופריעדען, צערטליך. פון אלע זיינע מאַנערען, פון די ווערטער האָט געקלונגען עטוואס זיכערעס, בעשטימטעס, עפּעס ווי ער וואָלט וועלען אָנזאָגען, אז באלד וועט ער זי בעזיצען.

די הערצאָגין און די גרעפין זיינען געוועזען צופריעדען פון דעם מאַרקיז'עס בענעהמען זיך און האָבען זיך פריינדליך איבערגע־וואונקען.

אזוי שנעל ווי זיי זיינען פאַרטיג געוואָרען מיט'ן פריהשטיק, האָבען זיי זיך צוריקגעקעהרט צו דער אויסשטעלונג. אין די זאלען איז געווען אזא געדרענג, אז עס איז כמעט אונמעגליך געווען זיך דורכצושטופּען. א געוויסע וואַרימקייט, א דעמפּער גערוך פון אלטע רעק און קליידער האָבען געמאכט די לופט מורא'דיג שווער

און שטיקענד. מען האָט מעהר ניט בעטראַכט די בילדער, נור די בעזוכער, זייערע געזיכטער, זייערע טואַלעטען און מען האָט געזוכט בעקאַנטע.

אין פינף מינוט אַרום זיינען די גרעפין און אָליוויער געווען אָבגעריסען פון די איבעריגע. זיי האָבען געוואָלט גערן זיי זוכען, אָבער די גרעפין, זיך אָנשפּאַרענדיג אָן זיין אָרעם, האָט געזאָגט:

— איז ניט בעסער, אַז מיר זאָלען אַ ווײַלע בלייבען אַליין? לאָמיר זיי לאָזען וואו זיי זיינען, מיר האָבען דאָך אָבגערעדט זיך צו טרעפען ביים בופעט אום פיער אוהר, אויב מיר וועלען זיך פערלירען.

— דאָס איז אמת — האָט ער געזאָגט.

אָבער דער געדאַנק, אַז דער מאַרקיז בעגלייט אַננעלען און פּארשיט זי מיט זיינע לעבערליבע קאָמפּלימענטען, האָט איהם קיין רוה ניט געגעבען.

די גרעפין האָט איהם אַ שעפּטשע געטהאָן:

— ליעבט איהר מיך נאָך אַלץ?

ער האָט געענטפערט צושטרייט און מיט אַנדערע זאַכען פערנומען:

— יאָ, געוויס.

און ער האָט געזוכט איבער די קעפּ פון דער מאַסע דעם גרויען הוט פון׳ם מאַרקיז פּאַראַנדאַל.

זי האָט געפיהלט, אַז ער איז צושטרייט און זעהר געוואָלט זיינע געדאַנקען צוריק צו זיך ברײַנגען. דערפאַר האָט זי געזאָגט:

— איהר ווייסט גאָר נישט, ווי זעהר מיר געפעלט אייער בילד. עס איז ווירקליך אייער מייסטערווערק.

ער האָט אַ שמייכעל געטהאָן, האָט פּלוצים פערגעסען די יונגע לייט און גענומען טראַכטען נור פון זיינע צווייפעל פון היינט אין דער פריה.

— דענקסט איהר ווירקליך אַזוי ?

— יאָ, מיר געפעלט עס מעהר פון אַלע אַנדערע זאַכען.

— עס האָט מיר פיעל זאָרג פערשאַפט.

מיט שמייכעלדיגע ווערטער האָט זי איהם ווידער צוגעצויגען צו זיך, ווייל זי האָט שוין פון לאַנג אָן געוואוסט, אז קיין זאַך ווירקט ניט אַזוי פיעל אויף דעם קינסטלער, ווי שטענדיגע, שטאַרקע שמייכלעריי. אין גאַנצען פער'שיכור'ט און פרעהלאַך געמאַכט דורך די זיסע ווערטער, האָט ער זיך צורעדט, האָט געזעהן נור זי אַליין, געהערט נור איהר שטימע אין דעם דאָזיגען ווילדען טומעל פון אַהין און אַהער לויפענדיגע מאַסען מענשען.

אום איהר צו דאַנקען האָט ער איהר אַריינגעשושקעט אין אויער:

— איך האָב אַ משוגענעם פערלאַנג, אייך צו קושען.

אַ וואַרימער שטראָם איז איהר איבער'ן לייב אַריבער, זי האָט אויפגעהויבען איהרע שמייכלענדיגע אויגען און נאָך אַמאָל איהר פראַגע ווידערהאָלט:

— אַלזאָ, איהר האָט מיך נאָך אַלץ ליעב ?

און ער האָט געענטפערט מיט דעם טאָן, וועלכען זי האָט אַזוי געוואָלט הערען, און וועלכען זי האָט פריהער ביי איהם ניט געפונען:

— יאָ, איך ליעב אייך, מיין געליעבטע אַני.

— קומט איצט עפּטער אין אָבענד — האָט זי געזאָגט — איצט, ווען מיין טאָכטער איז דאָ, וועל איך ניט פיעל אויסגעהן.

זייט דעם ווי זי האָט דערפיהלט ביי איהם דאָס פּלוצימדיגע ערוואַכען פון זיין ליידענשאַפט, איז זי געווען גליקליך. איצט, ווען אָליוויער'ס האָר זיינען אין גאַנצען ווייס געוואָרען און די יאָהרען האָבען איהם ביסלעכווייז בערוהיגט, האָט זי זיך ווייניגער געשראָקען, ער זאָל זי ניט פערבייטען אויף אַן אַנדער פרוי. זי האָט אָבער שרעקליך געציטערט, אז ער זאָל אויס פערצווייפלונג, אויס איינזאַמקייט ניט הייראַטהען. די דאָזיגע מורא, וועלכע איז

איהר פריהער אַפט בעפאַלען, איז איצט געוואַקסען און געוואַקסען און זי האָט געשמיעדט אַלערליי אונמעגליכע פּלענער, אום איהם צו האָבען נעהנטער צו זיך און ער זאָל ניט זיין געצוואונגען צו פערברענגען די לאַנגע אבענדען אין דער קאַלטער איינזאַמקייט פון זיין פוסטען הויז. און אַזוי ווי זי האָט איהם ניט אימער גע־קענט איינהאַלטען נעבען זיך, האָט זי פאַר איהם אויסגעטראַכט צערשטרייאונגען, איהם געשיקט אין טהעאַטער, אין געזעלשאַפ־טען, דען עס איז איהר אימער ליעבער געווען צו וויסען, אַז ער געפינט זיך אין אַ געזעלשאַפט פון פרויען, איידער ער זאָל זיין איינער אַליין אין זיין אומעטיגער היים.

און אויסדריקענדיג איינעם פון איהרע געהיימסטע געדאַנ־קען, האָט זי געזאָגט:

— אַך, ווען איך זאָל אייך קענען האָבען אימער נעבען זיך! איך וואָלט אייך אַזוי פאַרצערטעלט, אַזוי ליעב געהאַט; איהר מוזט מיר צוזאָגען זעהר אָפט צו קומען, וואָרים איך וועל זעהר זעלטען אויסגעהן.

— דאָס זאָג איך אייך זעהר גערן צו.

גאַנץ נאָהנט נעבען איהר אויער האָט אַ שטימע אַ שעפּטשע געטהאָן:

— מאַמאַ.

די גרעפין האָט זיך אַ צאַפּעל געטהאָן און האָט זיך אומ־געדרעהט. אננעלע, די הערצאָגין און דער מאַרקיז זיינען צוגע־קומען צו זיי.

— עס איז פיער אוהר — האָט געזאָגט די הערצאָגין — איך בין זעהר מיעד און וואָלט וועלען אַוועקגעהן.

די גרעפין האָט געענטפערט:

— איך געה אויך, איך קען מעהר ניט אַרומגעהן.

זיי זיינען אַוועק צו די אינוויינינגסטע טרעפּ, וועלכע פיהרען פון דער גאַלערעע, וואו עס הייננען די האַנדצייכנונגען און אַקוואַ־

רעלען אין דעם ריעזיג גרויסען אונטערשטען זאַל, וואו עס געפינען זיך די סקולפּטור אַרבייטען.

פון דער פּלאַטפאָרמע פון די דאָזיגע טרעפּ האָט מען געקענט זעהן דעם ריעזיגען זאַל פון איין ברעג ביז'ן אַנדערען. דאָרט זיי־נען אויף פּיעדעסטאַלען געשטאַנען מאַרמאָרנע און בראָנזענע פי־גורען אין דער גאַנצער לייגג פון די דורכגאַנגען צווישען גרינע בושעס און אַ ים מענשען, וועלכער האָט אָנגעפילט אַלע ווענען. די מאַרמאָרנע סטאַטועז האָבען אַרויסגעקוקט פון צווישען היט און שולטערן און האָבען געבליסטשעט מיט זייער ווייסקייט.

ווען בערטין האָט ביים אַרויסגאַנג זיך געזעגענט מיט די פרויען, האָט איהם די גרעפין שטיל געפרעגט:

— אַלזאָ, קומט איהר היינט ביינאַכט?

— געוויס.

און ער האָט זיך צוריקגעקעהרט צו דער אויסשטעלונג אום מיט די קינסטלער איבער די איינדריקע פונ'ם היינטיגען טאָג צו רעדען.

די מאַהלער און די סקולפּטאָרען זיינען גרופּענווייז געשטאַ־נען אַרום די סטאַטוען פאַר דעם בופעט און אַזוי ווי יעדען יאָהר דיספּוטירט, פערטהיידיגט אָדער אָנגעגריפען דיזעלבע אידעען, אָנ־געגעבען דיזעלבע בעווייזע, די זעלבע גרינדע און געאורטיילט פונקט אַזוי ווי יעדען יאָהר. אָליוויער, וועלכער פלעגט געוועהנ־ליך ביי דעם דאָזיגען שטרייט זיך אָנצינדען און האָט געהאַט צווי־שען זיינע קאָלעגען אַ נאָמען פאַר אַ גייסטרייכען טעאָרעטיקער, אויף וואָס ער איז זעהר שטאָלץ געוועזען, האָט זיך ריעזען מאָל אויך צואווארעמט און מיט היץ אַנטייל גענומען אין די דעבאַטען. אָבער טיעף אין זיין הארצען האָט ער געפיהלט, אַז ניט אינטערע־סירט איהם וואס מען רעדט אַרום איהם און ניט וואָס ער אַליין ענטפערט, דען ער האָט נאָך אין פאָראויס געוואוסט אַלעס, וואס

מען וועט דאָ זאָגען איבער די אַלטע קונסט פּראַגען, וועלכע ער האָט אַזוי גרינדליך פערשטאַנען.

ער האָט געליעבט די קונסט, ביז אַהער האָט ער כמעט קיין אַנדער זאַך ניט ליעב געהאַט, אָבער היינט איז ער געוועזן צו־שטרייט.

ער האָט זאָגאַר פערגעסען זיין אונרוהיגקייט איבער זיין בילד און האָט נאָר געטראַכט וועגען דאָס בענעהמען פון דעם מאַרקיז צו אַננעלען, וועלכעס איז איהם אַזוי ניט געפעלען. אָבער וואָס אַרט עס איהם אייגענטליך? האָט ער געהאַט עפּעס אַ רעכט צו זיין בייז? וואָרום זאָל ער שטערען דעם דאָזיגען פּאַסענדען און נאָך פון פריהער בעשטימטען שידוך? פאַר וואָס זאָל ער היג־דערען די פּלענער פון זיינע פריינד? אויף דיעזע אַלע פראַגען האָט ער קיין ענטפער ניט געפונען און דאָך האָט ער זיך ניט גע־קענט בעפרייען פון אַן אונאַנגענעהמען געפיהל, פון אַ טיעפער אונ־צופריעדענהייט ביי דעם געדאַנק, אַז פּאַראַנדאַל זאָל פּלוידערן און שמייכלען און קוקען מיט פערליעבטע אויגען אויף דער יונגער, שעהנער מיידעל.

ווען ער איז אין אבענד צו דער גרעפין געקומען און זי אַליין מיט דער טאָכטער געפונען, ווי זיי האָבעןביים העלען שיין פון לאָמפּ נאָך אַלץ די דעקען פאַר זייערע אָרימע לייט געשטריקט, האָט ער זיך געמוזט איינהאַלטען מיט אַלע זיינע קרעפטען, אום ניט אויסצולאַכען דעם מאַרקיז, ניט מאַכען פון איהם חוזק און עפּענען דערמיט אַננעלען די אויגען אויף דיעזען פּוסטען פראַנט.

שוין פון אַ לענגערער צייט אָן איז ער אין אַזעלכע אַבענדען געזעסען עטוואָס שלעפעריג, אָהן אינטערעס, ווי אַן אַלטער פריינד, וועלכער צערעמאָניעט זיך ניט פיעל. ער איז געלעגען אויף זיין שטול מיט פאַרלייגטע פיס, דעם קאָפּ אויפ׳ן ווענטעל אַבגעוואָר־פען, געטרוימט, בעת ער האָט גערעדט און אין דיעזער רוהיגער שטילקייט אי דעם קערפער אי דעם גייסט אויסגערוהט. און דאָ

פלוצים האָט ער ווידער אָבגעלעבט, איז אויף איין מאָל געוואָרען מונטער און פרעהליך, ווי אַ מאַן וואס וויל געפעלען, וואס גיט זיך אַלע מעגליכע מיה צו געפעלען.

איצט איז ער ניט געזעסען רוהיג און זיך צוגעהערט צום געשפּרעך, נור ער האָט דעם געשפּרעך געפיהרט און איהם באַ־לעבט מיט זיין וויץ, מיט זיין ענערגיע און ווען ער האָט די גרע־פין און איהר טאָכטער צום לאַכען געבראַכט, אָדער ווען ער האָט געפיהלט, אַז זיי זיינען געוואָרען בעוועגט, אָדער האָבען איהם ערשטוינט אָנגעקוקט, אָדער האָבען געלאָזט פאַלען זייער אַרבייט, אום זיך צו זיינע רייד צוצוהערען, איז איהם יעדעס מאָל אַ מין אַנגענעהמער שוידער איבער'ן לייב אַריבער און איהם פאַר זיין אָנשטרענגונג בעלאָהנט.

איצט איז ער אָפט צו זיי געקומען, ווען נור ער האָט גע־וואוסט, אַז זיי זיינען אַליין, און ער האָט פיליכט נאָך קיין מאָל ניט פערבראַכט אַזעלכע שעהנע אָבענדען.

פון די דאָזיגע אָפטע וויזיטען האָט די גרעפין גיללעראי זיך געפיהלט בערוהיגט, איהר אויביגער שרעק איהם צו פערלירען האָט אַביסעל נאָכגעלאָזען. זי האָט זיך געגעבען אַלע מעגליכע מיה איהם צו זיך צוצובינדען, צו זיך צוציהען. זי האָט זיך אָבגעזאָגט פון דינערס, בעלער, פאָרשטעלונגען, אום צו האָבען דאָס פערגנע־ניגען דריי אַזייגער, ווען זי איז פון הויז אַרויס, איהם צו טעלע־גראַפירען: „היינט ביינאַכט." אין דער ערשטער צייט, האָט זי אויף זיין וואונש, אום צו בלייבען מיט איהם אַליין, אָבגעשיקט איהר טאָכטער צו בעט אַזוי שנעל ווי דער זייגער האָט געשלאָגען צעהן. אין איין טאָג, ווען ער האָט מיט אַ שמייכעל געבעטען זי זאָל אַננעלען ניט בעהאַנדלען מעהר ווי אַ קליין, אונאַרטיג קינד, האָט זי איהר ערלויבט נאָך אַ פיערטעל שטונדע, דאַן אַ האַלבע און צום סוף אַ גאַנצע. אגב איז ער שוין לאַנג ניט פאַרבליבען נאָכדעם ווי דאָס יונגע מיידעל איז אַוועק, עפּעס ווי די העלפט

פון דעם צויבער, וועלכער האָט איהם דאָ געהאַלטען, וואָלט מיט איהר אוועקגעהן פערשוואונדען. ער פלעגט דאַן צורוקען דעם קליי־נעם, ניעדעריגען שטול אויף וועלכען ער איז אימער געזעסען גאַנץ נאָהענט צו דער גרעפין, פלעגט זיך צוטוליען צו איהר און מאַנכעס מאָל שמייכלענדיג זיין באַק צו איהר קניע צוגעדריקט. זי האָט איהם געגעבען איינע פון איהרע הענד, וועלכע ער האָט פעסט אין זיינע געהאַלטען, דאַן האָט זיין גייסטיגע אָנשטרענגונג פלוצים איהר קראַפט פערלאָרען, ער האָט אויפגעהערט צו ריידען און האָט זיך געשיינט אין זיסען שוויינען פון דער מיה, פון דער אָנשטרענ־גונג אָבצורוהען.

ביסלאַכווייז האָט זי מיט איהר ווייבליכען אינסטינקט דער־שמעקט, אַז אַננעלע אינטערעסירט איהם כמעט אַזוי פיעל ווי זי אַליין. דאָס האָט זי ניט בייז געמאַכט, פאַרקעהרט, זי האָט זיך געפיהלט גליקליך, וואס ער געפינט ביי זיי ביידען עטוואס פון דעם פאַמיליען לעבען, וועלכען זי האָט ביי איהם גערויבט. און זי האָט איהם צוגעבונדען צו זיי ביידען, געשפּיעלט די ראָלע פון אַ מוטער, אום ער זאָל זיך איינריידען, אַז ער איז כמעט ווי אַ פאָטער צו דער יונגער מיידעל און אויף אַזאַ אַרט איז צוגעקו־מען נאָך אַ צערטליכקייט צו די אַלע, וואָס האָבען איהם צו איהר הויז צוגעשמידט.

איהר קאָקעטעריי, וועלכע האָט אָנגעפיהרט אָן אייביגען קאַמפּף מיט די יאָהרען איז געוואָרען די לעצטע צייט אויפּאַלענ־דער, ווייל די גרעפין האָט פלוצים דערזעהן, אַז טראָץ אַלע איהרע בעמיהונגען רוקט זיך צו איהר די עלטער און פערניכטעט אַלץ מעהר און מעהר איהר יוגענד, איהר שעהנהייט. אום צו זיין פונקט אַזוי שלאַנק ווי אַננעלע האָט זי נאָך אַלץ גאָרנישט געטרונ־קען, און אַזוי ווי זי איז ווירקליך מאָגערער געוואָרען, האָט זי צוריקגעקראָגען איהר אַמאָליגע מיידעלשע פיגור, אַזוי אַז פון הינ־טען האָט מען ניט געקענט דערקענען וועלכע איז די מוטער און

וועלכע איז די טאָכטער. אָבער אויף איהר איינגעפאַלענעם פּנים האָבען זיך פון דער דאָזיגער קוראַציע בעוויזען קנייטשען, איהר הויט האָט געקריגען אַ געלבליכען קאָליר און האָט זיך שטאַרק געוואַרפען אין די אויגען אין פערגלייך מיט דער וואונדער־שעה־נער געזיכטספאַרב פון דער יונגער מיידעל. דאַן האָט זי זיך גע־נומען שמינקען, ווי אַן אַקטריסע, און הגם זי האָט ביי טאָג אויס־געזעהן עטוואָס פערדעכטיג, האָט זי אָבער ביי נאַכט, פאַר דעם שיין פון די לאָמפּען, געשיינט ווי אַמאָל. זי האָט גוט געזעהן, אַז איהר שעהנהייט פערשווינדעט און ווייל זי האָט אָנגעווענדעט קינסטליכע מיטעל, האָט זי גענומען ענדערן אַלע איהרע געוואָהנ־הייטען. אַזוי פיעל ווי מעגליך האָט זי אויסגעמיעדען אַ פערגלייך ביי זונשיין און געזוכט די בעלייכטונג פון לאָמפּען, וועלכע האָט איהר אַ סך בעסער געפּאַסט. ווען זי האָט זיך געפיהלט מיעד, בלייך, עלטער ווי געוועהנליך, זיינען פאַר איהר קאָפּ שמערצען געוועזען אַ גוטער תירוץ אום זיך אָבצוזאָגען פון דעם אָדער יענעם באַל, אָדער פון אַ טעאַטער. אָבער די טעג, ווען זי האָט זיך גע־פיהלט פריש און יונג, האָט זי געשיינט פאַר גליק און נעבען דער טאָכטער מיט ווירדיגער בעשיידענהייט געשפּיעלט די ראָלע פון אַ עלטערער שוועסטער. אום צו קענען טראָגען עהנליכע קליידער ווי איהר טאָכטער, האָט זי איהר אָנגעטהאָן אין זאַכען וואָס האָ־בען מעהר געפּאַסט פאַר אַ יונגער פרוי, הגם זיי זיינען געווען צו אַלט און צו ערנסט פאַר דאָס יונגע מיידעל, אָבער אַננעלע, וועל־כע איז אימער לוסטיגער און לעבעדיגער געוואָרען, האָט געטראָ־גען איהרע טואַלעטען מיט קוועקזילבערנער לעבהאַפטיגקייט, אַזוי אַז זי איז דורכדעם שעהנער געוואָרען. מיט פערגעניגען האָט זי מיטגעמאַכט אַלע קאָקעט שטיק פון איהר מוטער, האָט אינסטינק־טיוו מיט איהר אויסגעפיהרט שעהנע סצענקעס, האָט פערשטאַנען ביי אַ פּאַסענדער געלעגענהייט די מוטער צו אומאַרמען, דורך עפּעס אַ בעוועגונג, אַ לאַסקע, אַ געשיקטען איינפאַל צו צייגען ווי שעהן זיי ביידע זיינען און ווי עהנליך איינע צו דער צווייטער.

אליוויער בערטין, וועלכער האָט זיי אימער צוזאַמען געזעהן און אימער פערגליכען, האָט גאַנץ אָפט געמאַכט טעות'ן און זיי פאַרביטען איינע אויף דער צווייטער. מאַנכעס מאָל, ווען דאָס יונגע מיידעל האָט צו איהם גערעדט און ער האָט געקוקט אין אַן אַנדער זייט, האָט ער זיך געמוזט פרעגען: „וועלכע פון זיי ביידע האָט נור וואָס גערעדט?" מאַנכעס מאָל האָט ער זיך זאָגאַר אונטערהאַלטען דערמיט, ווען זיי זיינען אַלע דריי געזעסען אין דעם סאַלאָן אין סטיל פון לודוויג דעם פופצעהנטען. ער האָט דאַן צוגעמאַכט די אויגען און זיי געבעטען איינע נאָך דער אַנדערער איהם צו שטעלען דיזעלבע פראַגע, אום ער זאָל זיי דאַן קענען נאָך דער שטימע דערקענען. און זיי האָבען מיט אַזאַ געשיקטקייט גערעדט מיט דעם זעלבען טאָן, דיזעלבע זאַצען מיט דער זעלבער בעטאָנונג אַרויסגערעדט, אז ער האָט אָפט ניט געקענט זיך אָנשטויסען און טרעפען ווער איז ווער. אפילו די דיענער האָבען אָפט אַ טעות געהאַט און דער מיידעל: „יאָ, פרוי גרעפין!" און דער מוטער: „יאָ, קאָנטעססע!" געענטפערט.

דורך דאָס דאָזיגע שטענדיגע נאָכמאַכען איינע דער אַנדערער, דורך דאָס קאָפּירען פון אַלע בעוועגונגען זיינען זיי צום סוף אַזוי עהנליך געוואָרען אין זייער בענעהמונג, אין זייער האַלטונג, אַז אפילו גראַף גיללעראַי אַליין האָט זיי אויך אָפט פערביטען איינע אויף דער אַנדערער און ווען איינע פון זיי האָט זיך אין דעם דונקעלען הינטערגרונד פון סאַלאָן בעוועגט האָט ער אימער געפרעגט: „ביזטו עס, אַננעטע, אָדער די מאַמאַ?"

דורך דער דאָזיגער טהיילווייז נאַטירליכער און טהיילווייז געמאַכטער, קינסטליכער עהנליכקייט האָט זיך אין האַרץ און אין קאָפּ פון'ם קינסטלער אַ מערקווירדיגער איינדרוק געבילדעט, אַן איינדרוק פון אַ דאָפּעלטען וועזען, אַ פריהערדיגען און אַ נייעם, איינעם, וואָס ער האָט גענוי געקענט און דאָך ניט געקענט, דער איינדרוק פון צוויי קערפּער, פון וועלכע איינער איז געבילדעט נאָך דעם מוסטער פון דעם צווייטען פון'ם זעלבען פלייש און

בלוט, עפּעס ווי איין פּרוי וואָלט געווען אַ פּאַרטזעצונג פון דער אַנדערער און אין דער צווייטער, יונגער פאָרמע וואָלט זי ווידער דאָס געוואָרען, וואָס זי איז אַמאָל געווען. און ער האָט געלעבט צווישען זיי, האַלב פאַר איינער, האַלב פאַר דער צווייטער, אונ־רוהיג, צומישט, און בעת זיין ליעבע צו דער מוטער האָט ווידער ערוואַכט, האָט ער צו דער טאָכטער געפּיהלט עפּעס אַ דונקעלע, אונבעשטימטע צערטליכקייט.

## צווייטער טהייל

### I

„פאריז, 20 יולי, 11 אוהר ביינאכט.

געליעבטער פריינד! מיין מוטער איז נור וואס אין ראנ־סיערעם געשטארבען. מיר פאהרען נאך האלבען נאכט אהין אוועק. קומט ניט צו אונז, ווארים מיר לאזען קיינעם וועגען דעם ניט ווי־סען. טרויערט־מיט מיט אונז און דענקט וועגען מיר.

אייער אני.״

21טען יולי, מיטאג צייט.

„מיין ארימע פריינדין. איך וואלט געקומען צו אייך טראץ אייער צעטעלע, ווען אייער ווילען וואלט פאר מיר ניט געוועזן קיין געזעץ. זייט געסטערן טראכט איך פון אייך אין טיעפסטען שמערץ. איך דענק וועגען דער דאזיגער שטומער רייזע היינט ביינאכט מיט אייער טאכטער און אייער מאן, אין דעם האלב־בעלויכטענעם וואגאן, וועלכער טראגט אייך צו אייער געליעבטער טויטער. אין מיינע געדאנקען האב איך אייך געזעהן אלע דריי פאר מיינע אויגען ביים שיין פון א אויל לאמפ, איהר האט גע־וויינט און אננעלע האט געשלוכצט. איך האב אייך דאן געזעהן אנקומענדיג אויפ׳ן וואקזאל, און אייך בעגלייט אויף דער שרעק־ליכער רייזע אין דער קארעטע. איך האב געזעהן, ווי איהר זייט מיט די דיענער אין שלאס געגאנגען, ווי איהר זייט אויף די טרעפ ארויפגעלאפען צו יענער בעט, וואו זי ליעגט, איך האב געזעהן

אייער ערשטען בליק אויף דער טויטער און אייער קוש אויף דעם איינגעפאַלענעם, פאַרגליווערטען פּנים און איך האָב געהאָרכט ווע־גען דעם וואָס עס טהוט זיך אין אייער האַרץ, אין אייער אָרים האַרץ, אַ העלפט פון וועלכען עס געהערט מיר און, וועלכע ווערט איצט צוריסען פון וועהטאָג, וואס איך פיהל מיט אייך מיט.

איך קוש אין טיעפסטען מיטגעפיהל אייערע פאַרווייינטע אוי־גען.

אַליוויער.״

„ראָנסיערעס, 24 יולי.

אייער בריעף וואָלט מיך געטרויסט, ליעבער פריינד, ווען ביי דעם גרויסען אונגליק, וואס מיך האָט געטראָפען, וואָלט מיך אירגענד וואס נאָך געקענט טרויסטען. נעכטען האָבען מיר זי בעערדיגט און זייט איהר אָרימער לעבלאָזער קערפּער האָט דאָס דאָ־זיגע הויז פערלאָזען פיהל איך זיך, ווי איך וואָלט געבליעבען איי־נע אליין אויף דער וועלט... מען האָט ליעב אַ מאַמען כמעט אליין ניט וויסענדיג פון דעם, ניט פיהלענדיג דאָס, ווייל עס איז פונקט אזוי נאַטירליך ווי דאָס לעבען אליין. און מען בעמערקט ערשט ווי טיעף די דאָזיגע ליעבע איז אין אונז איינגעוואָרצעלט, ביי דער לעצטער צושיידונג. קיין אנדער ליעבע לאָזט זיך מיט דיזען גע־פיהל ניט פערגלייכען. אלע אנדערע געפיהלען האָבען מיר גע־קריגען ערשטע שפּעטער אין לעבען, דיעזע אָבער בעשטעהט זייט דער געבורט. אלע אנדערע זיינען שפּעטער דורך פערשיעדענע צו־פאַלען צו אונז געקומען, דיזע ליעבע אָבער ליעגט אונז פון דעם ערשטען טאָג אָן אין אונזער בלוט. און דאן האָט מען ניט בלויז די מוטער פערלאָרען, אַ העלפט פון אונזער גאַנצער קינדהייט פער־זינקט צוזאַמען מיט איהר, דען אונזער קינדערשער לעבען געהערט איהר פונקט אזוי ווי אונז, נור זי האָט געקענט אונזערע קינדער יאָהרען ווי מיר אליין. זי האָט געוואוסט אַ גאַנצע מאַסע אונבע־דייטענדע אָבער ליעבע קלייניגקייטען, וועלכע זיינען שוין לאַנג פערגאַנגען, די ערשטע, צאַרטע רעגונגען פון אונזער האַרצען. נור

צו איהר האָב איך געקענט זאָגען: „געדענקסטו נאָך, מאַמאַ, דע־מאָלט, ווען... געדענקסטו נאָך, מאַמאַ, די פּאָרצעלייענע ליאַלקע, וואָס די באָבע האָט מיר געשענקט....״ מיר האָבען געקענט צוזאַ־מען אַ גאַנצען, גרויסען ראָזען קראַנץ אויסוועבען פון יענע קליי־נע לוסטיגע עראינערונגען, און איצט וויים פון זיי קיינער ניט מעהר אויף דער גאַנצער וועלט אויסער מיר. אזוי איז אַ טהייל פון מיר געשטאָרבען, דער עלטערער, דער בעסערער טהייל. איך האָב פערלאָרען דאָס הארץ, אין וועלכען עס האָט געלעבט אין גאַנצען דאָס קינד, וועלכעס איך בין אמאָל געוועזן. איצט קען עס קיינער ניט מעהר, קיינער וויים גאָר נישט פון דער קליינער אננאַ, פון איהרע קורצע קליידלאַך, איהר שמייכעל, איהר אויסזעהן.

און דער טאָג וועט קומען, פיליכט איז ער שוין גאָר ניט וויים, ווען אויך איך וועל פון דער וועלט געהן און וועל מיין ליע־בע אננעלע לאָזען אַליין, ווי מיין מאַמאַ האָט היינט מיך אַליין געלאָזען. דאָס אַלעס איז אזוי טרויעריג, אזוי הארט און אזוי גרויזאַם און דאָך דענקט מען קיינמאָל ניט וועגען דעם. מען זעהט ניט, ווי דער טויט רייסט יעדען אויגענבליק אימעצען פון אונזער מיטען ארוים, ווי ער וועט אונז אַליין באַלד אויך ארוים־רייסען. ווען מען זאָל דעם טויט קוקען גלייך אין די אויגען, ווען מען זאָל וועגען איהם טראַכטען, ווען מיר זאָלען זיך ניט צו־שטרייען, זיך ניט פאַראינטערעסירען אין אַלעס ארום אונז און בלינד דאָס לעבען געניסען, דאַן וואָלט מען ניט געקענט מעהר אויסהאַלטען, ניט געקענט לעבען, דען דער אָנבליק פון דעם ענד־לאָזען פּאַגראָם אויף מענשליכע לעבענס וואָלט אונז משוגע גע־מאַכט.

איך בין אזוי צובראָכען, אזוי פערצווייפעלט, אז איך האָב פּאַר קיין זאַך קיין קרעפטען ניט. טאָג און נאַכט טראַכט איך וועגען מיין אָרימער מאַמאַ, וועלכע ליעגט איצט פערקלאַפּט אין טויטען קאַסטען, טיעף אונטער דער ערד, ליעגט אין דרויסען אונ־טער׳ן רעגען און איהר אַלטער פּנים, וועלכען איך האָב מיט אזוי,

פיעל פרייד געקושט, איז איצט שוין פיליייכט פערפוילט און צו־פרעסען פון עקעלהאַפטע ווערים. אַך, ווי שרעקליך, מיין פריינד, ווי מוראַ׳דיג!

ווען איך האָב מיין פּאַפּאַ פערלאָרען, האָב איך געהאַט דאָן ערשט נור וואָס געהייראַט און איך האָב דאָס אַלעס ניט געפיהלט אַזוי ווי היינט. יאָ, האָט מיטלייד מיט מיר, דענקט וועגען מיר, שרייבט צו מיר... איך נויטיג זיך איצט אַזוי אין אייך.

אננאַ.״

„פּאַריז, 25 יולי.

מיין אָרימע פריינדין. אייער קומער שמערצט מיך טיעף. איך זעה אויך ניט דאָס לעבען פון דער ראָזאָווער זייט; זייט איהר זייט אַוועק געפאָהרען, פיהל איך זיך אין גאַנצען פערלאָרען און פערלאָזען, אָהן שום אינטערעס, אַלעס פּארמאַטערט מיך, לאַנגווייַלט אדער רעגט מיך אויף. און איך דענק אָהן אויפהער וועגען אייך און וועגען אונזער אַננעלע׳ן. און איהרביידע זייט גראַדע יעצט אַזוי ווייט פון מיר, יעצט, ווען איך דאַרף אייך אַזוי נויטיג געבען זיך.

עס איז מערקווירדיג ווי איך פיהל אייער אבוועזענהייט, ווי איהר פעהלט מיר. נאָך קיינמאָל נישט, ניט אפילו אין יענע טעג, ווען איך בין יונג געוועזען, האָט איהר פאַר מיר אַזוי פיעל בעדייטעט, ווי גראַדע אין דיעזען מאָמענט.

שוין זייט אַ צייט ווי איך האָב געפיהלט, אַז עס קומט אויף מיר עפּעס אַ קריזיס. וואָס איך פיהל איז אַזוי מערקווירדיג, אַז איך מוז עס אייך דערצעהלען. שטעלט זיך פאָר, זייט איהר זייט נישטאָ אין פּאַריז, קען איך ניט געהן שפּאַציערען. פריהער און זאָגאַר אין די לעצטע מאָנאַטען האָב איך ליעב געהאַט אַרומצו־וואַנדערען איינער אַליין דורך די גאַסען: מענשען און זאַכען האָבען מיך אונטערהאַלטען. איך האָב געהאַט פערגעניגען פון אַלצדינג וואָס איך האָב געזעהן, פערגניגען דערפון וואָס איך האָב זיך אין גוטער לוינע איבער די גאַסען אַרומגעטריבען, איך בין

געגאַנגען ניט וויסענדיג וואוהין, נור אום צו שפּאַציערען, אום די פרישע לופט איינצואָטהעמען, אום צו טרוימען. איצט קען איך דאָס ניט מעהר. אַזוי שנעל ווי איך געה ארויס אין גאַס, פאַלט אָן אויף מיר אַ שווערער מוט, אַן אַנגסט, די אַנגסט פון אַ בלינ־דען, וועלכער האָט אָבגעלאָזען דעם הונד, וואָס האָט איהם גע־פיהרט. איך ווער אונרוהיג, פונקט ווי אַ מענש, וועלכער האָט זיך אין טיעפען וואַלד פערבלאָנדזשעט, און איך מוז זיך אומקעהרען אַהיים. פּאַריז זעהט מיר איצט אויס טרויעריג, אומעטיג. איך פרעג זיך אַליין: — „וואו וויל איך געהן" און איך ענטפער: „אין ערגעץ נישט, איך געה נאָר שפּאַצירען גלאַט אין דער וועלט אריין." איצט קען איך עס ניט מעהר, איך קען ניט געהן מעהר אָהן אַ ציעל. דער געדאַנק אַליין זיך אַרומצושלעפּען איינזאַם איבער די גאַסען, מאַכט מיך מיעד און טרויעריג. דאַן טרייבט מיך די פערצווייפלונג אין קלוב אריין.

און ווייסט איהר ווארום דאָס אַלעס איז אַזוי? נור ווייל איהר זייט דאָ נישטאָ, דאָס ווייס איך בעשטימט. ווען איך ווייס, אַז איהר זייט אין פּאַריז, דאַן דאַרף איך ניט מעהר געהן גלאַט אין דער וועלט אריין אָהן שום ציעל, איך קען דאַן האָפען אייך צו באַגעגענען אויף דער נעקסטער גאַס. איך געה איבעראַל, ווייל איבעראַל האָב איך אַ מעגליכקייט אייך צו טרעפען. און ווען איך זעה אייך ניט קען איך וויינינגסטענס זעהן אַננעלען, וועלכע איז אַ קאָפּיע פון אייך. דורך אייך ביידע האָב איך אַ צוועק אין די גאַסען, אַ האָפנונג אייך צו טרעפען, אייך צו זעהן, אויף אייך באַטש פון ווייטען אַ קוק צו טהאָן. און דאַן זעהט מיר די שטאָדט אויס רייצענד, און יעדע זאַך, וואס דערמאָנט מיר אָן אייך, בע־וועגט מיין הארץ, האַלט אויף מיין ערוואַרטונג, בעשעפטיגט מיינע אויגען, וועקט אויף אין מיר אַ מין בייןקעניש, אַ פערלאַנג אייך צו זעהן.

איהר וועט מיך האַלטען פאַר אַן עגאָאיסט, ליעבע פריינ־דין, וואָס איך דערצעהל אייך פון מיין איינזאַמקייט, ווי אַן אַל־

טער קוואַקטוך, וואָס איך רייד דערפון אין אזא מאָמענט, ווען איהר פערגיסט ביטערע טרערען. פערגיט מיר, איך בין אזוי גע־וואָהנט פון אייך געצערטעלט צו ווערען, אז איך שריי: הילפע! הילפע! ווען איך האָב אייך ניט מעהר נעבען זיך.

איך קוש דעם זוים פון אייער קלייד, אום אז איהר זאָלט מיט מיר מיטלייד האָבען.

אַליוויער."

„ראַנסיערעס, 30 יולי.

ליעבער פריינד!

איך דאַנק אייך פאַר אייער בריעף. עס טהוט מיר גוט צו וויסען, אז איהר האָט מיך ליעב. איך האָב איבערגעלעבט א מורא׳דיגע צייט, איך האָב ווירקליך גערענקט, אז דער שמערץ וועט מיר קאָסטען מיין לעבען. א שווערע לאַסט האָט זיך מיר אויף דער ברוסט ארויפגעלייגט, איז דאָרט אָהן אויפהער געוואַקסען, האָט מיך געשטיקט און געוואָרגען. דער דאָקטאָר, וועלכען מען האָט גערופען אום ער זאָל בערוהיגען מיינע נערוועזע אָנפּעלע, וועלכע איך האָב געקראַגען פיער־פינף מאָל א טאָג, האָט מיר גע־מאַכט א מאָרפיום איינשפּריצונג און דאָס האָט מיך נאָר משוגע געמאַכט. די מורא׳דיגע היץ וואָס דאָ הערשט, האָט מיין צושטאַנד נאָך פאַרשלימערט און מיר אריינגעבראַכט אין אַן אויפרעגונג, כמעט אין א דעליריום. זייט פאָריגען פרייטאָג, ווען דאָ איז גע־ווען א גרויסער שטורעם, בין איך אביסעל רוהיגער. איך מוז אייך מודיע זיין, זייט דער מוטער׳ס בעערדיגונג, האָב איך ניט געקענט מעהר וויינען, און דאָ, פּלוצים, בעת׳ן שטורעם, וועןעם אָנקומען האָט מיך דערשראָקען, האָב איך דערפיהלט, ווי די טרערען האָבען זיך מיר אין די אויגען א לאָז געטהאָן, לאַנגזאַם, ביטער און ברע־נענדיג. אך, ווי עס האָבען וועה געטהאָן די ערשטע טרערען. זיי האָבען מיך געריסען ווי מיט שאַרפע נעגעל, מיר צוזאַמענגעדריקט דעם האַלז, אז איך האָב ניט געקענט דעם אָטהעם אָבציהען. דאַן האָבען זיי זיך א גאָס געטהאָן שנעלער, פליסענדער, וואַרימער, זיי

האָבען געשטראָמט פון מיינע אויגען, ווי א קוואַל און איך האָב געוויינט אזוי פיעל, אזוי פיעל, אַז מיין נאָזטיכעל איז אין גאַנצען נאַס געוואָרען און איך האָב געמוזט נעהמען א צווייטע. און די שווערע, שמערצליכע לאַסט, וואָס האָט מיין הארץ געדריקט איז צוריסען געוואָרען, צורונען און פון מיינע אויגען ארויסגעפלאָסען.

זייט יענעם מאָמענט וויין איך פון אין דער פריה ביז ביי־נאַכט, און דאָס פערלייכטערט מיר דאָס הארץ. ווען מען וואָלט ניט קענען זיך גוט אויסוויינען, וואָלט מען משוגע געוואָרען אָדער געשטאָרבען. איך בין אויך גאַנץ אַליין, איינזאַם, מיין מאַן פאָהרט ארום אין דער נאַכבארשאַפט, און איך האָב געבעטען, ער זאָל אַנ־נעלען מיט זיך נעהמען, אום דאָס קינד זאָל זיך אביסעל צושטרייען, און זיך טרייסטען. אין א קאַרעטע אדער רייטענדיג פאָהרען זיי אוועק מאָרגעס מאָל אכט ביז צעהן מייל ווייט פון ראַנסיערעס. דאַן קומט זי צוריק שטראַהלענדיג פון יוגענד מיט בליסטשענדיגע אויגען פול לעבען, פול פייער, פריש און רויט פון דעם שפּאַציער אויף דער פרישער לופט. ווי שעהן עס איז צו זיין אזוי יונג!... איך דענק, מיר וועלען נאָך א צוויי־דריי וואָכען דאָ פערבלייבען און דאַן, הגם עס איז ערשט נאָך אויגוסט, קעהרען מיר זיך אום צוריק אין פּאַריז. איהר ווייסט דעם גרונד, פאַר וואָס מיר פער־לאָזען אזוי פריה דעם זומער פּלאַץ...

איך שיק אייך אַלעס, וואָס איז אין מיין הארצען נאָך אי־בערגעבליעבען פון ליעבע.

אננאַ.״

„פּאַריז, 4 אויגוסט.

איך קען עס מעהר ניט אויסהאַלטען, ליעבע פריינדין, איהר מוזט צוריקקומען, אַז ניט וועט מיט מיר עפּעס אַן אונגליק גע־שעהן. איך פרעג זיך אַליין, צי בין איך ניט קראַנק, אַזאַ עקעל פיהל איך צו אַלעס, וואָס איך האָב פריהער געטהאָן מיט פערגע־ניגען. ערשטענס איז אין פּאַריז אזוי הייס, אַז יעדע נאַכט האָט

איהר דאָס געפיהל ווי איהר וואָלט זיך געפינען אין א שוויצבאָד אכט־ניין שטונדען נאָכאנאנד. איך הויב זיך אויף א פארמאטער־טער פון שלאָף, געה ארום א שטונדע אָדער צוויי פאר א ווייסער לייוועגד אהין און צוריק, אימער מיט דער אבזיכט עטוואָס אויף דעם אָנצוצייכנען, אָבער מיין מארך ארבייט ניט מעהר, מיין אויג זעהט גאָר נישט, מיין האנד בעוועגט זיך נישט. איך בין ניט מעהר קיין מאָלער. די דאָזיגע אוננוציגע בעמיהונג צו ארבייטען, ברענגט מיך צו פערצווייפלונג. איך היים קומען מאָדעלען, זעץ זיי אוועק, אָבער זיי אלע נעהמען אָן א שטעלונג, בעוועגען זיך, האָבען אַן אויסדרוק, וועלכען איך האָב שוין טויזענד מאָל געמאָהלען. איך היים זיי זיך ווידער אָנטהאָן און וואַרף זיי ארויס. איך זעה מעהר גאָר נישט נייעס און לייד דערפון אזוי פיעל, ווי איך וואָלט בלינד געוואָרען. וואָס זאָל דאָס זיין, וואָס זאָל דאָס בעדייטען? איז דאָס די מיעדקייט פון דעם אויג אָדער פונ'ם מארך... איז מיין קינסטלערישע קראַפט שוין אויסגעשעפט אָדער דער זעה־נערוו איז שטארק פערמאַטערט? ווער ווייס, מיר דאכט זיך, אז איך בין שוין אויסגעוועפט. איך זעה נור דאָס, וואָס די גאַנצע וועלט זעהט, איך טהו וואָס אלע שלעכטע מאָהלער האָבען געטהאָן, איך זעה און בעאָבאכט ווי אַן אלטער פעדאַנט. פריהער, און דאָס נאָך גאָר ניט לאַנג צוריק, האָב איך געזעהן פאר זיך אַן אונבעגרענצ־טע צאָהל פון נייע סוזשעטען, נייע פּראָבלעמען און אום זיי אויס־צודריקען האָב איך געהאַט אזוי פיעל פערשיעדענע מיטלען, אַז איך האָב ניט געוואוסט וועלכעס פריהער צו נעהמען, דאָס איז גע־ווען דער איינציגער אָבהאַלט. און איצט, פלוצים איז די וועלט מיט געשטאַלטען און פּראָבלעמען פוסט געוואָרען און איך בין געוואָרען מאָכטלאָז און אונפרוכטבאַר. די מענשען, וועלכע איך זעה האָבען פאר מיר קיין בעזונדערען אינטערעס נים. איך געפין ניט מעהר אין יעדען וועזען זיין אייגענאַרטיגען כאַראַקטער, יענעם בעזונדערען הויך, וועלכען איך האָב אזוי געליעבט אויסצוגעפי־נען און אויפ'ן לייוועגד איבערגעבען. און דאָך גלויב איך, אז איך

וואָלט געקענט מאַכען אַ שעהנעם בילד פון אייער טאָכטער. איז עס דערפאַר, ווייל זי זעהט אויס אַזוי עהנליך צו אייך און איהר ביידע האָט זיך אין מיינע געדאַנקען ווי צוזאַמענגעגאָסען? יאָ, פיליכט?

נאָכדעם ווי איך מוטשע זיך אָב אַ געוויסע צייט און פּרוביר מענער אָדער פרויען אויפ'ן לייוועגד אָנצוצייכנען, געה איך אוועק וואו עס איז פריהשטיקען, דען איך האָב ניט דעם מוט, זיך אוועק־צוזעצען איינער אַליין אין מיין עס צימער. דער בולוואַר מאַלעם־הערבעס זעהט אויס ווי אַ וואַלד אין אַן אויסגעשטאַרבענער שטאָדט. די הייזער זעהען אַלע אויס ווי ליידיגע. די גאַסען רייי־ניגער בעשפּריצען די גאַסען מיט אַ ווייסען רעגען און אין דער לופט טראָגט זיך אַ גערוך פון דזשעגאַכץ און גערייניגטע פערד. אויף דעם גאַנצען לאַנגען וועג פון פּאַרק מאָנסעאָן ביז צו סיינט אויגוסטין זעהט מען נור פינף אָדער זעקס שוואַרצע שאָטענס, וועלכע בעוועגען זיך גלייכגילטיג, דאָס זיינען אַ פּאָר געשעפטס־לייט אָדער דיענער. דער שאָטען פון די פּלאַטאַנען וואַרפט אויף דאָס ברענענדיגע טראַטואַר צו פוסען פון די בוימער מאָדנע פלע־קען. די אונבעוועגליכע בלעטער אין די צווייגען וואַרפען אַ גרויען שאָטען בילד אויף דעם אַספאַלט, וועלכער שפּיעגעלט אין זיך אָב די פון זון צובראָטענע שטאָדט, וואָס שלאָפט און שוויצט ווי אַ אַרבייטער אויף אַ באַנק אונטער דער ברענענדיגער היץ. יאָ, זי שוויצט און שטינקט אונערטרעגליך און דער געשטאַנק טראָגט זיך דורך די גאַסען, טראָגט זיך פון די נידעריגע קעלערן און קיכען, פון די רינשטאָקען, דורך וועלכע דער גאַסען שמוץ לויפט דורך. דאַן דענק איך וועגען אַ פריהמאָרגען אין אייער פּרוכטגאָרטען, וואו מויזענדער פעלד בליהמעלאַך בליהען, וועלכע גיבען פון זיך אַ זיסען גערוך און פילען אָן די לופט מיט די בעסטע פּאַרפיומען. דאַן געה איך אַ פערצווייפעלטער אין רעסטאָראַן, וואו פּליכעוואַטע, דיקע מענשען זיצען פויל ביי די טישען מיט צושפּיליעטע וועסטען און פאַרשוויצטע שטערנס. אַלע שפּייזען ליידען פון דער היץ:

די מעלאָנען ווערען צושמאָלצען אויפ'ן אייז, דאָס ברויט איז ווייך, דאָס פלייש קראַפטלאָז, די גרינסען צופיעל צוקאָכט, דער קעז שמעקט, די פרוכטען זיינען צוגעפוילט און איך געה אוועק, איך קען דאָס אלעס ניט מעהר פערטראָגען, איך קעהר זיך אום אהיים, פרוביר שלאָפען ביז דינער און אין אבענד געה איך אין קלוב.

און שטענדיג טרעף איך דאָרט אדעלמאַנס, מאַלדראַנט, ראַק־דיאַנע, לאַנדאַ און נאָך אַ טוץ אנדערע מענשען, וועלכע ווערען מיר אַלץ לאַנגווייליגער און מאַכען מיך מיעד ווי די קלאַנגען פון אַ קאַטערינקאַ. יעדער האָט זיינע מאַניערען, זיינע געוואָהנהייטען, וועלכע איך קען שוין זייט פופצעהן יאָהר. און זיי קומען זיך אַלע צוזאַמען יעדען אבענד און דערצעהלען זיך דיזעלבע, אַלטע, אויס־געדראָשענע, נאַרישע מעשות, וועלכע האָבען שוין פון לאַנג פאַר מיר קיין אינטערעס ניט. איך וואָלט געוואָלט זעהן אַן אנדער דור; דער איצטיגער האָט מיינע אויגען, מיינע אויערען און מיין גייסט מיעד געמאַכט. דיעזע הערען ניט אויף צו מאַכען ענדעקונגען, זיי ריהמען זיך דערמיט און גראַטולירען זיך דערצו.

נאָכדעם ווי איך האָב פון אכט אַ זייגער ביז נאָך האַלבער נאכט געגענעצט יעדע מינוט, קעהר איך זיך אום אהיים און מהו זיך אויס מיט דעם געדאַנק, אַז מאָרגען וועט די גאַנצע געשיכטע זיך ווידער איבער'חזר'ן.

יאַ, מיין ליעבע פריינדין, איך געפין זיך אין אַזאַ עלטער, ווען דאָס לעבען פון אַן אַלטען בחור ווערט אונערטרעגליך, וויל עס איז נישטאָ פאַר מיר קיין נייעס אונטער דער זון. אַ בחור מוז זיין יונג, מוז האָבען הייסעס בלוט און אַ פערלאַנג אַלעס דורכצומאַכען; איז מען עס אָבער נישט מעהר, דאַן איז געפעהרליך אליין צו בלייבען. גאָט, ווי האָב איך פריהער מיין פרייהייט געליעבט, איידער איך האָב אייך נאָך ליעבער געקראָגען ווי זי. ווי שווער פאַלט אויף מיר יעצט די פרייהייט מיינע! פאַר אַן אַלטען בחור ווי איך, איז די פרייהייט אַ פוסטקייט, אַ וויסטקייט איבעראַל, דער וועג צום טויט. און קיין זאַך אין איהם האַלט איהם נישט אָב

צו זעהן דעם סוף. אימער קלינגט די פראגע: וואס זאל איך טהאָן, צו ווענען זאל איך געהן אום ניט צו זיין אליין? און אזוי וואנדער איך פון פריינד צו פריינד, פון איין האנד־דרוק צו א צווייטען און בעטעל אוים אביסעל פריינדשאפט. ברעק־לאך קריג איך, וועלכע בילדען קיין מאל ניט קייז גאנצעס. איך האָב אייך, געליעבטע פריינדין, אָבער אויך איהר געהערט נישט צו מיר. פיליכט זייט איהר גאָר שולדיג אין דעם גאנצען טרויעריגען צושטאנד, אונטער וועלכען איך לייד איצט אזוי פיעל, דען מיין גאנצע געדריקטע שטימונג קומט פיליכט פון דער בייזקעניש נאָך אייך, פונ׳ם וואונש אייך צו זעהן, אייער געגענוואָרט צו גע־ניסען. דער וואונש צו זיין צוזאמען אונטער איין דאך, פערשלאָ־סען הינטער די זעלבע ווענט, אונזערע הערצער זאָלען קלאפען פון דיזעלבע אינטערעסען, פון געמיינזאמע האָפנונגען, געטהיילטען לייד, געמיינזאמער גליק זאָל אונז אויפרעגען, דיזעלבע פרייד, די־זעלבע טרויער און אפילו דיזעלבע מאטעריעלע זאכען, וועלכע פער־שאפען מיר אזוי פיעל זאָרג. איהר געהערט מיר, דאָס הייסט, פון צייט צו צייט גנב׳ע איך א קליינינקען טהייל פון אייך. אָבער איך וואָלט שטענדיג געוואָלט אָטהעמען דיזעלבע לופט ווי איהר, אלעם מיט אייך טהיילען, נור די זאכען ארום אונז האָבען, וועלכע געהערען צו אונז ביידען. פיהלען, אז אלעס ארום מיר געהערט אייך אזוי פיעל ווי מיר, די גלאָז פון וועלכער איך טרינק, דער שטול, אויף וועלכען איך זיץ, דאָס ברויט, וואָס איך עס, דאָס פייער, וואָס וואַרימט מיך.

זייט געזונד. קומט באלד צוריק, איך בין צו אונגליקליך אָהן אייך.

אליוויער.״

„ראנסיערעס, 8 אויגוסט.

ליעבער פריינד! איך בין קראנק און אזוי מיעד, אז איהר וואָלט מיך נישט דערקענט. איך גלויב, איך האָב צופיעל געוויינט.

איך מוז זיך אביסעל אויסרוהען איידער איך קום אהיים, דען איהר דאַרפט מיך ניט זעהן אַזוי ווי איך קוק איצט אויס. מיין מאַן קומט איבערמאָרגען צוריק קיין פּאַריז, און ער וועט אייך־פון אונז אָפּגעבען נאַכריכטען. ער וויל געהן וואו עס איז מיט אייך עסען און ער בעט אייך איהם צו ערוואַרטען אַרום זיעבען אַ זייגער ביי אייך אין הויז.

איך אָבער וועל זיך צו אייך צוריקקעהרען, אַזוי שנעל ווי איך וועל זיך פיהלען עטוואָס בעסער און וועל ניט מעהר אויסזעהן אַזוי, ווי איך קוק ליידער איצט אויס. מיין געזיכט שרעקט מיך אַליין, עפּעס אַזוי ווי איך וואָלט שוין אין גרוב געלעגען. אויף דער גאַנצער וועלט האָב איך נור אננעלען און אייך און יעדען פון אייך ביידע וויל איך אַלעס געבען אָהן דעם, אַז איך זאָל דעם צוויי־טען בערויבען. איך שטרעק אויס צו אייך מיינע אויגען, וועלכע האָבען אַזויפיעל געוויינט, אום איהר זאָלט זיי קושען.

אננאַ."

ווען ער האָט געקראָגען דעם דאָזיגען בריעף, וועלכער האָט איהם אָנגעזאָגט, אַז זי האָט איהר צוריקקומען אָבגעלייגט, איז אָליווייער'ן בעפאַלען אַ שטאַרקע לוסט צו נעהמען אַ דראָשקע און מיט דעם נעקסטען צוג נאָך ראַנסיערעס צו פאָהרען. ער האָט אָבער געמוזט דעם וואונש אונטערדריקען, דען ער האָט זיך איבערלייגט, אַז איבערמאָרגען קומט גראַף גיללערא און ער האָט גענומען וואַר־טען אויף זיין צוריקקומען מיט אַזאַ אונגעדולד, ווי עס וואָלט נעווען די פרוי אַליין.

קיין מאָל האָט ער גיללעראַי'ן ניט נעהאַט אַזוי ליעב, ווי אין די פיער און צוואַנציג שטונדען, וואָס ער האָט אויף איהם גע־וואַרט.

ווען ער האָט איהם דערזעהן אריינקומענדיג, איז ער איהם אַנטקעגען געלאָפען מיט אויסגעשטרעקטע הענד און האָט אויסגע־רופען: — אַך, ליעבער פריינד, ווי גליקליך בין איך אייך ווידער צו זעהן.

אויך דער צווייטער האָט געשיינט צו זיין זעהר צופריעדען, פריהער פאַר אַלץ, דערמיט וואס ער איז ווידער אין פאַריז, דען עס איז ניט געוועזן גאָר פרעהליך אין נאָרמאַנדיע די לעצטע דריי וואָכען, וואָס ער האָט דאָרט פערבראַכט.

ביידע מענער האָבען זיך געזעצט אויף אַ קליינער זאָפע אין אַ ווינקעל פון אַטעליער אונטער אַ ריעזיגען באַלדאַכין פון אָריענ־טאַלישע שטאָפען, האָבען נאָך אַמאָל אָנגענומען איינער דעם אַנ־דערן פאַר די הענד און זיי ווידער אַמאָל געדריקט.

— און ווי געהט עס דער גרעפין? — האָט געפרעגט בער־טין.

— אַך, ניט בעזאָנדערס. דער קלאַפּ האָט איהר אין גאַנצען צובראָכען און זי קומט צו זיך נור זעהר לאַנגזאַם. איך מוז זאָ־גען, אַז איך בין שטאַרק אונרוהיג וועגען איהר.

— אָבער וואָרום קומט זי ניט צוריק קיין פאַריז?

— איך ווייס ניט, איך האָב איהר ניט געקענט בעוועגען, זי זאָל מיט מיר מיטפאָהרען.

— וואָס טהוט זי אַ גאַנצען טאָג?

— מיין גאָט, זי הערט ניט אויף צו וויינען, טראַכט נאָכאַנאַנד וועגען איהר מוטער און דאָס איז פאַר איהר זעהר ניט גוט. איך וואָלט וועלען זי זאָל ענדערען די לופט, איבערהויפּט, אַז זי זאָל פון דאָרטען אַוועק, וואו דאָס אונגליק איז געשעהן. איהר פאַר־שטעהט דאָך.

— און אַננעלע?

— אַך, זי איז ווי אַן אויפגעבליהטע בלום.

אָליוויער האָט גליקליך אַ שמייכעל געטהאָן און געפרעגט:

— איז זי אויך זעהר פאַרטרויערט?

— יאַ, זעהר, זעהר. אָבער, ווייסט איהר, צו אַכטצעהן יאָהר האַלט אַ שמערץ ניט לאַנג אָן.

נאָך אַ קורצער פויזע האָט גיללעראַי ווייטער גערעדט: —

וואו געהען מיר עסען ? איך מוז זיך אביסעל אויפמונטערען, אָב־פרישען, איך מוז הערען טומעל, זעהן בעוועגונג.

— יא, איך רענק, אז אין אזא צייט איז דער קאפע פון אמ־באסאדאָר דער בעסטער פּלאַץ.

און זיי זיינען אוועק געאָרעמט צו די טשאמפּס־עליסעעס.

גיללעראַי איז געוועזן לעבהאפט און צוהיצט, ווי דער פּאַרי־זער, וועלכער קומט צוריק אין שטאָדט נאָך א לאנגער אבוועזענ־הייט. אלעס האָט איהם אויסגעזעהן יונגער און נייע און ער האָט געוואלט פון מאהלער וויסען אלע איינצעלהייטען, וואס זיינען פאַר דער צייט געשעהן, אלע נייאינקייטען, וועלכע מען דערצעהלט זיך. אָבער אָליוויער האָט אויף אלע פראגען געענטפערט קאַלט און גלייכגילטיג, אין יעדען טאָן האָט געקלונגען זיין לאנגווייליג־קייט, זיין איינזאמקייט און ער האָט ווידער גענומען ריידען פון ראנסיערעס.

דער שווערער הימעל פון א זומערדיגען אבענד איז געלעגען דריקענד אויף דער שטאָדט און אויף די גרויסע עוועניוס, וואו עס האָבען זיך געטראָגען קלאנגען פון די ארומיגע קאָנצערטען. ביי־דע מענער זיינען געזעסען אויפ'ן באלקאָן פונ'ם קאפע פונ'ם אמ־באסאדאָר. זיי האָבען געזעהן אונטער זיך די נאָך ליידיגע ביינק און שטולען פון דעם רונדען צושויער רוים, ביז צו דער קליינער ביהנע, וואו מען האָט ביים ווייסען ליכט פון די עלעקטרישע לאָמ־פּען האלב נאָך מיט דער ליכט פון טאָג אויסגעמישט געקענט אונ־טערשיידען די גלענצענדע טואלעטען און די ראָזעווע הויט פארב פון די זינגערינס. גערוכען פון פיש, שפייזען, סאָאוסען, אלערליי ווארימע געריכטען, האָבען זיך געטראָגען אין דער לופט אויסגע־מישט מיט דעם דופט פון די קאשטאנען בוימער. און אז א דאמע איז פאַרבייגעגאנגען, פון איהר קאוואליער אין שווארצען פראק געפאָלגט, וועלכע האָבען זייער פאָרהער־בעשטעלטען טישעל גע־זוכט, האָבען זיי פאַרבייגעהענדיג פון זיך א וועהע געטהאָן מיט

פּאַרפיום, מיט דעם פרישען דופט פון זייערע קליידער און זייערע לייבער.

גיללעראַי האָט געזאָגט שטראַהלענדיג:

— מיר איז דאָ אַ סך ליעבער, ווי ביי אונז דאָרט אויבען.

—— און מיר — האָט געענטפערט בערטין — וואָלט אַ סך ליעבער געווען צו זיין ביי אייך דאָרט אויבען.

— נאַרישקייטען.

— ווירקליך, מיר זעהט פּאַריז אויס שרעקליך היינטיגען זומער.

— עט, מיין ליעבער פריינד, פּאַריז בלייבט אימער פּאַריז.

דער אַבגעאָרדענטער האָט היינט געשיינט צו האָבען זיין גליקליכען טאָג. איינעם פון יענע גליקליכע טעג, ווען אפילו ערנסטע מענשען פאַרגעסען זייער ערנסטקייט און מאַכען דומהייטען, ווי גאַנץ געוועהנליכע פרעהליכע יונגען. ער האָט בעטראַכט צוויי פרעהליכע מיידלאך, וועלכע זיינען געזעסען ביי אַ דערבייאיגען טיש מיט דריי מאָגערע, שוין אביסעל צופיעל אויסגעפּוצטע יונגע מענער, און ער האָט אויסגעפרעגט אָליוויער'ן וועגען אַלע בעקאַנטע און אונבעקאַנטע מיידלאך, וועמעס נאָמען ער האָט טאָג טעגליך געהערט. דאַן האָט ער אַרויסגעמורמעלט מיט אַ טאָן פון טיעפסטען בעדויערן:

— יאַ, איהר האָט גליק, וואס איהר זייט געבליעבען אַ בחור. איהר קענט טהאָן און מאַכען וואס איהר ווילט.

אָבער דער מאַהלער האָט דערפון ניט געוואָלט הערען און ווי יעדער, ווען אַ געדאַנק האָלט אין איין פּלאָגען, האָט ער פערטרויט גיללעראַי'ן זיינע ליידען, זיינע טרויעריגע שטימונגען און זיין איינזאַמקייט. נאָכדעם ווי ער האָט איהם אַלעס אַרויסגעזאָגט, גאַנץ נאַאיוו פאַר איהם געעפענט זיין האַרץ, וועלכע איז געווען פול מיט ביינקעניש נאָך אַ פרוי, נאָך אַן איינען ווארים ווינקעל, האָט דער גראַף פון זיין זייט צוגעגעבען, אַז דאָס פאַמיליען לע־

בען האָט זיך זיינע גוטע זייטען אויך. אין איהם האָט פּלוצים ערוואַכט דער רעדנער פון פּאַרלאַמענט און ער האָט זיך מיט אַ הייץ גענומען ריהמען די אנגענעהמליכקייטען פון זיין היימישען לעבען, געלויבט די גרעפין ביז'ן הימעל, בעת אָליווער האָט איהם צוגעשטימט מיט אָפּטען צושאָקלען מיט'ן קאָפּ.

אָליווער איז געווען גליקליך פון איהר צו הערען, אָבער אין דערזעלבער צייט האָט די קנאה ווי אַ וואָרים זיין האַרץ גענטאָ־טשעט. ער איז מקנא געווען דעם גראַף זיין פאַמיליען גליק, וואָס יענער האָט געריהמט נור אויס פליכט און ער האָט צום סוף געזאָגט מיט אַ טאָן פון העכסטער איבערצייגונג:

— יאָ, איהר האָט געהאַט גליק.

דער אָבגעאָרדענטער האָט זיך געפיהלט געשמייכעלט און עס צוגעגעבען. דאַן האָט ער ווייטער גערעדט:

— איך וואָלט זעהר וועלען, אַז מיין פרוי זאָל צוריקקומען. איהר צושטאַנד בעאונרוהיגט מיך ווירקליך. ווייסט איהר וואָס, איהר לאַנגווייליגט זיך אַזוי אין פּאַריז, טאָמער וואָלט איהר גאָר צוגעפאָהרען קיין ראָנסיערעס און זי אַהער געבראַכט. אייך וועט זי פאָלגען, איהר זייט איהר פריינד, ווערענד דער מאַן, איהר ווייסט דאָך...

אָליווער האָט געענטפערט שטראַהלענדיג:

— מיט דעם גרעסטען פערגעניגען. אָבער דענקט איהר ניט, אַז זי וועט ווערען בייז, ווען איך וועל אַזוי אונגעריכט, אַזוי פּלו־צים אַהין אָנקומען?

— ניין, ניין. איהר מעגט פאָהרען.

— נו, אַלזאָ גוט. איך פאָהר מאָרגען אום איינס. מוז איך פריהער טעלעגראַפירען?

— ניין, דאָס וועל איך שוין בעזאָרגען. איך וועל זיי בע־נאַכריכטען, אום אַז זיי זאָלען שיקען אַ קארעטע אייך צו ערוואַר־טען ביים באַהן.

ווען זיי זיינען מיט'ן עסען פערטיג געווארען, זיינען זיי אוועק צוריק צום בולוואר. אבער אין א האלבע שעה ארום האט דער גראף פלוצים פערלאזען דעם מאהלער, אונטער דעם תירוץ אז ער האט עפעס זעהר א נויטיגע זאך צו בעזארגען, וועלכע ער האט פריהער גאר פערגעסען.

## II

די גרעפין און איהר טאָכטער אין גאַנצען אין שוואַרצען קרייפּ געקליידעט, האָבען זיך גור וואָס געזעצט צום טיש אין גרויסען עס־צימער פון ראַנסיערעס אום צו פריהשטיקען. גרויסע בילדער אין אַלטע, אָבגעבליאַקירטע גאָלדענע ראַהמען זיינען געהאַנגען אויפ׳ן וואַנד, פאַרשטעלענדיג די אורעלטערען פון די גילעראים. איינער נעפּודערט, אין יוניפאָרם פון דער פראַנצויזישער גוואַרדיע, דער צווייטער אַלס אָבערסט פון דער צייט פון דער רעוואָלוציאָן. צוויי דיענער האָבען שטיל סערווירט דיביידע שווייגענדיגע פרויען, און די פליגען אַרום דעם קריסטאַלענעם הייננגלייכטער, וועלכער איז איבער׳ן טיש געהאַנגען, האָבען געבילדעט אַ קליין שוואַרץ וואָלקענדעל, פון זשומענדע, ווירבלענדע פינטעלאַך.

— עפען אויף דאָס פענסטער, דאָ איז אַביסעל צו קיהל — האָט געזאָגט די גרעפין.

ביידע פליגעל פון די דריי הויכע פענסטער, וועלכע האָבען זיך געצויגען פון פאָדלאָגע ביז צום באַלקען, זיינען גלייך געעפענט געוואָרען.

אַ הויך פון פרישע, וואַרימע לופט, וועלכער האָט דעם דופט פון פרישען גראָז פאַרטראַגען, האָט אַ שטראָם געטהאָן אין צימער און זיך אויסגעמישט מיט דער עטוואָס פערדומפּענער לופט, וועלכע האָט זיך געפּיהלט הינטער די דיקע ווענט פונ׳ם שלאָס.

— אָט דאָס איז גוט — האָט געזאָגט אַננעלע — און טיעף אריינגעטאָטהעמט אין זיך די פרישע לופט.

ביידע פרויען האָבען ארויסגעקוקט אין דרויסען, וואו אונ־טער דעם בלויען פאַר׳חלום׳טען הימעל זיינען געלעגען די ברייטע גרינע לאַנקעס פונ׳ם פּארק מיט זיינע געדיכטע בוימער דאָ און דאָרט, מיט דער ווייטער אויסזיכט אויף דער געלער לאנדשאפט ארוים, אויף וועלכער ווייט, ווייט ביז צום סאמע האָריזאָנט האָבען פעלדער מיט גאָלדענע זאנגען געבליסטשעט.

— נאָכ׳ן פריהשטיק וועלען מיר מאכען אַ לאנגען שפּאציר־גאנג — האָט געזאָגט די גרעפין. — מיר קענען געהן מיט׳ן טייך ביז צו בערוויל צופוס, אויפ׳ן פרייען פעלד איז צו היים.

— יאָ, מאַמאַ, און מיר וועלען מיטנעהמען יוליאַ, ער זאָל אונז אויסגעפינען רעבהינער.

— דו ווייסט דאָך, אַז פּאפּאַ האָט עס פערבאָטען.

— אָבער דער פּאפּאַ איז דאָך אין פּאַריז. עס איז אזוי שעהן צו זעהן, ווי יוליאַ זוכט. טהו אָקאָרשט אַ קוק, ווי ער בילט אויף די בהמות. ניין, עס איז צו קאָמיש.

זי האָט אָבגערוקט איהר שטוהל, איז אויפגעשטאנען, צוגע־לאָפען צו אַ פענסטער און אויסגעשריען: — זוך, יוליאַ, זוך, זוך!

אויף אַ לאָנקע זיינען געלעגען דריי שווערע קיה, פּארמאַ־טערטע פון היץ און פויל געקייט גראָז. אַ שלאַנקער, ווייסער, רויט באפלעקטער יאגדהונד איז האַווקענדיג ארומגעשפרונגען פון איין קוה צו דער אנדערער, האַלב אויף שפּאַס, האַלב מיט רוגזה זיי געשטויסען, געבולען און זיך געמאַטערט זיי צו צווינגען אויפצו־שטעהן, אָבער זיי האָבען זיך ניט גערוהרט פון אָרט. דאָס איז גע־ווען דעם הונד׳ס ליעבלינגס שפּיעל, און ער האָט זיך אימער אזוי געשפּיעלט, ווי נור ער האָט געזעהן קיה ליגענדיג אויף דער ערד. זיי האָבען איהם אָנגעקוקט מיט זייערע גרויסע, נאַסע אויגען ניט

צושראָקען, נור אונצופריעדען, און האָבען אומגעקעהרט די קעפּ אין זיין זייט.

אננעלע האָט אויסגעשריען פון פענסטער:

— כאַפּ זיי, יוליא, כאַפּ זיי!

און דער יאַגדהונד איז געוואָרען לעבעדיגער, דרייסטער, האָט גענומען בילען העכער און איז צוגעשפּרונגען צו דעם הינטער חלק פון איינער פון די קיה, ווי ער וואָלט זי וועלען בייסען. יעצט זיינען זיי געוואָרען אונרוהיגער און דאָס נערוועזע צוקען פון דער הויט, אום די פליגען צו פערטרייבען, איז געוואָרען אָפטער און געדויערט לענגער.

פּלוצים האָט דער הונד זיך אַ לאָז געטהאָן מיט אימפּעט און האָט זיך שיער ניט אָנגעשטויסען אָן דער קוה. ער האָט זיך אָבער אין צייט פערכאַפּט און אריבערגעשפּרונגען איבער איהר. די גרויסע חיה האָט זיך דערשראָקען פון דער דאָזיגער בעריהרונג, האָט אויפגעהויבען אַ פריהער דעם קאָפּ, דאַן לאַנגזאַם אויפגע־שטעלט זיך אויף די פיער פיס, מוהענדיג לויט. ווען די איבעריגע צוויי האָבען דערזעהן די קוה שטעהענדיג, האָבען זיי זיך אויך אויפגעהויבען און איצט האָט יוליא גענומען שפּרינגען אַרום זיי מיט נצחון, בעת אננעלע האָט איהם פרעהליך צוגערופען:

— בראַוואָ, יוליא, בראַוואָ!

— אָבער קום דאָך פריהשטיקען, מיין קינד — האָט געזאָגט די גרעפין.

דאָס יונגע מיידעל האָט מיט דער האַנד פערשטעלט די אויגען פון דער זון און געזאָגט:

— זעה דאָ קומט אַ טעלעגראַמע.

אויפ'ן וועג, וועלכער האָט זיך פערלאָרען צווישען די תבואה פעלדער, האָט זיך איבער די קאָרן זאַנגען בעוויזען אַ בלויע בלוזע, און באַלד האָט מען דערזעהן אַ מאַן געהענדיג צום שלאָס.

— מיין גאָט — האָט געשעפּטשעט די גרעפין — עס זאָלען נור ניט זיין קיין שלעכטע נייעס.

יענע אנגסט וועלכע דער טויט פון א געליעבטען מענשען לאזט איבער אין אונז, האט נאך אין איהר געציטערט. איהרע פינגער האבען זיך געטרייסעלט, ווען זי האט די טעלעגראמע אויפגעריסען און זי איז געוועזען שטארק אויפגערעגט פאר ערוואַרטונג. עס האט זיך איהר אליץ געדאכט, אז פון הינטער דעם צוזאמענגעלייגטען פאפיר קוקט אויף איהר ווידער עפעס אן אונגליק ארויס, וועלכער וועט איהר אויף דאס נייע די אויגען מיט טרעהרען אנפילען. אננעלע, פערקעהרט, איז געוועזען פול יונגענדליכער נייגיערדע און האט געליעבט אלעס נייעס, וואס זי האט אין לעבען באגעגענט.

די גרעפין האט שוין מעהר ניט געגעסען. מיט שטארקע אויגען האט זי פערפאלגט דעם וועג פונ'ם מאן, וועלכער האט זיך דערנעהנטערט צו זיי און וועלכער האט זיי געבראכט עטליכע ווערטער, וואס וועלען זיי פיליייכט טרעפען ווי א קויל. די אונרוהיגקייט האט איהר דעם אטהעם פארכאפט און זי האט זיך געבראכען דעם קאפ צו טרעפען, וואס אזוינס די נאכריכט קען איהר ברייגען. וועגען וואס האנדעלט זיך עס, פון וועמען קומט עס? זי האט א טראכט געטהאן וועגען אליווייער — טאמער איז ער קראנק, און אפשר גאר טויט?

די צעהן מינוט, וואס זי האט נאך געמוזט ווארטען, האבען זיך פאר איהר געצויגען לאנג אהן א סוף. און ווען זי האט דערנאך געעפענט די טעלעגראמע און דערזעהן איהר מאן'ס אונטערשריפט, האט זי איבערגעלייענט:

„אונזער פריינד בערטין פאהרט מיט דעם איינם א זייגער צוג קיין ראנסיערעס. שיק א קארעטע צום באהן הויף. גרוס.”

— נו, מאמא? — האט געפרעגט אננעלע.

— הערר בערטין קומט.

— אח, דאס איז פיין! ווען קומט ער?

— באלד.

— אום פיער?

— יאָ.

— אַך, דאָס איז אויסגעצייכענט.

אָבער די גרעפין איז בלייך געוואָרען. זייט אַ געוויסער צייט איז אין איהר געוואַקסען אַ נייער אַנגסט און דאָס פּלוצימדיגע אָנקומען פון׳ם מאַהלער האָט איהר געשיינט צו זיין איינער פון יענע אומגליקען פאַר וועלכען זי האָט שטאַרק מורא געהאַט.

— פאָהר איהם אָבנעהמען אין אַ קאַרעטע — האָט זי גע־זאָגט צו איהר טאָכטער.

— קומסטו דען ניט מיט, מאַמאַ?

— ניין, איך וועל אייך דאָ ערוואַרטען.

— אָבער פאַר וואָס? דאָס וועט איהם פערדריסען.

— איך פיהל זיך ניט גאָר גוט.

— דו האָסט דאָך נור וואָס געוואָלט געהן צו פוס קיין בער־ווילל?

— יאָ, אָבער דער פריהשטיק האָט מיר פערשאַדט.

— אַך, ביז מיר וועלען קומען אַהין, וועט דיר בעסער ווע־רען.

— ניין, איך וועל בעסער געהן צו מיר אין צימער און זיך אביסעל אויסרוהען. שיק מיר זאָגען אַזוי גיך ווי איהר וועט צו־ריקקומען.

— גוט, מאַמאַ.

די גרעפין האָט געגעבען אַ בעפעהל צו שפּאַנען די פערד און צוצוגרייטען אַ גאַסטצימער. דאַן איז זי אַוועק אין איהר צימער און זיך דאָרט איינגעשלאָסען.

ביז אַהער האָט זי אָבגעלעבט איהר לעבען כמעט גאָר אָהן זאָרג. די ליעבע צו אָליוויער איז געוועזען די איינציגע וויכטיגע פּאַסירונג דאָרט און אויך די איינציגע זאָרג די דאָזיגע ליעבע איינ־צוהאַלטען. עס איז איהר געלונגען און ביז אַהער איז זי אין דיע־זען קאַמפּף שטענדיג די זיעגערין געבליבען.

איהר האַרץ, פון ערפאָלג און שמייכלערייען איינגעוויגט, איז

געוואָרען דאָס האַרץ פון אַ שעהנער וועלטליכער דאַמע, וועלכער עס קומט אַלדאָס גליק און אַלדי פרייד פון דער גאַנצער וועלט. זי האָט אָהן ליעבע אַ גלענצענדען שידוך געטהאָן און אום איהר לע־בען גליקליך און אינטערעסאַנט צו מאַכען, האָט זי אָן דער זייט ליעבע אָנגענומען. זי האָט אַ פערהעלטנים אָנגעקניפּט הויפּטזעכ־ליך אויס ליידענשאַפט און אַביסעלע אויך אום דאָס לעבען זאָל ניט ווערען אַזוי באַנאַל, אַזוי אַלטעגליך. זי האָט זיך איינגע־מויערט אין דעם גליק, וואָס אַ צופאַל האָט איהר אין שויס געוואָר־פען מיט דעם איינציגען וואונש עס צו בעהאַלטען און פון אַלע גע־פאַהרען צו פערטהיידיגען. מיט דער געלאַסענהייט פון אַ שעהנער פרוי האָט זי אָנגענומען אַלעס אנגענעהמעס, וואס איז איהר צו דער האַנד געקומען, האָט זיך ניט געיאָגט נאָך קיין נייע אונ־בעקאַנטע פערגעניגען, נאָך קיין אונגעוועהנליכע פּאַסירונגען, זאָנדערן האָט קלוג מיט אַ טאַלק גענאָסען פון דעם גליק וואס דאָס לעבען האָט איהר געשענקט, זיך פרעהענדיג מיט דעם היינט און ניט קימערנדיג זיך וועגען דעם מאָרגען.

דאַן האָט זיך ביסלאַכווייז, זי האָט אַליין ניט בעמערקט ווי און ווען, אין איהר נשמה אַ מורא אריינגע׳גנב׳עט, אַ מורא פאַר דעם בעוואוסטזיין, אַז די יוגענד, די שעהנע צייט פון ליעבע געהט אוועק און די עלטער נעהנטערט זיך. דער דאָזיגער געדאַנק האָט ווי אַ וואָרים איהר נישט אויפגעהערט צו טאָטשען. אָבער אַזוי ווי זי האָט גוט געוואוסט, אַז דער דאָזיגער איבערגאַנג אין לעבען איז אונפערמיידליך און האָט דער מענש איינמאָל גע־נומען געהן אַראָב איז שוין פאַר איהם קיין אָבהאַלט נישטאָ, האָט זי צוגעמאַכט די אויגען אום ניט צו זעהן דעם אָבגרונד פאַר וועל־כען זי איז געשטאַנען.

מיט פערצווייפלונג אין האַרצען און אַ שמייכעל אויף די ליּ־פּען האָט זי ווייטער געלעבט מיט עפּעס אַ מין סאָרט געמאַכטען, עהרגייציגען בעשלוס אַזוי לאַנג שעהן צו בלייבען ווי נור מעגליך. און ווען אַנגעלע האָט זיך מיט דער פרישקייט פון איהרע אַכט־

צעהן יאָהר נעבען איהר זייט בעוויזען, האָט זי דערפון ניט געלי־טען, אדרבא, זי איז געווען שטאָלץ אין דעם בעוואוסטזיין, אז איהר רייפע שעהנהייט איז מעהר בעצויבערענד און ועט פאַרגעצוינגען ווערען צו דער יונגער מיידעל, וועלכע האָט ערשט אויפגעבליהט אין דעם שטראַהלענדען גלאַנץ פון איהר פריהער שעהנהייט.

זי האָט זאָגאר געמיינט, אז זי שטעהט ביים אָנפאַנג פון א רוהיגערע צייט, ווען דער טויט פון איהר מוטער האָט איהר שווער געטראָפען. אין די ערשטע עטליכע טעג איז זי געווען אזוי פער־צווייפעלט, אז זי האָט וועגען קיין אַנדער זאַך אויסער דעם טויט ניט געטראַכט, פון פריה ביז נאַכט האָט זי זיך ניט געקענט ארויס־רייסען דערפון. זי האָט אין איהר געדעכניש ארויסגערופען טוי־זענד זאכען, וועלכע האָבען געהאַט א שייכות צו דער טויטער. א פאָר ליעבע ווערטער, איהר פּנים, ווי ער איז אמאָל געווען, קליי־דער, וועלכע זי האָט אמאָל געטראָגען, עפּעס אזוי ווי זי וואָלט אין איהר געדעכניש הייליגטימער פון דער פערשוואונדענער פער־גאַנגענהייט בעהאלטען און האָט זיי איצט ארויסגענומען אום דער־מיט איהר קראַנקהאפטע פאַנטאַזיע צו ערנעהרען. דאַן, ווען איהר פערצווייפלונג איז געווארען אזוי גרויס, אז זי האָט אלע ווייל־געקראָגען היסטערישע אָנפעלע, האָבען איהרע ליידען געפונען אַן אויסוועג אין טרערען און פון דאַן אַן האָט טאָג און נאַכט פון איה־רע אויגען געגאָסען.

און איין מאָל אין דער פריה, ווען דאָס קאַמער מיידעל איז צו איהר אין צימער אריין, די לאָדענס געעפענט, די פאָרהאַנגען צוריקגעצויגען און געפרעגט: „ווי פיהלט איהר זיך היינט, פרוי גרעפין?״ האָט זי געענטפערט א צובראָכענע, א פארמוטשעטע פון אזוי פיעל טרערען: „שלעכט, איך קען שוין מעהר ניט אויס־האַלטען.״

דאָס קאַמער מיידעל, וועלכע האָט געטראָגען א זילבערנע טאַץ מיט טהעע, האָט אָנגעקוקט איהר ווירטהין. זי איז געווען

געריהרט איהר צו זעהן אזא בלאַסע און זי האָט געזאָגט אין א טאָן פון טיעפסטען מיטגעפיהל:

— איהר זעהט ווירקליך אויס זעהר שלעכט, פרוי גרעפין, איהר מוזט זיך שאָנעווען.

דער טאָן מיט וועלכען זי האָט דאָס געזאָגט, האָט דער גרע־פין א שטאָך געטהאָן אין הארצען, און אזוי שנעל ווי דאָס מיידעל איז ארויס, איז זי אויפגעשטאַנען אום איהר פּנים אין גרויסען שפּיגעל צו בעטראַכטען.

זי איז דערשראָקען געווארען פון זיך אליין, דערשראָקען פון איהרע איינגעפאַלענע באַקען, איהרע רויטע אויגען, פון דעם גאַנ־צען חורבן, וואָס די עטליכע טרויעריגע טעג האָבען אין איהר געמאַכט.

איהר פּנים, וועלכען זי האָט אזוי גענוי געקענט, וועלכען זי האָט אין אזוי פיעל שפּיעגלען בעטראַכט, פון וועלכען זי האָט יעדען אויסדרוק, יעדען שעהנעם שטריך, יעדען שמייכעל געקענט, וועמעס בלייכע פאַרב זי האָט אזוי אָפט אָבגעפרישט, וועמעס טיערע ליניען זי האָט פאַרווישט, וועמעס לייכטע קנייטשען ארום די אויגען ווינקלען, וועלכע זיינען ביים העלען שיין קענטיג גע־ווען, זי האָט פאַרטריבען, דער דאָזיגער פּנים האָט זיך איהר פּלו־צים אויסגעוויזען ווי ניט איהרער, ווי עפּעס א פרעמדער, פון א גאַנץ אנדער פרוי. זי האָט דערזעהן פאַר זיך א נייע פּנים, א צו־שטערט, א קראַנק פּנים, וועלכען מען האָט שוין ניט געקענט מעהר רעטען.

אום זיך בעסער צו זעהן, אום דעם אונערוואַרטעטען אונגליק בעסער פעסטצושטעלען, איז זי צוגעגאַנגען צום שפּיעגעל אזוי נאָהנט, אז איהר שטערן האָט איהם כמעט בעריהרט, און איהר אָטהעם, וועלכער האָט אויפ'ן גלאָז זיין הויך איבערגעלאָזען, האָט דאָס איינגעפאַלענע געזיכט, וועלכעס זי האָט בעטראַכט, כמעט אין גאַנצען אונזיכטבאַר געמאַכט. זי האָט געמוזט נעהמען א טיכעל און דעם שפּיעגעל אָבווישען, און טיעף בעוועגט האָט זי

לאַנג און געדולדיג די פאַרענדערונג אין איהר געזיכט בעטראַכט. מיט לייכטע פינגער האָט זי אָבגעצויגען די הויט אויף די באַקען, אויסגעגלעט דעם שטערן, פאַרשאַרט די האָר צו דער זייט און געעפענט די לידער אום דאָס ווייסקייט אַרום די שוואַרצאַפּלען פון די אויגען צו זעהן. דאַן האָט זי געעפענט די ליפּען, בעטראַכט איהרע צייהן, אויף וועלכע דאָ און דאָרטען האָט עטוואָס גאָלד געבליסטשעט. די ווייסקייט פון די יאַסלעס און די געלקייט אַרום די שלייפען האָט זי געשראָקען.

זי איז געוועזען אַזוי פערטיעפט אין דער בעטראַכטונג פון איהר פאַרגעהענדער שעהנהייט, אַז זי האָט ניט געהערט, ווי די טיר האָט זיך געעפענט, און זי האָט זיך אַ צאַפּעל געטהאָן, ווען איהר קאַמער מיידעל האָט הינטער איהר געזאָגט:

— פרוי גרעפין, איהר האָט נאָך אייער טהעע ניט געטרונקען.

די גרעפין האָט זיך אַ קעהר געטהאָן איבעראַשט און צו־מישט, און דאָס מיידעל, וועלכע האָט זיך אָנגעשטויסען, וועגען וואָס יענע האָט געטראַכט, האָט געזאָגט:

— איהר האָט צופיעל געוויינט, גרעפין. קיין זאַך איז נישט אַזוי שלעכט פאַר דער הויט ווי טרעהרען, פון זיי ווערט דאָס בלוט צו וואַסער.

און ווען די גרעפין האָט טרויעריג בעמערקט:

— די עלטער איז נאָך ערגער פון טרערען — האָט דאָס מיי־דעל אויסגערופען:

— אָבער וואָס רעדט איהר, פרוי גרעפין, איהר זייט דאָך נאָך ניט אַלט. נאָך אַ פּאָר טעג רוהע זייט איהר ווידער יונג און שעהן ווי פריהער. איהר מוזט נור געהן אַ סך שפּאַציערען, פרוי גרע־פין, און ניט וויינען מעהר.

אַזוי שנעל ווי די גרעפין איז געוועזען אָנגעטהאָן, איז זי אַוועק אין פּאַרק. צום ערשטען מאָל, זייט איהר מוטער איז געשטאָר־בען, האָט זי געטראָטען אין דעם קליינעם פרוכטגאָרטען, וואו זי

האָט פריהער אַזוי גערן די בלומען געפלעגט און געריסען, דאַן איז זי אַוועק צום טייך און אַרום וואַסער אַרומגעשפּאַצירט ביז צום פריהשטיק.

ווען זי האָט זיך שפּעטער געזעצט אַנטקעגען איהר מאַן ביים טיש, די טאָכטער ביי איהר זייט, האָט זי געפרעגט, אום זייער מיי־נונג צו הערען:

— איך פיהל זיך היינט אַ סך בעסער, איך גלויב, איך בין ניט אַזוי בלייך ווי געוועזן.

דער גראַף האָט געענטפערט:

— אָך, דו זעהסט נאָך אויס גענוג שלעכט.

דאָס האַרץ האָט איהר פאַרקוועטשט, עס האָט זיך איהר ווי־דער פאַרוואָלט וויינען און טרעהרען האָבען זיך אין איהרע אויגען בעוויזען.

ביז צום אבענד און אויך אויף מאָרגען און אפילו די נעקסטע עטליכע טעג, האָט זי נאָכאַנאַנד געפיהלט, אז אָט אָט צושלוכצט זי זיך. זי האָט געפיהלט ווי די טרעהרען קומען איהר אין די אויגען אריין, סיי ווען זי האָט וועגען דער מוטער, סיי ווען זי האָט וועגען זיך אליין געטראַכט. אָבער אום זיי זאָלען ניט אַרונטער־פליסען און איהר די באָקען נאַס מאַכען, האָט זי מיט איבערמענש־ליכער קראַפט די טרערען צוריקגעהאַלטען, מיט דער גרעסטער אָנ־שטריינגונג געזוכט צו טראַכטען פון עפּעס אַנדערעס, זיך געצוואונ־גען צו פאַרגעסען, צו צושטרייען זיך, ניט צו טראַכטען מעהר פון די טרויעריגע זאַכען, אום איהר געזיכטספאַרב זאָל ווידער שעהן ווערען.

פריהער פאַר אַלץ האָט זי ניט געוואָלט צוריקקעהרען קיין פּאַריז און אָליוויער בערטין ווידער זעהן, ביז וואַנען זי וועט איהר פריהערדיגעס אויסזעהן ניט צוריקקריעגען. זי האָט איינגעזעהן, אַז זי איז געוואָרען צו מאָגער, אז דאָס געזיכט פון פרויען אין איהר עלטער מוז זיין פול אום גוט אויסצוזעהן און זי האָט זיך גענומען מאַכען לאַנגע שפּאַצירגאַנגען אויף די גאַסען און אין וואַלד אום

צו קריגען אַן אַפּעטיט. און הגם זי פלעגט אַהיים קומען מיעד און ניט הונגעריג, דאָך האָט זי זיך געצוואונגען צו עסען.

דער גראַף, וועלכער האָט זיך געוואָלט ארויסרייסען פון דעם אומעדיגען פּלאַץ, האָט ניט געקענט פארשטעהן, פאר וואס זי ענטזאגט זיך מיטצופאָהרען. ווען ער האָט אָבער איינגעזעהן, אז איהר ווילען איז שטארק און ער קען איהר ניט איינברעכען, האָט ער ערקלעהרט, אז ער וועט אַליין פאָהרען קיין פאריז און לאָזט איבער צו איהר צו קומען ווען זי וויל.

אויף דעם צווייטען טאָג האָט זי בעקומען די טעלעגראמע, וועלכע האָט איהר אָנגעזאָגט וועגען אָליוויער'ס קומען.

זי האָט זיך אזוי געשראָקען פאר דעם ערשטען מאָמענט, ווען ער וועט זי ווידער זעהן, אז עס האָט זיך איהר געוואָלט אנטלויפען. זי וואָלט גערן געווארט נאָך אכט אָדער פיערצעהן טעג. אין פערלויף פון אכט טאָג קען זיך דאָס אויסזעהן, ווען מען גיט אויף זיך אכטונג, גאנץ פערענדערן, ווייל אפילו גאנץ יונגע און געזונטע פרויען זעהען אויך אמאָל אויס אנדערש פון איין טאָג אויף דעם צווייטען. אָבער דער געדאנק, זיך צו בעווייזען פאר אָליוויער'ן אויפ'ן פרייען פעלד, אין דעם פולען שיין פון דער הע־לער אויגוסט זון, נעבען דער יונגער, פרישער אננעלע, איז איהר געוועזען אזוי אונערטרעגליך, אז זי האָט בעשלאָסען גאָר נישט צו געהן צום באהן און דעם מאָהלער אין דעם האלב דונקעלען סאלאָן צו ערווארטען.

זי איז אוועק צו זיך אין צימער און גענומען טראכטען. פון צייט צו צייט האָט אַ ווארימער ווינטעלע דורך דאָס פענסטער אריינגעבלאָזען און די פאָרהאנגען בעוועגט. די גרילען האָבען נאָכ־אנאנד געגרילט. זי האָט זיך נאָך קיינמאָל ניט געפיהלט אזוי טרויעריג. עס איז ניט געוועזען מעהר יענער גוואלדיגער שמערץ, וועלכער האָט איהר הארץ צובראכען און צוריסען, וועלכער האָט זי צו דער ערד געווארפען פאר דעם טויטען קערפּער פון איהר געליעבטער מוטער, יענער שמערץ, וועלכען זי האָט געהאלטען

פאַר אונהיילבאַר, האָט זיך אין די לעצטע עטליכע טעג אַזוי בע־רוהיגט, אַז עס איז בלויז נאָך געבליבען די עראַינערונג אונטער וועלכער זי האָט געליטען. אָבער איצט האָט זי געפיהלט, ווי אַ טיעפע מעלאַנכאָליע נעהמט אַרום איהר גאַנצע נשמה, פילט אָן איהר האַרץ מיט אַ טרויעריגקייט, פון וועלכער זי וועט זיך שוין קיין מאָל ניט בעפרייען.

עס האָט זיך איהר פאַרוואָלט וויינען, אַך, ווי עס האָט זיך איהר פאַרוואָלט — און דאָך האָט זי זיך איינגעהאַלטען. יעדעס מאָל, ווי זי האָט דערפיהלט, אַז די לידער ווערען איהר נאַס, האָט זי זיי שנעל אָבגעווישט, איז שנעל אויפגעשטאַנען, גענומען געהן הין און צוריק, אַרויסגעקוקט אין פּאַרק, וואו איבער די הויכע בוימער אונטער'ן בלויען הימעל האָבען זיך שוואַרצע מחנות קראָ־ען געצויגען.

דאַן איז זי צוגעגאַנגען צום שפּיעגעל, האָט זיך בעטראַכט, און מיט דעם פּוידער פּאָף אַ טרער פון די אויגען ווינקלען אָבגע־ווישט. זי האָט אַ קוק געטהאָן אויפ'ן זייגער און געזוכט צו טרעפען, ווי ווייט זיי האָבען געקענט אָבפאָהרען פון וואָקזאַל.

ווי אַלע פרויען, וועלכע האָבען איינגעבילדעטע אָדער ווירק־ליכע זעעלען שמערצען, האָט זי זיך איצט אָנגעהאַנגען אָן איהם מיט פערצווייפעלטער צערטליכקייט. האָט ער דען ניט בעדייטעט פאַר איהר אַלעס, אַלעס, מעהר ווי דאָס לעבען אַליין? אַלעס, וואס אַ מענש ווערט פאַר אונז, ווען מען האָט ליעב נור איהם אַליין, און מען פיהלט, אַז מען ווערט אַלט...

פּלוצים האָט זי דערהערט פון דער ווייטענס דאָס קנאַלען פון אַ בייטש. זי איז צוגעלאָפען צום פענסטער און דערזעהן די קאַ־רעטע געטריבען פוןביידע פערד, זיך פאַרקירעוועענדיג איבער'ן לאַנקע. אָליוויער איז געזעסען נעבען אַננעלע'ן, און ווען ער האָט דערזעהן די גרעפין ביים פענסטער, האָט ער גענומען מאַכען צו איהר מיט אַ טאַשענטיכעל און זי האָט געענטפערט גריסענדיג מיט ביידע הענד.

דאָן איז זי אַ גליקליכע, מיט אַ קלאַפּענדיגען הארצען אַרונ־טערגעגאנגען, איצט גאַנץ אויפגערעגט פאַר פרייד, איהם צו פּיח־לען אַזוי נאָהנט, צו קענען מיט איהם רעדען, איהם צו זעהן.

אין פּאָרצימער, פאַר דער טיר פון דעם סאַלאָן האָבען זיי זיך געטראָפען. ער האָט זיך אַ וואָרף געטהאָן צו איהר מיט אָפּע־נע אָרעמס און געפרעגט אין אַ טאָן פון אמת׳ער ליידענשאַפט:

— אַך, מיין אָרימע גרעפין, ערלויבט מיר אייך אַרומצונעה־מען.

זי האָט צוגעמאַכט די אויגען, צו איהם אויסגעשטעלט ביידע באַקען, זיך צוגעדריקט צו איהם און ווערענד ער האָט איהר גע־קושט, האָט זי איהם אין אויער געשעפּטשעט: „איך ליעב דיך."

דאָן האָט אָליוויער ניט אָבלאָזענדיג די האנד, וועלכע ער האָט געדריקט, זי אָנגעקוקט און געזאָגט:

— אָבער וואָס פאַר אַ טרויעריגעס געזיכט!

זי האָט שיער נישט גע׳חלש׳ט. ער האָט ווייטער גערעדט:

— יאַ, אַביסעלע בלייך, אָבער דאָס מאַכט נישט.

זי האָט גענומען שטאַמלען אום איהם צו דאַנקען.

— אַך, ליעבער פריינד, ליעבער פריינד — און האָט מעהר קיין ווערטער ניט געפונען.

אָבער ער האָט זיך אומגעדרעהט, געזוכט אַנגעלען הינטער זיך, וועלכע איז פּלוצים פערשוואונדען געוואָרען און דאָן פּלוצים האָט ער אויסגערופען:

— אַ מערקווירדיגען געפיהל רופט אַרוים אין מיר אייער טאָכטער, ווען איך זעה זי אין טרויער!

— פאַר וואָס? — האָט געפרעגט די גרעפין.

מיט אונגעוועהנליכער לעבהאַפטיגקייט האָט ער געענט־פערט:

— וואָס הייסט, פאַר וואָס? דאָס איז דאָך אייער בילד, וועל־כען איך האָב געמאָלען, מיין בילד, פּונקט אַזוי, ווי איהר זייט געווען, ווען איך האָב אייך דעמאָלט ביי דער הערצאָגין געטראָפען

צום ערשטען מאָל. געדענקט איהר נאָך די טיר, דורך וועלכער איהר זייט אונטער דעם פייער פון מיינע בליקען דורכגעגאנגען, ווי א קריעגס שיף פאָהרט דורך אונטער קאַנאָנען דורך א פאָרט. איך זאָג אייך, ווען איך האָב פריהער דערזעהן די קליינע שטעהענדיג אויפ'ן וואַקזאל אין גאנצען אין שוואַרץ, דאָס בלאָנדע האָר ווי א ראַהם פון זונשיין אַרום פּנים, האָב איך זיך אויף אַן אמת דער־שראָקען, איך האָב זיך שיער נישט צואוויינט. ווען מען קען אייך אַזוי ווי איך האָב אייך געקענט, קען מען פון אזא אַנבליק משוגע ווערען. איך, וועלכער האָב אייך געגוייער בעטראַכט, ווי ווער עס איז אויף דער גאַנצער וועלט און וועלכער האָט אייך גע־מאָלען, גרעפין, איך האָב ווירקליך געדענקט, אז איהר האָט זי אליין צום באַהן געשיקט, אום אין מיר דעם דאָזיגען איינדרוק אַרויס־צורופען. מיין גאָט, מיין גאָט, בין איך געווען ערשטוינט! איך זאָג אייך, עס איז געווען משוגע צו ווערען!

ער האָט אויסגערופען:

— אַננעלע! אַננעלע!

די שטימע פון דער יונגער מיידעל האָט זיך דערהערט פון דרויסען, וואו זי האָט געגעבען די פערד צוקער:

— איך בין דאָ! דאָ!

— קום אַהער!

זי איז צוגעקומען.

— שטעל זיך אַקאָרשט נעבען דער מוטער.

זי האָט זיך אַוועקגעשטעלט און ער האָט זיי פערגליכען. מעכאַניש, ווי אין אַ טרוים האָט ער עטליכע מאָל ווידערהאָלט: „יא, דאָס איז מערקווירדיג, וואונדערבאַר!" — איצט שטעהענ־דיג זייט ביי זייט האָבען זיי אויסגעזעהן ווייניגער עהנליך, ווי ווען זיי האָבען פאַרלאָזען פאַריז. דאָס יונגע מיידעל האָט אין דער שוואַרצער קלייד געוואונען עפּעס גאַנץ נייעס, פרישעס, ווע־רענד די מוטער האָט שוין פון לאַנג אַן ניט געהאַט מעהר יענע גלענצענדע האָר און די געזיכטספאַרב, מיט וועלכער זי האָט אַמאָל

דעם מאַהלער בעצויבערט, ווען ער האָט זי צום ערשטען מאָל געזעהן.

דאַן זיינען די גרעפין און ער אין סאַלאָן אריין. ער האָט געשיינט צו זיין גליקליך.

— וואָס פאַר אַ גוטע אידעע עס איז געווען, וואָס איך בין אהער געקומען — ער האָט זיך אונטערבראָכען — ניין, דאָס איז געווען ניט מיין אידעע, אייער מאַן האָט עס פאַר מיר אויסגעטראַכט. ער האָט מיך געשיקט אהער אום אייך אָבצונעהמען אהיים, און ווייסט איהר, וואָס איך וועל אייך פאָרשלאָגען? ניין, איהר ווייסט ניט, נים אמת? אלזאָ, איך שלאָג אייך פאָר צו־ליעב דער שרעקליכער היץ צו בלייבען דאָ. פּאַריז איז איצט שרעקליך, אויפ'ן לאַנד איז אָבער איצט וואונדערשעהן, אַך, ווי דאָ איז שעהן!

אין אבענד איז אין פּארק געווארען קיהל, פון דער ערד האָבען זיך לייכטע נעבעל אויפגעהויבען און דעם האָריזאָנט פערשלייערט. די דריי קיהע זיינען געשטאַנען אויפ'ן פעלד, די קעפּ אָנגעבויגען און זיך געפּאַשעט מיט גרויס הנאה און פיער פּפויען־פויגעל, פּאַטשענדיג שטאַרק מיט זייערע פליעגעל, זיינען געפלויגען צו אַ צעדער בוים אונטער די פענסטער פון שלאָס, וואו זיי האָבען געוועהנליך די נאַכט פערבראַכט. פון דער ווייטענס האָט זיך געהערט דאָס האַווקען פון הינד און די שטילע אבענד לופט האָט דערטראָגען אויך מענשליכע שטימען. פון פעלד האָט זיך געהערט, ווי די פּויערים ווארפען זיך איבער מיט עטליכע ווערטער, שרייען אריבער פון איין פעלד צום צווייטען און דער בעזונדערער קורצער געשריי פון די פּאַסטוכער מיט וועלכע זיי טרייבען אהיים די סטאַדעס.

דער מאַהלער מיט אַ הוילען קאָפּ, מיט בליסטשענדיגע אויגען האָט טיעף איינגעצויגען אין זיך די לופט און ווען די גרעפין האָט אויף איהם אַ קוק געטהאָן, האָט ער געזאָגט:

— אָט דאָס איז דאָס גליק.

זי איז צוגעטראָטען צו איהם.

— עס געדויערט ניט לאַנג.

— דאַן לאָמיר עס איינהאַלטען, ווען עס איז ביי אונז.

זי האָט געענטפערט מיט אַ שמייכעל:

— ביז אהער האָט איהר דאָס לעבען אויפ'ן לאַנד ניט ליעב געהאַט.

— היינט ליעב איך עס, ווייל איהר זייט דאָ. איך וואָלט איצט אין ערגעץ ניט געקענט לעבען, וואו איהר זייט ניט דער־ביי. ווען מען איז יונג קען מען פון דער ווייטענס אויך פערליעבט זיין, דורך בריעף, געדאַנקען, דורך ריינע בעגייסטערונג. פילייכט איז דאָס דערפאַר, ווייל דאַן האָט מען נאָך דאָס לעבען פאַר זיך, פילייכט אויך, ווייל מען האָט מעהר ליידענשאַפט ווי צונייגונג. אָבער אין מיין עלטער איז די ליעבע אַ זיסע שוואַכקייט, דער טרויסט פון דער נשמה, וועמעס פליעגלען זיינען צובראָכען און וועלכע קען זיך ניט מעהר אויפהויבען צו די אידעאַלען, טרוימען פון דער יוגענד. און דאַן פיהל איך הפנים, אַז איך האָב שוין ניט פיעל איבעריגע צייט צו פערליערען און וויל נאָך געניסען דאָס ביסעלע, וואָס מיר איז פאַרבליבען.

— אַלט! אַך! — האָט זי געזאָגט און גענומען זיין האַנד. ער האָט ווייטער גערעדט:

— יאַ, יאַ, איך בין אַלט, אַלעס בעווייזט עס מיר. מיינע האָר, מיין כאַראַקטער, וועלכער האָט זיך געענדערט, די טרויעריג־קייט, וואָס בעפאַלט מיך. טייפעל! פון דעם האָב איך ביז אהער ניט געוואוסט, טרויעריגקייט, אומעדיגקייט! ווען עמיצער וואָלט מיר געזאָגט, ווען איך בין אַלט געווען דרייסיג יאָהר, אַז איך וועל אַמאָל אָהן אַ שום גרונד ווערען טרויעריג, גאָט ווייסט, אַז איך וואָלט עס ניט געגלויבט. דאָס איז אַ בעוויז, אַז אויך מיין הארץ איז אַלט געוואָרען.

זי האָט געענטפערט מיט פולער איבערציינונג:

— אַך, מיין הארץ איז נאָך יונג געבליבען, עס האָט זיך אַ האָר

נישט פערענדערט. פערקעהרט, מיר דאכט זיך, אז עס איז נאָך איינגער געוואָרען. אמאָל איז עס געווען צוואנציג און איצט איז עס פילייכט ניט מעהר ווי זעכצעהן יאהר אַלט.

און אזוי רעדענדיג זיינען זיי לאַנג, לאַנג געבליבען שטעהן ביים אָפענעם פענסטער צוגעטוליעט נאָהנט איינער צום אַנדערן, געהנטער ווי זיי זיינען ווען עס איז געווען אין דער דאָזיגער שטונדע פון צערטליכקייט אין דער דעמערונג איינגעהילט — אין דער דעמערונג פון זייער ליעבע ווי פון דעם אָבשטאַרבענדען טאָג.

א דיענער איז אריין און געמעלדעט:

— דער טיש איז סערווירט.

זי האָט געפרעגט:

— האָט איהר עס געזאָגט מיין טאָכטער?

— אייער טאָכטער איז שוין אין 'עס צימער.

זיי האָבען זיך אַלע דריי געזעצט צום טיש. די לאָמפּען זיינען צוגעמאכט געוואָרען און צוויי גרויסע הענג לייכטער מיט צו זעקס ליכט אין יעדען האָבען בעלויכטען אננעלע'ס פנים, אזוי אז איהר האָר האָט געגלאַנצט ווי גאָלד. בערטין האָט גליקליך געשמייכעלט און פון איהר די אויגען ניט ארונטערגענומען.

— אָבער איז זי שעהן און שווארץ — האָט ער געזאָגט.

און ער האָט זיך געווענדט צו דער גרעפין, בעוואונדערענדיג דאָס יונגע מיידעל, ווי ער וואָלט דער מוטער געדאַנקט פאַר דעם אנבליק וואס זי האָט איהם פערשאַפט.

ווען זיי זיינען ווידער אין סאלאָן אריין, איז די לבנה איבער די ביימער פון פּארק אויפגעגאנגען. זייער דונקעלע מאסע האָט איצט אויסגעזעהן, ווי א גרויסער אינזעל און דאָס פעלד הינטער זיי איז עהנליך געווען צו א ים, פערבאָרגען אונטער א נעבעל, וועלכער האָט זיך געטראָגען אין דער לופט.

— קום, מאמא, לאָמיר געהן שפּאַציערען — האָט געזאָגט אננעלע.

די גרעפין איז געווען איינפערשטאַנדען.

— איך נעהם מיט יוליאַ'ן.

— נעהם איהם מיט, אויב דו ווילסט.

זיי זיינען אוועק. דאָס יונגע מיידעל איז געשפּרונגען פאַר־אויס און זיך געשפּיעלט מיט'ן הונד. ווען זיי זיינען פאַרבייגע־גאַנגען פאַר דער לאַנקע, האָבען זיי פון ווייטענס דערהערט די קיה פאַרשקענדיג, ווייל יענע האָבען דערשפּירט זייער שונא און אויפ־געהויבען די קעפּ אום איהם נאָכצוקוקען. ווייטער אוועק, אונטער די בוימער, האָט די לבנה דורך די צווייגען געשאָטען איהר זיל־בער שטויב אויף דער ערד, די בלעטער און אויפ'ן וועג. אַננעלע און יוליאַ זיינען אַרומגעלאָפען פרעהליכע, לוסטיגע אין דער קלאָה־רער נאַכט אריין.

אין די ליכטיגע פּלעצער, וואו די לבנה האָט געוואָרפען איהר שיין ווי אויף א וואַסער פּלעכע, האָט דאָס יונגע מיידעל אויסגע־זעהן ווי א געשפּענסט, און דער מאַהלער האָט זי גערופען צוריק, שטאַרק צוטומעלט פון דער דאָזיגער שוואַרצער ערשיינונג, ווע־מעגס העל פּנים האָט געלויכטען, ווי גין גאָלד. ווען זי איז דערנאָך ווידער אַנטלאָפען, האָט ער דער גרעפין געדריקט די האַנד און אַזוי שנעל ווי זיי זיינען טיעפער אין שאָטען אריין, האָט ער זי געקושט, עפּעס אַזוי ווי אַננעלע'ס אויסזעהן וואָלט די גלוט אין זיין האַרצען אויף דאָס ניי אָנגעצונדען.

צום סוף זיינען זיי צוגעקומען צום ראַנד פון פעלד, וואו פון דערווייטענס האָבען זיך גענומען זעהן גרופּען בוימער און פאַכטהויפען. דורך די ווייסע נעבלען, וועלכע האָבען זיך איבער די פעלדער אויסגעשפּרייט, האָט זיך פון ווייטען געזעהן דער האָריזאָנט. עס איז געוועזן שטיל. הויך איבער'ן הימעל זיינען געשוואומען א פּאָר קליינע שמאָלע וואָלקענדלאַך ווי פון זילבער געוועבט. ווען מען איז א פּאָר מאָמענטען געשטאַנען אומבעוועג־ליך, האָט מען אין דעם דאָזיגען ביינאַכטיגען שווייגען פערנומען אַן אומבעשטימטען, שטענדיגען גערויש פון לעבען, טויזענד פיינע

טענער, וועמעס ליכטען צוזאמענקלאנג מען האט אין אנהויב ניט געהערט.

אויף א שכנה'שען פעלד האט זיך דערהערט דער געשריי פון א וואכטעל פויגעל. יוליא האט אנגעשטעלט די אויערען און זיך אלאז געטהאן אין דער ריכטונג פון וואנען דער געשריי איז געקומען. אננעלע, לייכט אויף די פים פונקט אזוי ווי ער, האט זיך א ווארף געטהאן נאך איהם מיט דעם אויבערשטען האלבען קערפער אויסגעבויגען אין פאראויס און אהן אטהעם.

— אך — האט געזאגט די גרעפין, וועלכע איז מיט דעם מאהלער געבליבען אליין — פאר וואס געהען מאמענטען, ווי דער איצטיגער, אזוי שנעל פארביי? קיין זאך קען מען ניט איינהאלטען, קיין זאך צושמיעדען! מען האט נאך נישט צייט צו געניסען דאס וואס איז שעהן, און גלייך איז עס צו ענדע.

אליווייער האט א קוש געטהאן איהר האנד און געזאגט שמייכלענדיג:

— איך בין היינט ביינאכט ניט פילאזאפיש אויפגעלעגט, איך געניס די שטונדע און בין גליקליך.

זי האט געשעפטשעט:

— איהר ליעבט מיך ניט אזוי ווי איך אייך.

— וואס רעדט איהר...

זי האט איהם אונטערבראכען:

— ניין, איהר ליעבט אין מיר, ווי איהר האט עס פאר'ן עסען זעהר גוט אויסגעדריקט, א פרוי, וועלכע ערפילט אלעס, וואס אייער הארץ גלוסט, א פרוי, וועלכע האט אייך קיין מאל ניט וועה געטהאן און אויך פילייכט נאך אביסעל גליק פערשאפט. דאס ווייס איך, דאס פיהל איך. יא, איך בין איבערצייגט, איך בין גליקליך מיט דעם, וואס איך בין צו אייך גוט, ניצליך, הילפרייך געוועזען. אלעס, וואס איהר האט אין מיר געפונען אנגענעהמעס, האט איהר געליעבט און ליעבט עס נאך איצט. איהר האט געליעבט מיין אויפמערקזאמקייט צו אייך, מיין בעוואונדערונג, מיין

וואונש אייך צו געפעלען, מיין ליידענשאפט און דאָס וואָס איך האָב אייך מיין גאַנצע נשמה אוועקגעשענקט. אָבער מיך אליין ליעבט איהר נישט. איהר פערשטעהט? אַך, איך פיהל דאָס, ווי מען דערפיהלט א קאלטען ווינד. איהר האָט ליעב אין מיר טויזענד זאַכען. מיין שעהנהייט, וועלכע געהט אוועק פון מיר, מיין איבערגעבענהייט, דעם גייסט, וועלכען מענשען שרייבען מיר צו, אלעס וואס מען זאָגט וועגען מיר אין דער געזעלשאפט, וואס איך דענק פון אייך. אָבער ניט מיך, מיך, מיך אליין. איהר פערשטעהט?

ער האָט פריינדליך געשמייכעלט:

— ניין, איך פערשטעה עס ניט ריכטיג. איהר מאַכט מיר פאַרווירפע אויף וועלכע איך האָב זיך גאָר ניט געריכט.

זי האָט אויסגערופען:

— אַך, מיין גאָט, איך וואָלט אייך נאָר וועלען קלאָהר מאַכען, ווי שטארק איך ליעב אייך. איך זוך ווערטער און געפין זיי ניט. ווען נור איך טראַכט וועגען אייך, און איך טראַכט וועגען אייך אימער, פיהל איך ביז אין דער טיפעניש פון מיין הארצען, פון מיין נשמה דעם וואונש, אייך צו געהערען, איך פיהל אן אונווידערשטעהליכע בעדערפעניש אייך נאָך מעהר פון זיך צו געבען. איך וואָלט זיך וועלען אין גאַנצען אויפאָפפערן פאַר אייך, דען ווען מען ליעבט, איז נישטאָ קיין שעהנערע זאַך ווי צו שענקען, האַלטען אין איין שענקען. דאָס לעבען, די געדאַנקען, דעם קערפער, אלעס וואָס מען האָט און אלעס צו וואַגען, אום צו פיהלען, אז מען גיט עפּעס דעם, וועמען מען ליעבט. איך ליעב אייך אזוי, אז איך וואָלט וועלען ליידען דורך אייך. די קוואלען פון ליידענשאפט, די יסורים, וואס איך פיהל, ווען איהר זייט ניט אזוי צערטליך צו מיר, אפילו די זיינען מיר ליעב. איך ליעב אין אייך א וועזען, וועלכען נור איך האָב ענטרעקט, ניט דעם „איך" אייערען, וועלכער געהערט צו דער גאַנצער וועלט, וועלכען מען בעוואונדערט, וועלכען אלע קענען — ניין, יענער וועזען, וועלכען איך

האָב מיט מיין האַרצען ענטדעקט, געהערט מיר, ער וועט זיך ניט מעהר ענדערן, ער קען ניט אַלט ווערען, איך וועל איהם אימער מוזען ליעבען, וואָרים מיינע אויגען זעהען נור איהם און איהם אַליין. אָבער דאָס קען מען ניט אויסדריקען, דערפאַר זיינען קיין ווערטער נישטאָ.

ער האָט אַ פּאָר מאָל געזאָגט:

— ליעבע, ליעבע אננאַ.

יוליאַ איז צוריקגעקומען שפּרינגענדיג. ער האָט די וואַכ־טעל פויגעל, וועלכע איז אַנשווינגען געוואָרען אַזוי שנעל ווי ער איז צוגעקומען, ניט אויסגעפונען, און אַננעלע איז געקומען צולויפען גאַנץ אָהן אָטהעם באַלד נאָך איהם.

— איך קען ניט מעהר — האָט זי אויסגערופען — הערר מאַהלער, איך מוז זיך אָן אייך אָנשפּאַרען.

זי האָט זיך אָנגעשפּאַרט אויף דעם פרייען אָרים פון אָלי־וויער׳ן. און בעת ער איז צווישען דיביידע פרויען געגאַנגען, זיינען זיי ווידער צווישען די דונקעלע בוימער אריין. זיי האָבען מעהר ניט גערעדט. ער האָט געטראַכטען צווישען זיי אין גאַנצען הינגעריסען פון זיי ביידען. ער האָט זיי ניט געזוכט צו זעהן, דען ער האָט זיי געפיהלט ביי זיין זייט, ער האָט זאָגאַר די אויגען צוגעמאַכט, אום זיי בעסער צו פיהלען. זיי האָבען איהם געפיהרט און ער איז געגאַנגען זיין וועג, אין גאַנצען פול מיט זיי ביידע, מיט דער וועלכע איז געגאַנגען ביי זיין רעכטער זייט, ווי מיט דער ביי דער לינקער, ער האָט אַליין קלאָהר ניט געוואוסט, וועלכע איז די מוטער און וועלכע די טאָכטער. דער דאָזיגער נייער געפיהל האָט נעהאַט פאַר איהם אַ בעזונדערן צויבער און ער האָט זיך אַי־בערגעגעבען צו איהם מיט זיין גאַנצער נשמה. אין זיין האַרצען האָט ער געזוכט זיי צוזאַמען צומישען אַזוי, דאָס ער האָט זיי אין זיינע געדאַנקען ניט געקענט מעהר אונטערשיידען און ער איז גע־ווען גליקליך פון דער דאָזיגער צוזאַמענמישונג. איז עס נישט גע־ווען איינציגע פרוי, די דאָזיגע מוטער און די דאָזיגע טאָכ־

טער, וועלכע זיינען אזוי עהנליך געווען איינע צו דער אנדערער? און איז דען די טאָכטער ניט געקומען אויף דער וועלט נור אום זיין ליעבע צו דער מוטער צו בעניימען?

ווען ער האָט די אויגען געעפענט בעת זיי זיינען אין שלאָפ אריין, האָט זיך איהם געדאכט, ווי ער וואָלט די שעהנסטע מאָמענטען פון זיין לעבען איבערגעלעבט, ווי ער וואָלט די מערקווירדיגסטע, אונערקלערליכסטע, טיעפסטע בעוועגונג דורכגעפיהלט, וואָס א מאַן קען נור דערפיהלען, ווען ער ווערט בערוישט פון דעם צויבער פון צוויי פרויען־צוגלייך.

— אך, וואס פאר א וואונדערבארער אבענד! — האָט ער געזאָגט, ווען ער איז ביים שייך פון די לאָמפען געבליבען שטעהן צווישען זיי.

אננעלע האָט אויסגערופען:

— איך בין היינט גאָר נישט מיעד, אין אזא וועטער וואָלט איך געקענט די גאַנצע נאַכט ארומגעהן שפּאַצירען.

די גרעפין האָט א קוק געטהאָן אויפ׳ן זייגער.

— עס איז האַלב נאָך עלף, מיין קינד, דיר איז צייט צו געהן שלאָפען.

זיי האָבען זיך צושיידט און יעדער איז אוועק צו זיך אין צימער. אָבער נור דאָס יונגע מיידעל, וועלכע האָט ניט געוואָלט געהן צו בעט, איז שנעל איינגעשלאָפען.

אויף מאָרגען אין דער פריה, ווען דאָס קאַמער מיידעל האָט אין דער געוועהנליכער שטונדע די פאָרהאַנגען און די לאָדענס געעפענט, דעם טהעע געבראכט און איהר נאָך פערשלאָפענע מאדאם אָנגעקוקט, האָט זי געזאָגט:

— פרוי גרעפין, היינט זעהט איהר שוין א סך בעסער אויס.

— ווירקליך?

— יא, אייער פּנים איז פיעל מעהר אויסגערוהט.

די גרעפין האָט גוט געוואוסט, אפילו ניט קוקענדיג אין שפּיעגעל, אז דאָס איז אמת. אויפ׳ן הארצען איז איהר געווען לייכט

און זי האָט געפּיהלט, אז זי לעבט ווידער אָב. דאָס בלוט האָט איהר ניט געקלאַפּט היינט אין די אָדערען הייס, שנעל און פיבע־ריש, פאַרשפּרייטענדיג איבער'ן גאַנצען קערפּער אונרוהיגקייט און נערוועזיטעט, ווי נעכטען, זאָנדערן אַ ווארימער געפּיהל, אַ גליק־ליכע זיכערקייט האָט ארומגעכאַפּט איהר גאַנצען וועזען.

ווען דאָס מיידעל איז ארויסגעגאַנגען, האָט זי זיך בעטראַכט אין שפּיגעל. זי איז געוואָרען עטוואָס ערשטוינט, דען זי האָט זיך געפּיהלט אזוי גוט, אז זי האָט געמיינט, דאָס זי איז מיט יאָהרען אינגער געוואָרען אין דער איין איינציגער נאַכט. באַלד האָט זי איינגעזעהן ווי קינדערש די דאָזיגע האָפנונג איז און האָט זיך בענוגענט דערמיט, וואָס איהר געזיכטס פאַרב איז היינט גע־ווען קלאָהרער, איהרע אויגען וויינינגער מיעד און די ליפּען לעבעדי־גער, ווי נעכטען אין דער פריה. אָבער אזוי ווי זי האָט זיך גע־פּיהלט גוט אויפגעלייגט, האָט זי ניט געקענט ווערען טרויעריג און זי האָט געטראַכט שמייכלענדיג: „אין אַ פּאָר טעג ארום וועל איך אויסזעהן אַ סך בעסער. דער קלאַפּ איז געווען אַ צו שווערער, אום איך זאָל זיך קענען אזוי שנעל ערהאָלען.״ אָבער זי איז גע־בליבען לאַנג, זעהר לאַנג זיצען פאַר'ן טואַלעט טיש, וואו אויף אַ מיט שפּיצען בעזעצטען טישטוך פאַר אַ שעהן געשליפענעם קריסטאַלענעם שפּיעגעל זיינען אין נאַקעטער אונאָרדנונג געלעגען אַלע קליינע טואַלעט זאַכען פון עלפאַנט ביין מיט דעם נאָמען און דער קריין אויף זיי אויסגעקריצט. זיי זיינען געווען אָהן צאָהל, רייצענד, אַלע פערשיעדען, צו געהיימען און דעליקאַטען געברויך געמאַכט. אַנדערע פון שטאָהל, דין און שניידענדיג, און די זעל־טענסטע פאָרמען, ווי כירורגישע אינסטרומענטען, אַנדערע רונד, ווייך, מיט פעדערן באַזעצט, אָדער מיט זעלטענעם לעדער בעצוי־גען, אום אויף דער הויט די שמעקעדיגע פּודרע, די זאַלבען און שמיר זאַכען ארויפצולייגען.

לאַנג האָט זי די דאָזיגע זאַכען אין די געשיקטע פינגער ארומגעדרעהט. מיט אַ לייכטער בעוועגונג, וועלכע איז זיסער

געוועזן, ווי אַ קוש, האָט זי זיך געגלעט דעם פּנים, פון די ליפּען ביז צו די שלייפען, די פלעצער, וועלכע זיינען איהר ניט געפעלען, האָט זי ווידער אין אָרדנונג געבראַכט. אונטער די אויגען אָנגע־שטריכען און די ברעמען פאַרגלעט. ווען זי איז ענדליך אין דעם סאַלאָן אַרונטערגעגאַנגען, איז זי געווען זיכער אין זיך, זי האָט געוואוסט, אַז דער ערשטער איינדרוק וועט זיכער זיין גאַרניט קיין שלעכטער.

— וואו איז הערר בערטין? — האָט זי געפרעגט דעם דיע־נער, וועלכען זי האָט אין פאַרזאַל געטראָפען.

דער מאַן האָט געענטפערט:

— הערר בערטין איז אין גאָרטען און שפּיעלט טעניס מיט דער יונגער גרעפין.

פון ווייטען האָט זי געהערט, ווי זיי זאָגען אָן די פּאָינטס. זיך בייטענדיג האָט די טיעפע שטימע פונ'ם מאַהלער אָדער די דינע פון דאָס יונגע מיידעל אויסגערופען: „פופצעהן, דרייסיג, פיערציג, געטראָפען, גלייך, געטראָפען!"

דער פּרוכט גאָרטען אין וועלכען אַ טעניס פּלאַץ איז אויפ־געשטעלט געוואָרען, איז געווען אַ גרויסע פיערעקיגע לאָנקע, פול מיט עפּעל בוימער, אַרומגערינגעלט פון אַלע זייטען פון דעם פּאַרק, דעם גרינס גאָרטען און דיווירטשאַפטליכע געביידעס. אַרום און אַרום זיינען געווען פערפלאַנצט בוימער, לאַנגע בייטען מיט פער־שיעדענסטע בלומען, סיי פעלד בלומען און סיי גאָרטען בלומען. אַ גאַנצע מאַסע ראָזען, נעלקען, העליאָטראָפּ, פוקסיען, רעזעדאַ און פיעל אַנדערע, וואָס האָבען פול געמאַכט די לופט מיט דעם זיסען גערוך פון האָניג, ווי בערטין האָט זיך אויסגעדריקט. ביה־נען האָבען מיט אַ פרעהליכען זשומען זיך געטראָגען אין דער לופט, שפּרינגענדיג איבער די ביהנשטאָקען, וואָס האָבען זיך געפונען אין דער גאַנצער לייננ פון דעם פּאַרקאַן, וועלכער האָט אָבגעצאַהמט דעם גרינס גאָרטען.

אין מיטען פון דעם דאָזיגען גאָרטען האָט מען אויסגעהאַקט

אַ פּאָר בוימער, אום דעם פּאַרק פאַר טענים פריי צו מאַכען.
אַ נעץ איז צווישעןביידע העלפטען פון דעם שפּיעל פּלאַץ פאַרצוי־
גען געוואָרען.

אננעלע איז געשטאַנען אויף איין זייט, דאָס שוואַרצע קלייד אונטערגעהויבען, מיט אַ הוילע קאָפּ, און יעדעס מאָל, וואָס זי איז אונטערגעשפּרונגען צוריקוואַרפענדיג די פּילקע, האָט מען געזעהן איהרע קנעכעל און די פיס כמעט ביז צו די קניע. זי איז געלאָ־פען אין פאָראויס, איז אָבגעגאַנגען צוריק, געשפּרונגען אהין און אהער מיט בילסטשענדיגע אויגען און פאַררויטיגטע באַקען, מיעד געמאַכט דורך דעם זיכערען און רוהיגען שפּיעלען פון איהר געג־נער.

ער האָט געטראָגען ווייסע פלאַנעלענע הויזען איבער אַ וויי־סער העמד, מיט אַ פּאַס אַרום טאַליע און אַ וויים היטעלע מיט אַ קאָזירעק אויפ'ן קאָפּ. ער איז געשטאַנען אַזוי, אַביסעלע צו בעלייבט, האָט רוהיג ערוואַרט די פּילקע, באַרעכענט גענוי ווי זי וועט אָנקומען, געכאַפּט און זי צוריקגעוואָרפען, אָהן לויפעניש, אָהן אָנשטרענגונג, מיט עלעגאַנטער געלאַסענקייט און געשיקטליכ־קייט, וועלכען ער האָט אין יעדען ספּאָרט אריינגעבראַכט.

אננעלע האָט דערזעהן איהר מוטער און אויסגערופען:

— גוט מאָרגען, מאַמאַ! זיי אַזוי גוט, איין מינוט, ביז מיר ענדיגען די פּאַרטיע.

דער דאָזיגער קורצער אויגענבליק איז געווען גענוג, אַז די פּילקע, וועלכע איז קרעפטיג צוריקגעשליידערט געוואָרען, זאָל פאַלען ווייט אוועק און זיך נעהמען קייקלען איבער'ן גראָז. דאָס שפּיעל האָט זיך געענדיגט.

בעת בערטין האָט אַ געשריי געטהאָן: „געוואונען!" האָט דאָס יונגע מיידעל בעהויפּטעט, אַז ער האָט געוואונען נור דער־פאַר, ווייל ער האָט אויסגענוצט דעם אויגענבליק, ווען זי האָט ניט אויפגעפּאַסט. יוליאַ, וועמעס זאַך עס איז געווען אויפצו־הויבען די פּילקעס, ווי אַ רעבהון, וועלכע פאַלט צווישען די

בושעס, איז אויפגעשפּרונגען, ווען די פּילקע האָט זיך אין גראָז פאַרקייקעלט, און זיך אַ לאָז געטהאָן נאָך איהר. באַלד האָט ער עס נעשיקט אַ כאַפּ געטהאָן מיט'ן מויל און געבראַכט צוטראָגען דרעהענדיג מיט'ן עק.

איצט האָט דער מאַהלער בעגריסט די גרעפין; אָבער אַזוי ווי ער איז געווען שטאַרק הינגעריסען מיט'ן שפּיעל, אויפגערעגט פון דעם קאַמפּף, וועלכער האָט איהם געמאַכט פרעהלאַך און פריש, האָט ער געוואָרפען אַ קורצען, צושטרייטען בליק אויף דער גרעפינ'ס פּנים, וועלכער איז לכבוד איהם אַזוי זאָרגזאַם בעהאַנ־דעלט געוואָרען, און געפרעגט:

— איהר וועט מיר ערלויבען, ליעבע גרעפין. איך האָב זיך מורא צו פאַרקיהלען און ווידער קריגען נעווראַלגיע.

— אָה, געוויס — האָט זי געענטפערט.

זי האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ פריש געשניטענעם בינטעל הייה, וועלכער איז ערשט היינט אין דער פריה פון פעלד אָב־געשניטען געוואָרען, אום דעם שפּיעל־פּלאַץ פריי צו מאַכען; האָט זיך צוגעקוקט צו זייער שפּיעלען און אויפ'ן הארצען איז איהר פּלוצים אומעדיג געוואָרען.

איהר טאָכטער האָט זיך געערגערט פאַרוואָס זי האַלט אין איין פערליערען. אָן אויפגערעגטע, האָט זי מאַנכעס מאָל אויס־גערופען: „הוררא!" איז פּלוצים אויפגעשפּרונגען און זיך אַ לאָז געטהאָן פון איין עק פּלאַץ צום צווייטען און דערביי זיינען איהר די האָר אויפ'ן פּנים געפאַלען, האָבען זיך צושאָטען און איהר איבער די שולטערען ארונטערגעהאַנגען. זי האָט זיי אַ נעהם געטהאָן, אריינגעשטעקט דעם שלאַנגער צווישען די קניע, מיט אַן אונגעדולדיגער בעוועגונג זיי אויף דעם קאָפּ פאַרדרעהט און ווי עס איז מיט עטליכע שפּילקעס פאַרשפּיעלעט.

בערטין האָט פון ווייטען זיך אָנגערופען צו דער גרעפין:

— זעהט ווי שעהן זי איז, און ווי פריש ווי דער יונגער טאָג!

יאָ, זי איז געווען פריש, זי האָט געקאָנט לויפען, געקאָנט

ווערן היים און רויט; עס האָט איהר ניט געשאַדעט, ווען איהרע האָר האָבען זיך צולאָזען, זי האָט אַלעס געקאָנט טהאָן, אַלעס וואָגען, דען אַלעס האָט איהר געקליידעט, אַלעס האָט זי שעהן געמאַכט.

און ווען זיי האָבען זיך איצט מיט אַ ברען אין דעם שפּיעל אַריינגעטהאָן, איז די גרעפין געוואָרען נאָך טרויעריגער. זי האָט געטראַכט, אַז אַליוויער'ן געפעלט בעסער דאָס באַל־שפּיעל; די דאָזיגע קינדערשע בעוועגונג, דאָס נאַרישע פערגעניגען פון יונגע קעצעלאַך, וועלכע לויפען נאָך נאָך אַ פּאַפּיערענער פּילקע, איידער צו זיצען נעבען איהר אין דיעזען וואַרימען פריהמאָרגען און זי צו זיין ברוסט צודריקען.

ווען פון ווייטען האָט זיך דערהערט דער גלאָקען־קלונג צום פריהשטיק, איז דאָס איהר געוועזען ווי אַן ערלייזונג, ווי אַ שווערע משא וואָלט איהר פון הארצען אַרונטער. ווען זיי האָבען זיך דאַן צוריקגעקעהרט אין הויז און ער האָט איהר זיין אָרים דערלאַנגט, האָט ער געזאָגט:

— דאָס האָט מיר אַ קינדערשען פערגעניגען פערשאַפט. עס איז דאָך וואונדערבאַר יונג צו זיין, אָדער וועניגסטענס צו גלויבען, אַז מען איז אַזוי. יאָ, יאָ, נור דאָס איז שעהן! ווען מען קאָן שוין מעהר ניט לויפען, דאַן איז אַלעס אויס.

ווען זיי זיינען אויפגעשטאַנען פון טיש, האָט די גרעפין, וועלכע האָט נעכטען צום ערשטען מאָל ניט בעזוכט איהר מו־טער'ס קבר, פאָרגעשלאָגען דעם בית עולם צו בעזוכען; און זיי זיינען אַלע דריי אַוועק אין דאָרף. זיי האָבען געמוזט דורכגעהן דעם וואַלד, אין וועלכען עס האָט געפלאָסען אַ טייכעל מיט'ן נאָ־מען „לאַ ראַינעטט", הפּנים צוליעב די קליינע זשאַבעס וואָס זיינען דאָרט פול געוועזען; דאַן אַ שטיק פרייען פעלד איידער זיי זיינען צוגעקומען צו דער קירכע, וועלכע איז געוועזען אַרומגע־רינגעלט מיט עטליכע הייזלאַך, וואו עס האָבען געוואָהנט דער קרעמער, דער קצב, דער בעקער, דער וויינהענדלער און נאָך אַ

פאַר אַנדערע קליינע סוחרים׳לאַך, וועלכע האָבען די געגענד מיט פּראָדוקטען פערזאָרגט.

דער גאַנג איז געווען אַ שטילער, זיי האָבען וועניג גערעדט. זיי האָבען אַלע וועגען דער טויטער געטראַכט. ביים קבר האָבען זיך ביידע פרויען אַראָבגעלאָזען אויף די קניע און לאַנג געבעטען. די גרעפין איז געבליעבען איינגעבויגען און אונבעוועגליך, דאָס טאַשענטיכעל פאַר די אויגען, דען זי האָט מורא געהאַט צו וויינען, מורא געהאַט די טרערען זאָלען איבער די באַקען אַרונטער־רינען. זי האָט ניט געבעטען, ווי זי האָט עס ביז אַהער יעדען טאָג געטהאָן. זי האָט זיך ניט געווענדעט צו איהר מוטער, וועלכע איז דאָרט אונטער דעם מאַרמאָרנעם שטיין אין איהר קבר געלעגען, מיט אַ האַרציגען, אַ פערצווייפעלטען געבעט אַזוי לאַנג, ביז עס האָט זיך איהר געדאַכט, אַז די טויטע הערט, אַז זי פיהלט זי, נור זי האָט געשטאַמעלט אַ געוועהנליכען געבעט די אווע מאַריאַ. אין דיעזען טאָג האָט זי ניט געהאַט די קראַפט און דעם מוט זיך אין איהרע געדאַנקען און אין איהר האַרצען צו פעראייניגען מיט דעם גייסט פון דער, וועמעס אירדישער טהייל איז בעגראָ־בען געווען אונטער דעם קאַלטען שטיין. אַנדערע געדאַנקען זיי־נען אין איהר האַרץ אַריינגעדרונגען, האָבען זי בעוועגט, געמאַ־טערט און צושטרייט. און איהר האַרץ האָט איהר אייגען געבעט, אַ געבעט פול מיט אונאויסגעשפּראָכענע פערלאַנגען צום הימעל געשיקט. זי האָט געבעטען גאָט, גאָט דעם אַלמעכטיגען, וועלכער האָט אַלע אָרימע באַשעפענישען אויף דער וועלט געבראַכט, ער זאָל מיט איהר אויך האָבען מיטלייד פּונקט אַזוי ווי מיט דער, וועלכער ער האָט צו זיך גערופען.

זי וואָלט ניט קאָנען זאָגען וועגען וואָס זי האָט איהם גע־בעטען, אַזוי אונבעשטימט און פאַרשטעקט זיינען נאָך איהרע פער־לאַנגען געווען, אָבער זי האָט געפיהלט, אַז זי נויטיגט זיך אין געטליכער הילף, אין איבערנאַטירליכער בעשיצונג געגען אַ נאָהענ־טער געפאַהר און אונפערמיידליכע ליידען.

אננעלע האָט אָבגעזאָגט איהרע געבעטען מיט צוגעמאַכטע אויגען און איצט האָט זי געטרוימט וועגען אַנדערע זאַכען, אָבער זי האָט ניט געוואָלט אויפשטעהן פאַר דער מוטער.

אַליוויער בערטין האָט זיי בעטראַכט און דערביי געטראַכט, אַז ער האָט דאָ פאַר זיך אַ וואונדערבאַרעס בילד, עס איז נור אַ שאָד, וואָס ער קאָן ניט מאַכען דערפון אַ סקיצע.

אויפ'ן וועג צוריק אהיים האָבען זיי גערעדט איבער דאָס מענשליכע לעבען, איבער ביטערע און פּאָעטישע אידעען און האָבען געפילאָזאָפירט אויף יענעם בעזונדערען שטייגער, ווי עס ווערט אָפט געטהאָן צווישען מענער און פרויען, ווען דאָס לעבען האָט אביסעל וועהגעטהאָן.

אננעלע, וועלכע איז צו אזעלכע געדאַנקען נאָך ניט געוועזען רייף גענוג, איז אַלע מינוט געבליבען פון הינטען, אום אַ פעלד־בלימעל אויפ'ן וועג צו רייסען. אָבער אַליוויער, וועלכער האָט זי געוואָלט האָבען נעבען זיך און ווען עס האָט געמאַכט נער־וועז, וואָס זי לויפט אַלע ווייַלע אַוועק, האָט זי ניט אָבגעלאָזען פון אויג. עס האָט איהם אויפגערעגט, וואָס די פאַרבען־פּראַכט פון די פּלאַנצען פערשאַפען איהר מעהר פערגעניגען ווי זיינע ווערטער. ער האָט געהאַט אַן אונערקלעהרליכען, אונאַנגענעהמען געפיהל, אַז ער קאָן זי ניט הינרייסען, קאָן זי ניט בעצויבערען, ווי איהר מוטער און אויף איהם איז אָנגעפאַלען אַ לוסט, אויסצו־שטרעקען נאָך איהר די האַנד, זי צו כאַפּען, זי צוריקצוהאַלטען און איהר צו פערביטען צו אַנטלויפען. ער האָט געפיהלט, אַז זי איז צו אונרוהיג, צו יונג, צו גלייכגילטיג, צו פריי, פּריי ווי אַ פויגעל, ווי אַ יונגער הונד וואָס פאָלגט דיך ניט, וועלכער קומט ניט צוריק ווען מען רופט איהם, וועלכער האָט אונאבהענגיגקייט אין זיינע אָדערען, יענעם אינסטינקט פון פרייהייט, וואָס איז נאָך ניט בעהערשט געוואָרען פון קיין שטימע און קיין בייטש.

אום איהר אויפמערקזאַמקייט אויף זיך צו ציהען, האָט ער גערעדט פון פרעהליכע זאַכען, מאַנכעס מאָל האָט ער זי עפּעס

געפּרעגט, געזוכט אין איהר אויפצואוועקען די ווייבערשע נייגירדע און דעם וואונש צו הערען וואָס מען רעדט. אָבער עס האָט געשיינט, אַז אַננעלעס קאָפּ איז היינט פול מיט ווינד, זי איז אויף קיין איין מינוט ניט איינגעשטאַנען אויף אַן אָרט, האָט געענטפערט צושטרייט און גלייך צוריק צו איהרע בלומען געלאָפען. דאָס האָט איהם געבראַכט צו פערצווייפלונג; אַ קינדערשע אונרוהיגקייט איז איהם בעפאַלען, און ווען זי האָט איהר מוטער געבעטען צו האַלטען פאַר איהר דעם ערשטען בוקעט בלומען, אום זי זאָל קאָנען אָננרייסען נאָך אַ צווייטען, האָט ער זי אָנגענומען פאַר'ן אָרעם און זי געהאַלטען פעסט אזוי, אַז זי זאָל ניט מעהר אַנטלויפען. שמייכלענדיג האָט זי זיך געוועהרט געגען איהם און געגומען זיך רייסען מיט איהר גאַנצער קראַפט, אום זיך פריי צו מאַכען. געטריבען פון אַ מענליכען אינסטינקט האָט ער איצט אָנגעווענדעט אַ מיטעל פון די שוואַכע: צוציהען איהר אויפמערקזאַמקייט צו זיך האָט ער ניט געקאָנט און ער האָט זי גענומען דערמיט, וואָס ער האָט איהר קאָקעטעריי אויף אַ פּראָבע געשטעלט.

— זאָג מיר אָקאָרשט — האָט ער געזאָגט — וועלכע איז דיין ליעבלינגס־בלום? איך לאָז דיר דערפון מאַכען אַ בראָש.

ערשטוינט האָט זי זיך אָבגעשטעלט.

— וואָס הייסט אַ בראָש?

— זעהר איינפאַך, פון שטיינער פון דערזעלבער פאַרב; אויב עס איז מאָהן, פון רובינען; און אויב דו ליעבסט די קאָרן־בלומען, דאַן פון סאַפּירען און אַ קליין בלאַט פון סמאַראַגד דערצו.

אַננעלע'ס פּנים האָט גענומען שטראַהלען פון דאַנקבאַרער פרייד, ווי די ציגען פון די פרויען, ווען מען פאַרשפּרעכט אָדער מען שענקט עטוואָס.

— אַ, קאָרן־בלומען געפעלען מיר בעסער, דאָס וואָלט געווען רייצענד — האָט זי געזאָגט.

— אַלזאָ גוט, קאָרן־בלומען. אַזוי שנעל ווי מיר זיינען ווידער אין פּאַריז, ווערט עס בעשטעלט.

איצט איז זי שוין מעהר ניט אַוועקגעלאָפּען. צוגעצויגען צו איהם דורך דעם געדאַנק וועגען דער בראָש, וועלכער זי האָט זיך שוין אין איהר פאַנטאַזיע פאָרגעשטעלט, האָט זי געפרעגט:

— געדויערט עס זעהר לאַנג צו מאַכען אַזאַ מין זאַך?

ער האָט געלאַכט; איצט האָט ער זי געכאַפּט און ער האָט געענטפערט:

— איך ווייס ניט, דאָס הענגט אָב פון די שוועריגקייטען. מיר מוזען דעם יובעליר אַביסעל צוטרייבען.

פּלוצים איז איהר אויפ'ן זינען געקומען אַ טרויעריגער געדאַנק:

— אָבער איך קאָן זי דאָך ניט טראָגען, ווען מיר זיינען אין טרויער.

ער האָט גענומען דעם אָרעם פון דער יונגער מיידעל און איהם צוגעדריקט צו זיך:

— נו, דאַן וועסטו עס גאַנץ שעהן בעהאַלטען, ביז דער טרויער וועט זיך ענדיגען. דערווייל קאָנסטו זי דאָך אימער בעטראַכטען.

ווי מיט אַן אבענד פריהער איז ער געטראָטען צווישען זיי, פון זיי בעריהרט, צווישען זייערע שולטערען און אום צו זעהן, ווי זיי שטעלען אוים אויף איהם דיזעלבע אויגען מיט די שוואַרצע שוואַרצאַפּלען, האָט ער גערעדט מיט זיי ביידען, דאַ צו איינער און דאָ צו דער אַנדערער. איצט, ווען די זון האָט העל געשיינט, האָט ער זעלטענער די גרעפין אויף אַנגעלען פאַרביטען. אָבער וואָס ווייטער איז דאָס יונגע מיידעל געוואָרען אַלץ מעהר און מעהר דאָס בילד, וואָס ער האָט פון פריהער נאָך פון דער מוטער אין זיין הארצען געטראָגען. ער האָט לוסט געהאַט זיי צו קושען איינע נאָך דער אַנדערער. איינע, אום אויף איהרע באַקען און איהר נאַקען עטוואָס פון יענער ראָזיגער בלאָנדער פרישקייט צו

געפינען, וועלכע ער האָט אַמאָל אַזוי ליעב געהאַט און וועלכע ער האָט היינט, ווי דורך אַ וואונדער, פאַר זיך דערזעהן ; די אַנדערע, ווייל ער האָט זי נאָך אימער געליעבט און ווייל זי האָט איהם צונעצויגען מיט דעם מעכטיגען רייץ פון אַלטער געוואָהנהייט.

אין דיעזען מאָמענט האָט ער בעמערקט, אַז זיין בענקעניש נאָך איהר איז שוין פון אַ צייט שוואַכער געוואָרען און זיין ליעבע האָט ווידער אויפגעפלאַמט ביי דעם אָנבליק פון איהר יוגענד, וועלכע איז צוריק אין לעבען געטרעטען.

אַננעלע איז אַנטלאָפען זוכען בלומען. אַליוויער האָט זי מעהר נישט צוריקגערופען, עפּעס ווי די בעריהרונג פון איהר אָרעם און די פרייד, וואָס ער האָט איהר פערשאַפט, וואָלט איהם בערוהיגט. אָבער ער האָט נאָכגעפאָלגט אַלע איהרע בעוועגונגען מיט די בליקען, מיט יענער פרייד וואָס מען פיהלט, ווען מען זעהט עטוואָס, פון וואָס די אויג האָט הנאה : ווען זי איז צוריקגעקומען מיט די בלימלאַך אין האַנד, האָט ער געאָטהעמט טיעפער מיט דעם אונבעוואוסטען וואונש, אירגענד וואָס פון איהר אין זיך איינצוזויגען ; אַ הויך פון איהר אָטהעם, די וואַרימקייט פון איהר הויט צוזאַמען מיט דער לופט איינצואָטהמען. גליקזעליג האָט ער זי אָנגעקוקט, ווי מען קוקט אויף דעם מאָרגען־שטערען אָדער ווי מען הערט זיך צו צו מוזיק. עס איז איהם ליעב געווען, ווען זי האָט זיך איינגעבויגען, ווען זי האָט זיך אויפגעריכטעט, ווען זי האָטביידע אָרעמס אויפגעהויבען אום איהרע האָר צו פערריכטען און פון שטונדע צו שטונדע איז אַלץ מעהר דאָס בילד פון פערגאַנגענע צייטען אין איהם וואַך געוואָרען. זי האָט געהאַט אַזאַ מין אַרט צו רעדען, אַזעלכע בעזונדערע חן׳דלאַך, בעוועגונגען, וועלכע האָבען אימער דאָס גליק פון פערגאַנגענע צייטען אין זיין נעדעכעניש צוריקגערופען. דורך איהר איז די עראינערונג, פון וועלכער ער האָט שוין מעהר קיין בעשטימטע פאָרשטעלונג נים געהאַט, ווידער ניי און בעלעבט געוואָרען. צייט, דאַטען, די אַלטקייט פון זיין הארצען זיינען פערשוואומען געוואָרען אין אַ נעבעל, און בעת

פערגאַנגענע ליידענשאַפטען האָבען ווידער אויפגעפלאַקערט, האָט זיך גאָר אָהן זיין ווילען דער נעכטען מיט דעם היינט אויסגע־מישט, די עראינערונג מיט דער האָפנונג.

ער האָט זיך געפרעגט, סטאַרענדיג זיך צו דערמאָנען, אויב די גרעפין איז אין איהר בליהענדסטער צייט אַזוי שעהן געווען, צו האָט זי אויך אַזא בעצויבערענדען, אונווידערשטעהליכען, קאָפּ־ריזנעם חן געהאַט; צו איז זי אויך מיט אַזוי פיעל גראַציע גע־לאָפען און געשפרונגען פריי ווי אַ יונג פויגעלע אין פעלד. ניין, זי איז געווען מעהר ענטוויקעלט און ווענינער ווילד, אַ שטאָדט־קינד איז זי געווען און דאַן אַ וועלט־דאַמע, וועלכע האָט קיין מאָל ניט געאָטהעמט די לאַנד־לופט און קיין מאָל איבער די פעלדער ניט אַרומגעלאָפען; זי איז געווען שעהן אין דער דונקעלהייט פון די הייזער אָבער ניט אונטער די ליכטיגע שטראַהלען פון דער זון.

ווען זיי האָבען זיך צוריק אין שלאָס אומגעקעהרט, האָט זיך די גרעפין געזעצט נעבען איהר קליין שרייבטיש ביים פענסטער צו שרייבען בריעף. אַננעלע איז אַוועק אין איהר צימער און דער מאַהלער, די הענד אויפ'ן רוקען פערלעגט, מיט לאַנגזאַמע טריט, אַ סיגאַר אין מויל, איבער דעם פּאַרק שפּאַציערען. ער איז אָבער ניט אַוועק אויף אַזוי ווייט, אַז ער זאָל דעם ווייסען פּאַסאַד און דעם הויכען דאַך אין גאַנצען פון די אויגען פערליערען. אַזוי שנעל ווי דאָס הויז איז הינטער די בוימער פערשוואונדען, איז איהם אויף דער נשמה פינסטער געוואָרען, ווי ווען אַ וואָלקען ציהט זיך איבער די זון אַריבער; און ווען דאָס הויז האָט דאַן ווידער געקומען פון צווישען די גרינס אַרויסבליסטשען, איז ער אויף אַ מאָמענט שטעהן געבליבען, אום דאָרט צו די הויכע פענסטער אַרויפצוקוקען, דאַן איז ער ווייטער געגאַנגען.

ער האָט זיך געפיהלט אויפגערעגט און צופריעדען. מיט וואָס צופריעדען? מיט אַלעמען.

די לופט האָט איהם געשיינט צו זיין ריין, דאָס לעבען שעהן

און פרעהלאך אין דעם דאָזיגען טאָג. ער איז געווען ווידער פריש און לעבעדיג ווי א אינגעל; עס האָט זיך איהם געוואָלט ארומלויפען, נאָכיאָגען די שמעטערלינגען, וועלכע האָבען איבער'ן פעלד געשוועבט, ווי זיי וואָלטען אויף א גומענעם שנירעל נעהאַנגען. ער האָט געזונגען פאר זיך א מעלאָדיע פון אן אָפּערא. עטליכע מאָל נאָכאַנאַד איז איהם איינגעפאלען דאָס בעריהמטע ליעד: „לאָז מיך דיין שעהן פּנים אָנקוקען", און ער האָט גע־פונען אין דעם א טיעפען אויסדרוק, וועלכער איז איהם ביז אהער נאָך ניט איינגעפאלען.

פּלוצים האָט ער זיך געפרעגט, ווי איז דאָס מעגליך, וואָס ער האָט זיך מיט איין מאָל אזוי געענדערט. נאָך נעכטען אין פאַריז האָט איהם אַלעס אויפגערעגט, געעקעלט, געערגערט. און היינט איז ער געווען רוהיג, צופריעדען, ווי עפּעס א פריינדליכער גאָט וואָלט זיין נשמה אין גאַנצען אומגעוואַנדעלט. דער זעלבער גאָט, האָט ער געטראַכט, וואָלט געקאָנט אויך מיין לייב אביסעל אָב־פרישען און מיך ווידער יונג מאַכען.

פּלוצים האָט ער דערזעהן יוליא'ן, ארומלויפענדיג צווישען די בושעס. ער האָט איהם גערופען, און בעת ער האָט דעם הונד'ס שעהנעם פּנים אין זיינע הענד געהאַלטען, האָט ער זיך אוועק־געזעצט אויפ'ן גראָז און איהם גענומען לאַסטשען און גלעטען. דאַן האָט ער איהם גענומען אויף די קניע, איז געוואָרען גאָר צערט־ליך און איהם געקושט, ווי א פרוי, וועמעס הארץ עס איבערפילט.

נאָכ'ן עסען, אנשטאָדט אויסצוגעהן ווי מיט אן אבענד צו־ריק, זיינען זיי זיך גאַנץ רוהיג געבליעבען אין סאַלאָן.

פּלוצים האָט די גרעפין זיך אָבגערופען:

— מיר וועלען מוזען אָברייזען!

אליוויער האָט געענטפערט:

— אָך, רעדט נאָך ניט דערפון. ווען איך בין ניט געווען דאָ האָט איהר ניט געוואָלט פערלאָזען ראַנסיערעס; און איצט, ווען איך בין דאָ, ווילט איהר גלייך אוועקפאָהרען.

— ליעבער פריינד — האָט זי געזאָגט — מיר קאָנען דאָך דאָ אַלע דריי ניט בלייבען אויביג.

— אויביג ניט, אָבער נאָך אַ פּאָר טעג. איך האָב דאָך דאָ ביי אייך אָפּט וואָכען לאַנג פערבראַכט.

— יאָ, אָבער אונטער גאַנץ אַנדערע אומשטענדען. ווען די גאַנצע וועלט האָט דאָ פערבראַכט.

דאָ האָט אַננעלע שמייכלענדיג געזאָגט:

— אַך, מאַמאַ, נור נאָך אַ פּאָר טעג, צוויי אָדער דריי. ער לערענט מיך אַזוי גוט פּיעלען טענים; איך ווער אויסער זיך ווען איך פערליער און פרעה זיך אַזוי, ווען איך מאַך פּאָרטשריט.

נאָך היינט אין דער פריה האָט די גרעפין געהאַט די אבזיכט איהר פריינד צו האַלטען דאָ ביז זונטאָג און איצט פּלוצים האָט זיך איהר פאַרוואָלט אוועקפאָהרען, זי האָט אַליין ניט געוואוסט פאַרוואָס. היינטיגער טאָג, פון וועלכען זי האָט אַזוי פיעל ער־וואַרטעט האָט אין איהר נשמה אַ טיעפע טרויעריגקייט איבערגע־לאָזען, אַ שווערקייט אונבעשטימט און אָהן אורזאַכע, ווי אַ פּאָר־געפיהל.

ווען זי איז אַליין אין איהר צימער געבליעבען, האָט זי גע־נומען נאָכגריבלען פון וואַנען דער אָנפאַל פון בענקעניש, פון טרויער האָט זיך צו איהר גענומען. האָט זי געהאַט איינע פון יענע שטי־מונגען, וועלכע געהען שנעל פאַראיבער און מען דערמאָנט זיך דערנאָך אפילו ניט אָן זיי, הגם זיי מאַכען אונז ציטערען אין דער טיעפסטער טיעפעניש פון אונזער הארצען? פילייכט. אָבער וואָס האָט זי אַזוי שלעכט געשטימט? זי האָט זיך אפילו דערמאָנט אויף אַ פּאָר אונאַנגענעהמע מאָמענטען, אָבער צוליעב דעם האָט זי דאָך ניט געקאָנט פערליערען איהר מוט. איך וויל צופיעל, האָט זי געטראַכט, איך האָב ניט קיין רעכט זיך אַזוי צו פּלאַגען.

זי האָט געעפענט דאָס פענסטער, אום די פרישע ביינאַכטיגע לופט איינצואָטהעמען, און איז אַזוי געבליעבען שטעהן און אַרויס־געקוקט אויף דער ליכטיגער לבנה.

זי האָט געהערט אַ שטיל געוויש און האָט איינגעבויגען דעם קאָפּ. אַליוויער איז געגאַנגען שפּאַציערען פאַר'ן שלאָס. „פאַרוואָס האָט ער געזאָגט, אַז ער וויל געהן צו זיך אין צימער", האָט זי געטראַכט. „וואָרום האָט ער מיר ניט געזאָגט, אַז ער געהט אוועק; וואָרום האָט ער מיר ניט געבעטען מיטצוגעהן? ער ווייס גוט, אַז מיך וואָלט דאָס גליקליך געמאַכט. וועגען וואָס קאָן ער טראַכטען?"

דער געדאַנק, אַז ער האָט איהר צו זיין ביינאַכטיגען שפּאַציער ניט געוואָלט האָבען נעבען זיך, אַז ער איז ליעבער אין דעם דאָזיגען שעהנעם אבענד אליין געגאַנגען, רויכערענדיג זיין ציגאַר, דען זי האָט געזעהן דעם ברענענדיגען פונק אין דער לופט; אַליין, ווען ער האָט איהר געקאָנט פאַרשאַפען דאָס פערגעניגען איהם צו בעגלייטען; דער געדאַנק, אַז ער פיהלט ניט אַ שטענדיגען באַגעהר זי צו זעהן; אַז ער בענקט ניט נאָך איהר שטענדיגער נאָהענטקייט, האָט נייע ביטערקייט אין איהר הארץ אָנגעגאָסען. זי האָט שוין געוואָלט דאָס פענסטער צומאַכען, אום איהם מעהר ניט צו זעהן, אום מעהר ניט צו זיין געצוואונגען בייצושטעהן דעם נסיון און איהם צורופען, ווען ער האָט ארויפגעקוקט און זי בעמערקט. ער האָט אויסגערופען:

— זעהט נור, גרעפין, איהר טרוימט אין דער אויסגעשטערענטער נאַכט!

זי האָט געענטפערט:

— יאָ. איהר אויך, ווי עס שיינט!

— אַה, איך רויכער נור מיין סיגאַר!

זי האָט זיך ניט געקאָנט איינהאַלטען און געפרעגט:

— וואָרום האָט איהר מיך ניט גערופען מיטצוגעהן?

— איך האָב נור געוואָלט מיין טאַבאַק אויסרויכערען. איבריגענס געה איך יעצט צו בעט.

— דאַן אַלזאָ, גוטע נאַכט, מיין פריינד!

— גוטע נאַכט, גרעפין!

זי האָט זיך אומגעקעהרט צוריק צו איהר שטול, זיך געזעצט און גענומען ..יינען. און דאָס קאַמערמיידעל, וועלכע זי האָט גע־רופען אום איהר אויסצוטהאָן, האָט געזאָגט מיט מיטלייד אין קול, ווען זי האָט איהרע רויטע אויגען דערזעהן:

— אָה, פרוי גרעפין, איהר וועט שוין מאָרגען ווידער שלעכט אויסזעהן!

די גרעפין איז געשלאָפען שלעכט, פיבעריש, פון בייזע הלומות געמוטשעט. אזוי שנעל ווי זי האָט ערוואכט, האָט זי אליין גע־עפענט דאָס פענסטער, פאַנאַנדערגעצויגען די פאָרהאַנגען אום זיך אין שפיעגעל צו זעהן. זי האָט געהאַט צוזאַמענגעצויגענע געזיכטס־שטריכען, געלאָשענע אויגען, און אַ געלע געזיכטספארב. דאָס האָט זי אזוי טרויעריג געמאכט, אז זי וואָלט אם ליעבסטען געהייסען זאָגען, אז זי איז קראנק, ליעגט צו בעט, און זיך ביז אין אבענד פאַר קיינעם ניט ווייזען. פּלוצים איז איהר בעפאַלען אַ פערלאַנג אוועקצופאָהרען. זי האָט זיך אנדערש ניט געקאָנט העלפען, גלייך האָט זי געמוזט אָבפאָהרען מיט דעם ערשטען צוג. זי האָט גע־וואָלט פערלאָזען דאָס דאָזיגע שטראהלענדיג העלע לאַנד, וואו מען האָט אויף איהר צופיעל די שפורען פון ליידען און אלטקייט גע־זעהן. אין פּאַריז לעבט מען אין דער האַלבדונקעלהייט פון די וואָהנונגען, וואו דאָס ליכט ווערט אפילו אין מיטען טאָג פון די שווערע פאָרהאַנגען געדעמפּפט. דאָרט וועט זי ווידער צו זיך קו־מען, וועט ווידער שעהן ווערען, בלייך, ווי עס פּאַסט צו זיין ביי דעם מאַטען, צאַרטען ליכט. פּלוצים האָט זי דערזעהן פאַר זיך אננעלעס פּנים, פריש, רויט, מיט צושויבערטע האַר, ווי זי שפּיעלט מענים. יעצט ערשט האָט זי פערשטאַנען, וואָס פאַר אַ אונבע־קאַנטע אונרוהיגקייט האָט איהר נשמה באַהערשט. זי איז ניט געוועזען אייפערזיכטיג אויף דער שעהנקייט פון איהר טאָכטער, דאָס געוויס ניט; אָבער זי האָט געפיהלט און עס איז איהר קלאָהר געוואָרען צום ערשטען מאָל, אז זי טאָר זיך קיין מאָל ניט צייגען מיט איהר אין העלער זונען ליכט.

זי האָט אָנגעקלונגען און נאָך איידער זי האָט איהר טהעע געטרונקען, האָט זי געגעבען אַ באַפעהל צום אָבריידזען, האָט גע־שריבען דעפּעשען און אַליין טעלעגראַפּיש באַשטעלט סאָפּער פאַר דעם אבענד, האָט אָבגערעכענט מיט אַלע רעכענונגען פון ראַנ־סיערעס, געגעבען די לעצטע בעפעהלען, אַלעס איינגעאָרדענט אין ווענינער ווי אַ שטונדע מיט פיבערהאַפטער אונרוהיגקייט.

ווען זי איז אַרונטערגעקומען האָבען אַליוויער און אַננעלע, וועלכע האָבען שוין פון איהר ענטשלוס געהערט, זי פערוואונ־דערט וועגען דעם געפרעגט. און ווען זיי האָבען איינגעזעהן, אַז זי קאָן ניט אָנגעבען קיין פערנינפטיגען גרונד פאַר דער פּלוצים־דיגער אָברייזע, האָבען זיי זיך אַביסעל געבלאָזען און אַרויסגע־וויזען זייער אונצופריעדענהייט, ביז זיי האָבען זיך אויפ'ן וואָק־זאַל פון פּאַריז געשיידעט.

די גרעפין האָט דערלאַנגט דעם מאַהלער די האַנד און גע־פרעגט:

— ווען איהר מאָרגען ביי אונז עסען?

ער האָט געענטפערט עטוואָס פערביטערט:

— געוויס, איך וועל קומען. אָבער דאָס וואָס איהר האָט היינט געטהאָן איז געוועזן ניט שעהן פון אייך. עס איז געוועזן אַזוי אַנגענעהם דאָרט, מיר האָבען אַזוי שעהן פערבראַכט, מיר אַלע דריי צוזאַמען.

אַזוי שנעל ווי די גרעפין איז געוועזן מיט איהר טאָכטער־אַליין אין דער קאַרעטע וועלכע האָט זי אַהיים געפיהרט, האָט זי זיך פּלוצים דערפיהלט בערוהיגט, ערלייכטערט; שמייכלענדיג האָט זי געקוקט אויף די הייזער און מיט פערגעניגען ווידער די שטאָדט דערקענט, פון וועלכער דער עכטער פּאַריזער טראָגט יעדע קלייניג־קייט אין קאָפּ און אין הארצען. יעדע קראָם, וואָס זי האָט געזעהן, האָט איהר דערמאָנט אויף דער צווייטער, אויף אַ גאַנצע רייהע פון זיי, וועלכע האָבען זיך געצויגען אין דער גאַנצער ליינג פון בול־וואַר. זי האָט זיך פאָרגעשטעלט דאָס געזיכט פון דעם פערקויפער

הינטער די שויפענסטער, וואו זי האָט אָפט איינגעקויפט. זי האָט זיך געפיהלט גערעטעט! פון וואָס? ערלייכטערט! וואָרום? פול פערטרויען! אויף וואָס?

ווען די קארעטע האָט זיך פאר'ן טויער אָבגעשטעלט, איז זי לייכט ארויסגעשפרונגען, זיך א לאָז געטהאָן איבער די דונקעלע טרעפּ, ווי זי וואָלט פלוצים פליגלען געקריעגען; דאן אין דעם פארהאנגענעם סאלאָן און דאן אין דער האלבדונקעלהייט פון איהר צימער. דאָ איז זי געבליבען שטעהן א פּאָר מינוטען גליקליך, וואָס זי געפינט זיך איצט ווידער אין זיכערהייט אין דעם געבעלדיגען, אונבעשטימטען, פּאררויכערטען פּאריז. דאָ קען מען ווייזען, וואָס עס געפעלט און פערשטעלען, וואָס מען וויל פערשטעלען. און די עראינערונג וועגען דאָס שטראהלענדיגע ליכט דאָרט אין דער קאָנטרי, איז געבליבען אין איהר נשמה, ווי אַן אָבקלאנג פון איבערגעליטענע יסורים.

ווען זי איז ארונטערגעקומען צום טיש, האָט זי הערצליך אומארעמט איהר מאַן, וועלכער איז גור וואָס אהיים געקומען, און ער האָט געזאָגט שמייכלענדיג:

— אהא, איך האָב אָבער געוואוסט, אז פריינד בערטין וועט דיך ברייגגען אהיים. עס איז געוועזן א גוטער איינפאל, וואָס איך האָב איהם געשיקט צו דיר.

אננעלע האָט געענטפערט ערנסט, מיט יענעם בעזונדערען טאָן, וועלכען זי פלעגט אָננעהמען, ווען זי האָט געוואָלט זאָגען א וויץ ניט לאכענדיג דערביי:

— אך, עס איז איהם זעהר שווער אָנגעקומען, מאמא האָט נאָר ניט געוואָלט הערען וועגען דעם!

די גרעפין איז געוואָרען עטוואָס פערלעגען און האָט געשוויגען.

אין דיעזען אבענד זיינען קיין געסט ניט אָנגענומען געוואָרען און זיי זיינען געבליבען אליין. אויפ'ן צווייטען טאָג איז די גרעפין אוועק אין פערשיעדענע קראָמען איהרע זאכען צו בעזאָרגען. פון איהר יוגענד אָן, כמעט נאָך פון איהר קינדהייט, האָט זי ליעב גע־

האָט אָנצומעסטען זאַכען פאַר די שפּיעגלען פון די בעוואוסטע שניי־דערקעס. ווי זי איז נור אַהין אַריין האָט זי זיך שוין געפרעהט אין איהרע געדאַנקען מיט אַלע איינצעלהייטען פון יענער זאָרג־זאַמער פּראָבע. זי האָט ·געליעבט די רווישענדע קליידער פון די מיידלאַך, וואָס האָבען אויף איהר די זאַכען געמאָסטען. האָט גע־ליעבט צו זעהן, ווי די דאָזיגע מיידלאַך גיבען זיך אַ לאָז צו איהר, ווי נור זי קומט אין געשעפט אַריין ; זייער שמייכעל, זייער דיענסט־פערטיגקייט, זייערע פראַגען. און די שניידערין, די מאָדיסטקע אָדער די קאָרסעטמאַכערין זיינען ביי איהר געווען וויכטיגע פּער־זענליכקייטען, וועלכע זי האָט בעהאַנדעלט, ווי קינסטלערינען, ווען זי האָט ביי זיי אַ ראַט געפרעגט. נאָך מעהר האָט זי ליעב גע־האַט פון די יונגע מיידלאַך בעדיענט צו ווערען, וועלכע האָבען זי מיט געשיקטע הענד אויסגעטהאָן און אָנגעטהאָן און זי פאַר איהר רייצענדען שפּיעגעל־בילד אַהין און אַהער געדרעהט. ווען זייערע לייכטע פינגער האָבען איהר האַלז אָנגעריהרט, איהר הויט אָדער איהרע האָר, האָט זי דערביי געפיהלט דעם גרעסטען און בעסטען פערגעניגען פון די אַלע פערשיעדענע פערגעניגענס, וועל־כע פּיללען אָן דעם לעבען פון אַ רייכער, עלעגאַנטער דאַמע.

אָבער אין דיעזען טאָג האָט זי געהאַט עפּעס אַן אונאַנגע־נעהמען געפיהל פון אַנגסט, זיך אַזוי אָהן אַ שלייער און אָהן אַ הוט אוועקצושטעלען פאַר די דאָזיגע אַלע גרויסע, שעהנע שפּיעג־לען. דער ערשטער בעזוך ביי דער מאָדיסטקע האָט איהר אָבער ווידער מוט איינגעגעבען. די דריי היט וואָס זי האָט געקויפט, האָבען איהר וואונדערבאַר געקליידעט, וועגען דאָס איז גאָר קיין צווייפעל ניט געווען און ווען די פערקויפערין האָט צו איהר געזאָגט : „אַך, פרוי גרעפין, בלאָנדע פרויען האָבען אימער גע־דאַרפט טראָגען טרויער", איז זי אַוועק צופריעדען און פול צו־טרויען בעזוכט די איבעריגע געשעפטען.

ווען זי איז צוריקגעקומען האָט זי געפונען אַ פּאָר שורות פון דער הערצאָגין, וועלכע האָט איהר בעזוכט און געלאָזט וויסען,

אַז זי וועט אין אָבענד ווידער קומען. דאַן האָט זי געשריעבען בריעף, דערנאָך אַ צייט לאַנג געטרוימט, ערשטוינט, וואָס דאָס אומ־בייטען פון דעם אָרט האָט איהר גרויסען שמערץ, וועלכער האָט איהר די נשמה צוריסען, כמעט אין גאַנצען אין דער פערגאַנגענ־הייט אוועקגערוקט. עס האָט זיך איהר אַליין נישט געוואָלט גלויבען, אַז זי איז ערשט מיט אַ טאָג פריהער פון ראַנסיערעס אהיים געקומען, אַזוי שטאַרק האָט זיך זייט איהר צוריק קומען נאָך פּאַריז איהר שטימונג געענדערט, עפּעס ווי די קליינע רייזע וואָלט איהרע וואונדען פאַרהיילט.

ווען בערטין איז געקומען צום טיש, האָט ער אויסגערופען:

— איהר שטראַהלט דאָך עפּעס נאָר היינט ביינאַכט!

און דער דאָזיגער אויסרוף זיינער האָט זי געמאַכט ציטערען פאַר גליק.

נאָכ'ן עסען, האָט דער גראַף, וועלכער האָט גערן ביליאַרד געשפּיעלט, גערופען בערטין'ען מאַכען אַ פּאַרטיע, אוןביידע פּרויען האָבען זיי בעגלייט אין ביליאַרד צימער, וואו מען האָט זיי דער־לאַנגט קאַפע.

בעת די מענער האָבען נאָך געשפּיעלט, איז די הערצאָגין געמעלדעט געוואָרען; זיי האָבען זיך אַלע אומגעקעהרט צוריק אין דעם סאַלאָן. צוגלייך זיינען אויך אָנגעקומען הערר און פרוי קאַרבעלל מיט אַ זעהר טרויעריגען אויסדרוק, און אַ פּאָר מי־נוטען נאָכאַנאַנד האָט נאָך דעם קלאָנגעדיגען טאָן פון זייערע רייד אויסגעזעהן, אַז אָט־אָט צואווייגען זיי זיך אַלע. אָבער בים־לעכווייז זיינען זיי פון די סענטימענטאַלע פראַגען אויף אַ גאַנץ אַנדער געשפּרעך אַריבער, די שטימען זיינען געוואָרען העלער און זיי האָבען גענומען גאַנץ געמיטליך פּלוידערען, אַזוי ווי דער טונ־קעלער שאָטען פון טויט, וועלכער האָט נאָר וואָס איבער זיי גע־שוועבט, וואָלט פּלוצים פערשוואונדען געוואָרען.

דאַן איז בערטין אויפגעשטאַנען, האָט אָנגענומען אַנגעלען

פאַר אַ האַנד, צוגעפיהרט זי צום בילד פון איהר מוטער, אַוועק־געשטעלט פאַר דעם שיין פון לאָמפּ און געפרעגט:

— איז דאָס ניט אַ מערקווירדיג וואונדערבאַרע זאַך?

די הערצאָגין איז געוואָרען אַזוי ערשטוינט, אַז זי האָט אויסער זיך אויסגערופען:

— מיין גאָט, ווי איז דאָס מעגליך! מיין גאָט, ווי איז דאָס מעגליך! דאָס איך דאָך אַן אמת'ע איבערראַשונג, און איך האָב דאָס פריהער גאָרנישט געזעהן. אָבער מיין קליינע אַננאַ, דאָס זייט איהר אין גאַנצען איהר, איך קען עס אַם בעסטען באַשטעטיגען, ווייל איך האָב אייך אַזוי גוט געקענט, ווען איהר האָט צום ערשטען מאָל טרויער געטראָגען. ניין, דאָס איז שוין געוועזען צום צווייטען מאָל, דען דאַן האָט איהר שוין געהאַט אייער פאָטער פערלאָרען. יאָ, ווירקליך, אַננעלע, אין טרויער זעהט איהר אויס פונקט ווי די מוטער פון אַמאָל. אָהן דעם בילד וואָלט מען עס גאָרנישט געוואוסט. אייער טאָכטער איז זעהר ענליך צו אייך, אָבער צום בילד אַ סך מעהר.

מוסאַדיע, וועלכער האָט זיך דערוואוסט פון דער גרעפינ'ס צוריקקומען, איז געקומען זי בעזוכען. ער האָט געוואָלט זיין איינער פון די ערשטע, וואָס זאָל איהר זיין טיעפען בעדויערען אויסדריקען.

ער האָט זיך פּלוצים אָבגעשטעלט, דערזעהענדיג דאָס יונגע מיידעל שטעהענדיג פאַר דעם פּאָרטרעט; פון דעם זעלבען ליכט בעשטראַהלט, ווי דאָס בילד, האָט זי אויסגעזעהן ווי די לעבעדיגע שוועסטער פון דער פרוי אויף דעם קונסט ווערק. דאַן האָט ער פערוואונדערט אויסגערופען:

— גאָט אין הימעל! דאָס איז דער גרעסטער וואונדער וואָס איך האָב ווען עס איז געזעהן!

און די קאַרבעללס, וועלכע האָבען אימער געהאַט די מיינונג, וואָס אַ צווייטער האָט אויסגעדריקט, האָבען זיך גענומען בעגייס־טערען פון זייער זייט, הגם מיט ווייניגער היץ ווי די איבעריגע.

דער גרעפינ'ס הארץ האָט זיך צוזאמענגעצויגען, איז בים־לעבוויין איינגעשרומפּפען; די ערשטוינטע אויסרופען פון די אַלע מענשען האָבען איהר וועהגעטהאָן, האָבען איהר הארץ אין שטיקער געריסען. ניט ריידענדיג א וואָרט, האָט זי בעטראַכט איהר טאָכ־טער נעבען איהר בילד און איז געוואָרען פיבעריש פון נערוועזי־טעט. עס האָט זיך איהר געוואָלט א געשריי טהאָן: „שווייגט, איך וויים אַליין, אז זי איז עהנליך צו מיר!"

דעם גאַנצען אבענד איז זי געווען אומעדיג און האָט פון דאָס ניי פערלאָרען די זיכערהייט, וועלכע זי האָט געהאַט ערשט יעצט ווידער געפונען.

בערטין האָט זיך אונטערהאַלטען מיט איהר, ווען מען האָט געמעלדעט דעם מארקיז פאראנדאַל. ווען דער מאהלער האָט איהם געזעהן ארייקומענדיג און געהענדיג גלייך צו דער ווירטהין פון הויז, איז ער אויפגעשטאַנען, זיך געשטעלט הינטער איהר שטוהל און אויסגעשעפּטשעט: „נו, ווען דער קעראַל איז דאָ דאַן אדיע!" — דאַן האָט ער זיך ארויסגערוקט צום טיר און איז אוועק.

נאָכדעם ווי די גרעפין האָט געזאָגט א פּאָר ווערטער צו דעם נייעם גאַסט, האָט זי מיט די אויגען גענומען זוכען אַליוויער'ן, אום מיט איהם פּאָרטצוזעצען די אונטערהאַלטונג, וועלכע האָט זי אינטערעסירט. ווען זי האָט איהם אין ערגעץ ניט געזעהן, האָט זי געפרעגט:

— וואָס, דער גרויסער קינסטלער איז שוין אויך אוועק?

איהר מאַן האָט געענטפערט:

— איך גלויב אזוי, מיין ליעבע. עס שיינט ער האָט זיך אויף דעם ענגלישען שטייגער, שטיל ארויסגערוקט.

זי איז געוואָרען ערשטוינט, האָט א ווייַלע נאָכגעטראַכט און דאַן גענומען מיט דעם מארקיז פּלוידערען.

איבעריגענס זיינען איהרע פריינד אין קורצען אַלע אוועק־

געגאַנגען; אויס איידעלקייט האָבען זיי איהר ניט געוואָלט שטע־
רען אַזוי שנעל נאָך דעם טויטען פאַל.

ווען זי איז דערנאָך צו בעט געגאַנגען, זיינען אַלע איהרע
קוואַלען, וועלכע האָבען איהר דאָרט אין קאַנטרי געפּייניגט, ווידער
צוריקגעקומען; איצט זיינען זיי נאָך מעהר אויסגעוואַקסען, און
ערשט יעצט איז איהר קלאָהר געוואָרען, אַז זי איז אַלט, אַלט!

אין דעם דאָזיגען אָבענד האָט זי צום ערשטען מאָל דער־
פיהלט, אַז אין דעם סאַלאָן, וואו זי איז ביז אַהער אַליין בעוואונ־
דערט, געפייערט, געליעבט געוואָרען, האָט אַן אַנדערע, איהר טאָכ־
טער, איהר פּלאַץ פערנומען. פּלוצים, מיט איין מאָל האָט זי עס
איינגעזעהן, ווען זי האָט דערפיהלט, אַז אַלעס פאַרעהרט, אַלעס
בויגט זיך פאַר אַננעלע'ן. אין איהר הויז, אין דעם קעניגרייך פון
א שעהנער פרוי, וואו זי איז ביז אַהער געווען די אַליין הערשערין,
וואו זי האָט ניט געדולדעט קיין ווערען וואָס זאָל איהר קענען
פאַרדונקעלען, וואו יעדע קאָנקורענטקע איז הינטען אַרום, אָבער
ענערגיש, אַרויסגעשטופּט געוואָרען; וואו זי האָט צוגעלאָזען
נור איהר גלייכען אום פאַרעהרער פון זיי צו מאַכען; אין דעם
דאָזיגען קעניגרייך האָט זי איצט געזעהן, ווי איהר טאָכטער ווערט
די הערשערין. עס איז געווען אַ מאָדנער געפיהל, ווען אַלעמענס
אויגען האָבען זיך אויף אַננעלע'ן געריכטעט, ווען בערטין האָט
געהאַלטען פאַר'ן האַנד, ביידע געבען בילד. זי האָט דערפיהלט,
ווי זי, גרעפין גילעראַי, ווערט פּלוצים פערשוואונדען, ווי זי פער־
ליערט איהר מאַכט, איהר קרוין... די גאַנצע וועלט האָט געקוקט
אויף אַננעלע'ן, וועגען איהר האָט זיך מעהר קיינער ניט געקימערט.
זי איז אַזוי געוואָהנט געווען צו הערען קאָמפּלימענטען, שמייכלע־
רייען, יעדעסמאָל, ווען מען האָט איהר בילד בעטראַכט; זי איז
אַזוי זיכער געווען אין די ליובגעזאַנגען, אויף וועלכע זי האָט
ניט געלייגט קיין בעזונדערען ווערטה, הגם זיי האָבען איהר גע־
פרעהט, אַז דאָס דאָזיגע אָבקעהרען זיך פון איהר, דיעזע פּלוצימ־
דיגע ניעדערלאַגע, די בעוואונדערונג, וועלכע איז מיט איין מאָל

אויף איהר טאָכטער אַריבער, האָט זי מעהר ערשטוינט, בעוועגט און וועהגעטהאָן, ווי ווען עס איז וואָלט זיך געהאַנדעלט וועגען אַ ווירקליכע קאָנקורענטקע.

אָבער אַזוי ווי זי איז געווען איינע פון יענע נאַטורען, וועלכע קומען נאָך די גרעסטע אונגליקען שנעל ווידער צו זיך, הויבען ווידער אויף די קעפּ, קעמפּפען און זוכען טרויסט, האָט זי אויך געפונען אַ טרויסט אין דעם געדאַנק, אַז ווען איהר טאָכ־טערל וועט חתונה האָבען און זיי וועלען מעהר ניט לעבען אונטער איין דאַך, וועט זי מעהר ניט ליידען פון דעם שטענדיגען פער־גלייך, וועלכער איז איהר די לעצטע צייט געוואָרען אַזוי אונ־אַנגענעהם, איבערהויפּט נאָך אין דער נעגענוואַרט פון איהר גע־ליעבטען.

אָבער דער קלאַפּ איז געווען אַ שטאַרקער, זי האָט געפיבערט און ניט געקענט איינשלאָפען.

אויפ'ן צווייטען טאָג איז זי אויפגעשטאַנען מיעד און צו־בראָכען. און דאָן איז אויף איהר אָנגעפאַלען אַ שטאַרקער פער־לאַנג, פון אימיצען געטרויסט צו ווערען, ביי אימיצען אום הילף צו בעטען פון אַלע איהרע ליידען, פון איהר גרויסען זעעלישען און קערפּערליכען עלענד.

זי האָט זיך ווירקליך געפיהלט אַזוי שוואַך און קראַנק, אַז זי האָט אַ טראַכט געטהאָן צו רופען אַ דאָקטאָר און איהם פרע־גען צו ווערט זי ניט ערנסט קראַנק. דען עס איז ניט געווען מעג־ליך, אַז זי זאָל אין פערלויף פון אַ פּאָר שטונדען אַזויפיעל איבער־לעבען אָהן פאַלגען. זי האָט טעלעגראַפירט צום דאָקטאָר און האָט איהם ערוואַרט.

אַזיינער עלף איז ער געקומען. ער איז געווען איינער פון יענע ווירדיגע מאָדע דאָקטוירים, וועמעס אָרדען און טיטולס זיינען אַ גאַראַנטיע פאַר זייער גוטסקייט, וועלכע ווייסען וועניגסטענס אַזוי פיעל ווי אַלע אַנדערע און פאַרשטעהען אָבעסטען ווי צו

בעהאַנדלען די דאַמען מיט ווערטלאַך און חנ'דלאַך, וואָס ווירקען בעסער פון מעדיצין.

ער איז אַריינגעקומען, געגריסט, האָט אָנגעקוקט זיין פּאַציענטקע און געזאָגט שמייכלענדיג:

— עס איז וואַהרשיינליך ניט אַזוי געפעהרליך, מיט אַזעלכע אויגען איז מען ניט קראַנק!

זי איז איהם גלייך דאַנקבאַר געוועזן פאַר דער דאָזיגער פּאַררעדע, האָט איהם דערצעהלט פון איהר שוואַכקייט, פון איהר נערוועזען צושטאַנד, איהר טרויעריגקייט און דאַן, זיך ניט אָבשטעלענדיג אויף דעם צו געניי, פון איהר שלעכטען אויסזעהן. ער האָט איהר אויפמערקזאַם אויסגעהערט, נור געפרעגט אויף איהר אַפּעטיט, אַזוי ווי ער וואָלט די געהיימע נאַטור פון דער דאָזיגער ווייבערשער קראַנקהייט איהרער גאַנץ גוט געקענט; האָט זי אַרומגעטאַפּט, אונטערזוכט, אָנגענומען מיט דעם שפּיץ פינגער איהר פלייש אויפ'ן שולטער, אויפגעהויבען איהר אָרעם, און אַזוי ווי ער האָט גוט פאַרשטאַנען איהרע געדאַנקען, האָט ער אַלס אַלטער פּראַקטיקער זיך גלייך אָנגעשטויסען, אַז זי האָט איהם גערופען מעהר צוליעב איהר שעהנהייט, ווי צוליעב איהר געזונד. דאַן האָט ער געזאָגט:

— יאָ, איהר זייט עטוואָס בלוטאַרעם און נערוועז. דאָס איז אָבער קיין וואונדער ניט ביי דעם גרויסען פערלוסט, וואָס איהר האָט געהאַט. איך וועל אייך עטוואָס אויפשרייבען, וואָס וועט דאָס אַלעס בעזייטיגען. פריהער פאַר אַלץ מוזט איהר זיך גוט שפּייזען, מוזט פלייש עקסטראַקט עסען, קיין וואַסער זאָנדערען ביער טרינקען; איך וועל אייך רעקאָמענדירען אַ גוטען סאָרט ביער. שטריינגט זיך ניט אָן מיט דעם זיין אויף שפּעט ביינאַכט, מאַכט אַ סך בעוועגונג, שלאָפט אַ סך און זעהט, אַז איהר זאָלט ווערען עטוואָס דיקער. מעהר, מיין גנעדיגסטע און שעהנסטע פּאַציענטין, קען איך אייך ניט ראַטען.

זי האָט זיך אויפמערקזאַם צוגעהערט און געזוכט הינטער זיינע ווערטער עטוואָס צו לעזען. זי האָט זיך אָנגעכאַפּט אָן דאָס לעצטע וואָרט:

— יאָ, איך בין געוואָרען מאָגער. איך בין אַ געוויסע צייט געווען צו דיק און עס קען זיין עס האָט מיר פערשאַדעט, וואָס איך האָב געזוכט מאָגערער צו ווערען.

— אָהן צווייפעל! ווען מען איז מאָגער מאַכט ניט אויס, אַז מען בלייבט אַזוי, אָבער קינסטליך מאָגער ווערען טויג ניט, מען מאַכט זיך אימער אָן עפּעס אָן אַנדער צרה. נו, איהר וועט אָבער שנעל קומען צו זיך... אַדיע, פרוי גרעפין!

זי האָט זיך גלייך דערפיהלט בעסער, פרישער און האָט נאָך צו פריהשטיק געלאָזט ברענגען די בעשטימטע ביער פון דעם הויפּט געשעפט אום ער זאָל זיין פרישער.

זי האָט געהאַט נור וואָס אָבגעגעסען, ווען בערטין איז אריין:

— אָט בין איך ווידער, אימער ווידער. איך וויל אייך עפּעס פרעגען. האָט איהר עטוואָס פאָר?

— ניין, גאָרנישט.

— און אננעלע?

— אויך נישט.

— קענט איהר אום פיער אוהר קומען צו מיר?

— יאָ, אָבער וואָרום?

— איך האַלט אין ארבייטען מיין בילד „טרוימעריי". איך האָב אייך שוין דערפון דערצעהלט, און איך האָב געפרעגט אויב אייער טאָכטער וואָלט געקענט אַ פּאָר מאָל זיצען פאָר מיר. עס וואָלט מיר געווען זעהר אנגענעהם, ווען איך זאָל זי קענען היינט האָבען אויף אַ שטונדע. האָט איהר עטוואָס געגען דעם?

די גרעפין האָט אַ וויילע געטראַכט. עס איז איהר געווען אונאַנגענעהם, הגם זי האָט ניט געוואוסט פאַרוואָס און זי האָט געענטפערט:

— גוט, מיר וועלן אום פיער זיין ביי אייך.

— אַ דאַנק. איהר זייט די גוטסקייט אַליין.

און ער איז אַוועק אום די לייוועַנד צו צוגרייטען און זיך אין זיין בילד צו פערטיעפען, אום דאָס מאָדעל ניט צו פיעל צו ער־מיעדען.

דאַן איז די גרעפין אַליין אַוועק צופוס, בעזאָרגונגען צו מאַכען. מיט לאַנגזאַמע טריט איז זי געגאַנגען איבער דעם בולוואַר מאַלעס הערבעס, זי האָט זיך געפיהלט מיעד און מאַט. ווען זי איז פאַר דער קירכע פון סיינט אויגוסטין פאַרבייגעגאַנ־גען, האָט זיך איהר פערוואָלט דאָרט אַריינגעהן און זיך אויס־רוהען. זי האָט געעפענט די טיר, טיעף אָבגעאָטהעמט, איינגע־צויגען אין זיך די קיהלע לופט פונ'ם גרויסען רוים, און דאַן גע־נומען אַ שטוהל און זיך געזעצט.

זי איז געווען פרום, אין אַ געוויסער אַרט, ווי עס זיינען פיעלע פּאַריזערינען. זי האָט געגלויבט אין גאָט, דען זי האָט גע־דענקט, אַז די וועלט האָט ניט געקענט זיין אָהן אַ שעפּפער. אָבער אַזוי ווי זיי האָבען אַלע געטהאָן, אַזוי האָט אויך זי צוזאַמענ־געמישט די געטליכקייט מיט דער נאַטור; זי האָט פערזאָניפיצירט גאָט מיט זיין שעפּפונג און האָט זיך ניט געגעבען די מיה אַ טראַכט צו טהאָן ווי גאָט זעהט אין דער ווירקליכקייט אויס.

זי האָט פעסט געגלויבט אין גאָט, האָט איהם פערעהרט אין דער טהעאָריע און געהאַט עפּעס פאַר איהם אַן אונבעשטימטע מורא, דען זי האָט גאָרנישט געוואוסט פון זיין נערעכטיגקייט, זיינע ווינשע, זיין ווילען. צו די פּריסטער האָט זי געהאַט זעהר ווייניג צוטרויען און זיי אין אַלגעמיין באַטראַכט אַלס פּויערשע זיהן, וועלכע זוכען אין דער קירכע די בעפּרייאונג פון מיליטער דיענסט. איהר פאָטער, אַ בירגערליכער פּאַריזער האָט איהר קיין באַשטימטע פרומקייט ניט פאַרגעשריבען און ביז וואַנען זי האָט ניט חתונה געהאַט, איז זי טאַקי ניט געווען בעזונדערס פרום. ערשט

שפּעטער, מיט איהר נייער שטעלונג, האָט זי זיך גענומען פער־האַלטען צו דער קירכע גאָר אַנדערש.

זי איז געוואָרען די פאָרשטעהערין פון פיעלע גוט בעקאַנטע קינדער־אַנשטאַלטען, האָט ניט פאַרפעהלט אַ זונטאָג צו אַ מעססע, געגעבען צדקה אַליין פאַר זיך און פאַר דער וועלט דורך דער הילפע פונ׳ם אבבע, דעם פּריסטער פון איהר געמיינדע.

ווי דער סאָלדאַט סאַליוטירט פאַר דעם הויז פון זיין גע־נעראַל, אַזוי האָט זי תפילה געטהאָן איינפאַך אויס פליכט און שולדיגקייט. מאַנכעס מאָל אויך, ווייל עס איז איהר געווען טרויעריג אויפ׳ן האַרצען, ווען זי האָט מורא געהאַט, אַז אַליווער ווערט איהר אונטריי. ניט דערצעהלענדיג גאָט דעם גרונד פון איהרע געבעטען, האָט זי איהם אויף אַ נאַאיוועז שטייגער אום הילף געבעטען. פריהער, ביים טויט פון איהר פאָטער און יעצט ערשט ביים טויט פון איהר מוטער, האָט זי שטאַרקע אָנפאַלען פון פרומקייט געקריגען, האָט זיך מיט גליהענדער ליידענשאַפט צו איהם געווענדעט, צו איהם, וועלכער וואַכט איבער אונז און שיקט אונז טרייסט.

און איצט אין דער קירכע, אין וועלכער דער צופאַל האָט איהר אריינגעפיהרט, האָט זי פּלוצים ווידער דערפיהלט אַ שטאַרקע בעדירפניש צו בעטען, ניט פאַר אַן אַנדערען, ניט פאַר קיין גע־וויסע זאַך, זאָנדערען פאַר זיך, פאַר זיך אַליין, אַזוי ווי זי האָט עס אַנומעלט געטהאָן ביים קבר פון איהר מוטער. זי האָט גע־מוזט האָבען הילף פון ווענען עס איז און זי האָט זיך איצט צו גאָט געווענדעט, ווי זי האָט נאָך היינט אין דער פריה זיך צום דאָקטאָר געווענדעט.

אין דער שטילקייט פון דער קירכע, וואו עס האָבען נור ווען ניט ווען אָבגעהילכט טריט, איז זי אַ צייט לאַנג געבליעבען ליגען אויף די קניע. פּלוצים, ווי זי וואָלט ביי זיך אין האַרצען דערהערט אַ זייגער קלינגען, האָט זי ווידער גענומען טראַכטען פון וועלטליכע זאַכען, האָט ארויסגענומען דעם טאַשען־זייגערעל

און א ציטער געטהאָן, ווען זי האָט דערזעהן, אז עס איז שוין באלד פיער אוהר. דאן האָט זי זיך געלאָזט לויפען, אום צו נעהמען איהר טאָכטער, וועמען אליוויער האָט שוין געמוזט ער־ווארטען.

זיי האָבען געפונען דעם קינסטלער בעשעפטיגט דערמיט, וואָס ער האָט אויף דער לייוועגד די שטעלונג פון זיין טרוימענ־דער אנגעוואָרפען. ער האָט געוואָלט גענוי איבערגעבען, וואָס ער האָט דאן געזעהן אין פארק מאָנסעאָן, ווען ער איז מיט אננעלע'ן שפּאציערען געגאנגען. אָן אָרים מיידעל, מיט א בוך אויף די קניע זיצט און טרוימט. ער האָט לאנג ניט געקענט ביי זיך בעשליסען, צו זאָל ער זי שעהן אָדער העסליך מאַכען? העסליך — וואָלט געווען כאראקטעריסטישער, שטארקער, וואָלט מעהר איינדרוק געמאכט, מען וואָלט אויך מעהר זין געקענט דאָרט אריינלייגען. שעהן — וועט דער ערפאָלג זיין גרעסער, זי וועט מעהר געפעלען.

דער וואונש, אז זיין קליינע פריינדין זאָל פאר איהם אלס מאָדעל זיצען, האָט ענטשיעדען די פראגע. די טרוימענדע האָט געמוזט זיין שעהן און אויף אזא אופן האָט זי אין איין שעהנעם טאָג נעקענט פערווירקליכען איהר פּאָעטישען טרוים, ווערענד ווען זי זאָל זיין חעסליך, איז זי געווען האָפנונגסלאָז און וואָלט געקענט אזוי ווייטער טרוימען אָהן אן ענד.

אזוי שנעל ווי ביידע דאמען זיינען אין צימער אריין, האָט אליוויער זיך רייבענדיג די הענד געזאָגט:

— נו, פריילין אננעלע, מיר ווען אלזאָ צוזאמען אר־ביימען!

די גרעפין האָט געשיינט צו האָבען אנגסט. זי האָט זיך געזעצט אין א פאָטעל און צוגעקוקט, ווי אליוויער האָט צוגע־רוקט אן אייזערנעם גאָרטען שטוהל צו דער בעלייכטונג, וואָס ער האָט פאר זיין ארבייט געברויכט. דאן איז ער צוגעגאנגען

צום ביכער שראנק, צו זוכען א בוך און געפרעגט אונענטשלאָסען:
— וואָס קען איך געבען אייער טאָכטער צו לעזען?
— מיין גאָט, וואָס איהר ווילט. גיט א באנד פון וויקטאָר הוגאָ.
— די לעגענדע פון די יאָהרהונדערטע?
— גוט!
דאן האָט ער געזאָגט:
— אָט אזוי, קליינע, איצט זעץ זיך אוועק, נעהם דאָס בוך און עפען אויף דער זייטעל — דער זייטעל 336, דאָרט וועסטו געפינען א געדיכט: „די אָרימע לייט". פערטיעף זיך בים־לעכווייז אין דעם אזוי ווי דו וואָלסט געטרונקען דעם בעסטען וויין, שלינג איין זיך וואָרט פאר וואָרט און לאָז זיך פונ'ם בוך שטאַרק הינרייסען, טיעף בעוועגען. הער זיך צו צו דיין הארצען! דאן פערמאך דעם בוך, הויב אויף אביסעלע דיין בליק, טראכט נאָך און טרוים. בעת דער צייט וועל איך מיין ארבייטס־געצייג צו־רעכט מאכען.
דאן איז ער אוועק אין א ווינקעל אום די פארבען פארצו־בריימען. אָבער ווערענד ער האָט אויף די דינע, הילצערנע ברעטלאך דאָס פארב פון די בלייענע פלעשעלאך ארויסגעדריקט, האָט ער זיך פון צייט צו צייט אומגעדרעהט, דאָס יונגע מיידעל צו בע־טראכטען, וועלכע איז געווען אין גאנצען אריינגעטהאָן אינ'ם לעזען. זיין הארץ האָט געקלאפּט, זיינע פינגער האָבען געצי־טערט, ער האָט ניט געוואוסט וואָס ער טהוט, ווען ער האָט די קליינע הויפעלאך פארב געמישט, אזוי שטארק האָט איהם בע־וועגט די דאָזיגע אויפערשטעהונג, די דאָזיגע ערשיינונג אויף דעם זעלבען פלאץ אין זיין סטודיאָ נאָך צוועלף יאָהר צייט.
איצט האָט זי געענדיגט לעזען און געקוקט פארטראכט פאר זיך. ער איז צוגעקומען נעהנטער און דערזעהן אין איהרע אויגען צוויי העלע טראָפּען בלישטשען, וועלכע האָבען זיך לאנגזאם גע־נומען קייקלען איבער איהרע באקען. ער האָט א ציטער געטאָן,

האָט זיך מעהר ניט געקענט בעהערשען און זיך ווענדענדיג צו דער גרעפין האָט ער אויסגעשעפּטשעט:

— גאָט, ווי שעהן זי איז!

אָבער ער איז געוואָרען אויסער זיך, ווען ער האָט דער גרע־פינ׳ס טויט־בלייכע, פערצעהרטע געזיכט דערזעהן. מיט ווייט אויפגעריסענע אויגען, פון וועלכע דער שרעק האָט ארויסגעקוקט, האָט זי בעטראַכט איהם און איהר טאָכטער. ער איז געוואָרען אונרוהיג און איז צוגעגאַנגען צו איהר:

— וואָס איז מיט אייך?

— איך מוז מיט אייך רעדען.

זי איז אויפגעשטאַנען און געזאָגט שנעל צו אננעלען:

— וואַרט אַ ווייליגקע, מיין קינד. איך מוז דעם הערר בערטין עפּעס זאָגען.

דאַן איז זי שנעל אריין אין דעם צווייטען סאַלאָן, וואו ער האָט אָפט זיינע בעזוכער געלאָזט וואַרטען. ער האָט געפאָלגט נאָך איהר שטאַרק צומישט, דען ער האָט ניט געוואוסט, וואָס זי וויל. אזוי שנעל ווי זיי זיינען געווען אליין, האָט זי אָנגענומען זיינע ביידע הענד און געשטאַמעלט:

— אליוויער, אליוויער, איך בעט אייך, לאָזט איהר ניט מעהר זיצען פאַר אייך.

ער האָט געפליסטערט ערשטוינט:

— אָבער וואָרום?

דאָ האָט זי גענומען רעדען מיט היציגע, איבערגעהאַקטע ווערטער:

— וואָרום? וואָרום? דאָס פרעגט ער! פיהלט איהר דען ניט אליין וואָרום. אַך, איך האָב דאָס געדאַרפט פריהער פאָראויסזעהן! איך האָב עס אָבער ערשט יעצט בעמערקט... איך קען אייך יעצט מעהר נישט זאָגען... גאַרנישט!... ברענגט מיין טאָכטער אהער, זאָגט איהר, אַז איך בין קראַנק, שיקט נאָך

אַ דראָשקע און אין אַ שטונדע אַרום קומט צו אונז און פרעגט אויף מיר. איך וועל זיין אַליין, דאַן וועלען מיר רעדען.

— אָבער וואָס איז מיט אייך?

עס האָט געשיינט, אַז אָט־אָט ברעכט זי אויס אין אַ היס־טעריק:

— לאָזט מיך אָב, דאָ קען איך אייך עס ניט זאָגען. רופט מיין טאָכטער און בעזאָרגט גלייך אַ דראָשקע.

ער האָט געמוזט פאָלגען און איז אַריין צוריק אין אַטעליער. אַננעלע האָט גאַנץ אונשולדיג גענומען ווידער לעזען, נאָך גאַנץ אונטער דעם איינדרוק פון דער פּאָעטישער און ריהרענדער גע־שיכטע, וואָס זי האָט געהאַט נאָר וואָס איבערגעלעזען. אַליוויער האָט געזאָגט צו איהר:

— דיין מוטער איז ניט געזונד; איהר איז געוואָרען ניט גוט, ווען זי איז אין דעם קליינעם סאַלאָן אַריין. געה אַריין צו איהר, איך וועל געהן ברייננגען איטהער.

ער איז אַרויסגעלאָפען און געבראַכט פון שלאָפצימער אַ פלעשעלע.

ער האָט זיי געפונען וויינענדיג איינע אין דער צווייטערס אָרעמס. אַננעלע איז געוועזען ווייך געשטימט צוליעב די „אָרימע לייט" און זי האָט געגאָסען מיט טרעהרען, און די גרעפין האָט זיך גרינגער געמאַכט דאָס האַרץ דערמיט, וואָס זי האָט איהרע וועהטאָגען, איהרע טרעהרען מיט יענעם זיסען שמערץ, מיט יע־נע קינדערשע טרעהרען פון איהר טאָכטער אויסגעמישט. ער האָט געוואַרט אָן אויגענבליק; ער האָט ניט געוואַגט צו ריידען אַ וואָרט, נור געקוקט אויף זיי און אויפ'ן האַרצען איז איהם פלוצים אויך געוואָרען אַזוי אומעדיג, אַזוי שווער.

צום סוף האָט ער געזאָגט:

— נו, פיהלט איהר זיך בעסער?

די גרעפין האָט געענטפערט:

— יאָ, עטוואָס; עס איז ווארשיינליך ניט געפעהרליך. האָט איהר בעשטעלט א קארעטע?

— יאָ, זי וועט באַלד קומען.

— א דאנק, ליעבער פריינד! עס איז ווירקליך ניט געפעהרליך. איך האָב נור זייט א געוויסער צייט צופיעל דורכגעמאַכט.

— די קארעטע איז דאָ! — האָט באַלד נאָכדעם געמעלדעט דער דיענער.

און בערטין, פול מיט געהיימער אונרוהיגקייט, האָט בעגלייט ביז דער הויז־טיר זיין בלייבע און שוואַנקענדע פריינדין, וועמעס האַרץ ער האָט געפיהלט קלאַפּען.

ווען ער איז געבליבען אליין האָט ער ביי זיך געפרעגט: „וואָס איז מיט איהר געווען, וואָס זאָל בעדייטען דער דאָזיגער אַנפאַל?” ער האָט געזוכט דעם גרונד און דאָך ניט געהאַט דעם מוט זיך אליין די זאַך קלאָהר צו מאַכען, הגם ער איז געוועזן גאַנץ נאָהענט צו דער וואַהרהייט. צום סוף איז ער צוגעגאַנגען צו דער פראַגע גאַנץ נאָהנט און זיך געזאָגט: „מיינט זי ניט אפשר, אז איך ווייז ארויס צופיעל אויפמערקזאַמקייט צו איהר טאָכטער? ניין, דאָס וואָלט געווען צו נאַריש!” און ווערענד ער האָט אין זיינע געדאַנקען בעקעמפּפט די דאָזיגע מעגליכע ערקלעהרונג מיט גאַנץ קלוגע און אויפריכטיג געמיינטע גרינדע, איז ער געוועזן שטאַרק אויפגעבראַכט, וואָס זי האָט זיין נאַטירליכע, כמעט פאָטערליכע צונייגונג צו דער יונגער מיידעל, געקענט כאָטש אויף איין מאָמענט אַזוי שלעכט אויסטייטשען. ביסלאַכווייז איז ער זעהר אין כעס געוואָרען אויף דער גרעפין. ער האָט ניט געוואָלט ליידען פון איהר, אז זי זאָל אויסטראַכטען פון איהם אזא העסליכע זאַך, אזא שווייגעריי וואָס האָט גאָר קיין נאָמען ניט. און ער האָט זיך פאָרגענומען, ווען ער וועט זי שפּעטער זעהן, איהר זיין מיינונג אָפּען, אָהן אלע קונצען ארויסצוזאָגען.

ער איז באלד אוועק צו איהר, דען ער איז געווען אונגע־דולדיג און געוואָלט וואָס גיכער די ערקלעהרונג ארויסרופען. בעת'ן גאנצען וועג האָט ער מיט שטייגענדער אויפרעגונג זיך אויסגעארבייט א גאנצע קייט פון ווערטער און גרינדע, מיט וועלכע ער וועט זיך געגען אזא פערדאכט פערטהיידיגען.

ער האָט זי געפונען ליגענדיג אויפ'ן זאָפע מיט א ליידענדען אויסדרוק אויפ'ן פנים.

ער האָט געזאָגט טרוקען:

— יעצט, ליעבע פריינדין, ערקלעהרט מיר, איך בעט אייך, וואָס בעדייטעט די סצענע, וואָס איהר האָט פריהער געמאכט?

זי האָט געענטפערט מיט א געבראָכענער שטימע:

— איהר האָט עס נאָך אלץ ניט פערשטאנען?

— ניין. געוויס ניט!

— דאן, אליווייער, פרעגט אייער אייגען הארץ.

— מיין הארץ?

— יא, דרינגט אריין אין דער טיעפעניש פון אייער הארצען.

— איך פערשטעה אייך ניט, איהר מוזט זיך דייטליכער ערקלעהרען.

— טהוט א קוק אין דער טיעפעניש פון אייער הארצען און זעהט צו געפינט זיך דאָרטען ניט א געפאהר פאר אייך און פאר מיר.

— איך זאָג אייך נאָך אמאָל, איך פערשטעה אייך ניט. איך שטוים זיך אָן, אז אין אייער פאנטאזיע שפינט זיך עפּעס, אָבער מיין געוויסען איז ריין.

— איך רייד ניט פון אייער געוויסען, איך רייד פון אייער הארץ.

— איך פערשטעה ניט קיין רעטענישען, איך בעט אייך, ערקלעהרט מיר דייטליך וואָס איהר מיינט.

דאן האָט זי אָנגענומען דעם מאהלער'ס ביידע הענד, זיי

פעסט געדריקט און געזאָגט אזוי ווי יעדעס וואָרט וואָלט איהר די נשמה צוריסען:

— היט זיך, מיין פריינד, איהר פערליעבט זיך אין מיין טאָכטער!

ער האָט האסטיג ארויסגעצויגען זיינע הענד פון איהרע און מיט דער היציגקייט פון א אונשולדיגען זיך גענומען פערטהייי־דיגען געגען אזא העסליכען פערדאכט, דערביי האָט ער זיך פון זיין זייט אויף איהר בעקלאָגט, פאר וואָס זי קען אזא זאך פון איהם דענקען.

זי האָט איהם א צייט לאנג געלאָזט רעדען. זי האָט איהם נים געגלויבט, זי איז געווען זיכער אין איהר זאך און האָט גע־האלטען אין איין טענה׳ן:

— אָבער איך פערדעכטיג אייך גאָר ניט, ליעבער פריינד. איהר ווייסט אליין ניט, וואָס אין אייך געהט פאָר, ווי איך האָב עס נישט געוואוסט ביז היינט אין דער פריה. איהר רעדט אין אזא טאָן, ווי איך וואָלט אייך פאָרגעוואָרפען, אז איהר ווילט אנגעלע׳ן פערפיהרען! ניין, ניין, ניין! איך ווייס דאָך ווי אנשטענדיג איהר זייט, ווי מען קען אייך פערטרויען, בלינד פערטרויען. איך בעט אייך נור איינס, פרעגט אייער הארץ, אייערע נערוועז, אויב די צונייגונג, וועלכע וואקסט אין אייער הארצען אָהן אייער וויסען און ווילען, איז נישט עטוואָס אנדע־רעס, ווי איינפאכע פריינדשאפט.

ער האָט זיך געבייזערט, איז געוואָרען אלץ מעהר און מעהר אויפגערעגט און גע׳טענה׳ט, אז ער איז אונשולדיג, ווי ער האָט עס געטהאָן אויפ׳ן וועג פאר זיך אליין, בעת ער איז צו איהר גע־גאנגען.

זי האָט געווארט ביז ער האָט אָבגערעדט. דאן האָט זי א טויט־בלייכע אויסגעשעפטשעט אָהן צאָרן אָבער מיט פעסטער איבערצייגונג אין קול:

— אליוויער, איך ווייס אלעס, וואָס איהר זאָגט מיר, און

איך דענק פּונקט אַזוי ווי איהר; אָבער איך האָב קיין טעות ניט, בעשטימט ניט. הערט אויס, דענקט אַביסעל נאָך, בעגרייפט, איבערלעגט: מיין טאָכטער איז שטאַרק עהנליך צו מיר, זי זעהט, אונגליקליכערווייזע, אויס, פּונקט אַזוי, ווי איך האָב אויס־געזעהן אַמאָל, אינ'ם אָנפאַנג פון אונזער ליעבע. איהר מוזט זיך אין איהר פערליעבען!

— אַלזאָ, איהר וואָגט מיר צו זאָגען עטוואָס אַזוינס גלייך אין פּנים אריין — האָט ער אויסגערופען — בלויז אויף דעם גרונד פון דער לעכערליכער טענה: מיין טאָכטער איז עהנליך צו מיר, ער האָט מיך ליעב — וועט ער מיין טאָכטער אויך ליעבען.

אָבער אַזוי ווי ער האָט געזעהן, אַז דער אויסדרוק אויף דער גרעפינ'ס פּנים ווערט אַלץ מעהר און מעהר פערצווייפעלט, האָט ער פאַרטגעזעצט שוין אין אַ ווייכערען טאָן:

— אָבער ליעבע אננאַ, די קליינע געפעלט מיר דאָך נור דערפאַר, ווייל איך געפין אייך אין איהר צוריק. ווען איך קוק זי אָן, ליעב איך אייך, אייך אַליין!

— יאָ, דערפון לייד איך דאָך טאַקע אַזוי שטאַרק, דערפאַר האָב איך דאָך אַזוי מורא! איהר ווייסט נאָך דערווייל אַליין ניט וואָס איהר פיהלט, אָבער באַלד וועט עס אייך קלאָהר ווערען.

— אננאַ, דאָס איז אַ משוגעת, רעדט ניט אַזוי!

— זאָל איך דאָס אייך בעווייזען?

— יאָ.

— איהר זייט ניט געווען אין ראָנסיערעס זייט דריי יאָהר, טראָץ דעם וואָס איך האָב אייך געבעטען, גערופען; יעצט אָבער ווען מען האָט אייך געמאַכט אַ פאָרשלאַג אונז אָבצונעהמען, זייט איהר געקומען גלייך, אויפ'ן שטעל!

— דאָס איז נאָך בעסער! איצט וואַרפט איהר מיר פאָר, פאַר וואָס איך האָב אייך דאָרט ניט געלאָזען אַליין, ווען איך האָב געוואוסט, אַז איהר זייט קראַנק געוואָרען נאָך דער מו־טער'ס טויט.

— גוט, לאָמיר דאָס צוגעבען! אָבער איצט הערט. איהר האָט אזא בעדירפעניש אננעלען צו זעהן, אז איהר האָט אפילו איין טאָג נים געקענט איבערוואַרטען און איהר האָט מיך געבעטען מיט איהר צו אייך צו קומען, אונטער דעם תירוץ, אז איהר ווילט זי מאָהלען.

— און איהר קענט גאָר נישט אָננעהמען, אז דאָס האָב איך אייך געוואָלט זעהן?

— דערמיט ווידערשפּרעכט איהר זיך אליין! איהר ווילט זיך אליין איינריידען, אָבער איך זעה אלעס קלאָהר. הערט ווייטער. פאַרוואָס זיים איהר פאַרגעסטערן, אין אבענד, ווען דער מאַרקיז פאַראַנדאַל איז געקומען, אזוי פּלוצים אנטלאָפען? קענט איהר עס מיר זאָגען? ווייסט איהר פאַר וואָס?

ער איז געבליבען שטעהן א ווײַלע, זעהר ערשטוינט, בעאונרוהיגט און צומישט. די דאָזיגע פראַגע האָט איהם אין גאַנצען פון זיך ארויסגעבראַכט, דאַן האָט ער געענטפערט לאַנגזאַם:

— יא, איך ווייס ניט... איך ווייס טאַקע ניט... איך בין געוועזן מיעד, און דאַן, אָפען גערעדט, מאַכט מיך דיעזער נאַרישער יונג נערוועז.

— זייט ווען?

— פון שטענדיג אָן.

— ענטשולדיגט מיר, פריהער האָט איהר געהאַט א גוטע מיינונג פון איהם, פריהער איז ער אייך געפעלען. אָליוויער, זייט גאַנץ עהרליך!

ער האָט געטראַכט א ווײַלע און געענטפערט זוכענדיג די ווערטער:

— יא, עס איז מעגליך, אז די גרויסע ליעבע, וואָס איך פיהל צו אייך, האָט מיין מיינונג איבער דעם נול עטוואָס בעאיינפלוסט. אלעס וואָס געהערט צו אייך איז מיר ליעב און טהייער און ווען איך זעה דעם דאָזיגען נול ערגעץ אנדערש וואו, איז

ער מיר גאנץ גלייכגילטיג, אָבער ווען איך טרעף איהם טאָג טעג־ליך ביי איך, איז ער מיר איינפאך אונאנגענעהם.

— מיין טאָכטער׳ס הויז וועט דאָך ניט זיין מיין הויז. אָבער גענוג דערפון. איך וויים, אז אייער הארץ איז עהרליך און טריי; איך וויים, אז איהר וועט נאָכדענקען וועגען דעם, וואס איך האָב אייך איצט געזאָגט, און ווען איהר האָט איינמאָל נאָכגע־דענקט, וועט איהר איינזעהן, אז איך האָב אייך אויפמערקזאם געמאכט אויף א גרויסע געפאהר אין א צייט, ווען עס איז נאָך מעגליך די געפאהר צו פערמיידען. איהר וועט זיך דאן נעהמען אין אכט. און איצט לאָמיר ריידען וועגען אנדערע זאכען.

ער האָט גאָר נישט געענטפערט. ער האָט זיך געפיהלט אונ־אנגענעהם און אליין ניט געוואוסט, וואס אייגענטליך אין איהם געהט פאָר. עס האָט זיך איהם פארוואָלט בלייבען מיט זיך אליין, אריינטראכטען זיך אין דעם אייגענעם איך און קלאָהר ווערען וואס עס טהוט זיך מיט איהם און ער איז אוועק אין איי־ניגע מינוטען ארום נאָכדעם ווי זיי האָבען א ווײלע גערעדט אי־בער גלייכגילטיגע זאכען.

## IV

אַליוויער איז געגאַנגען מיט קורצע טריט אַהיים, צומישט און צוטראָגען, ווי ער וואָלט ערפאַהרען עפּעס אַ העסליכען פאַמי־ליען־געהיימניס. ער האָט אונטערזוכט זיין הארץ, פּרובירט לע־זען יענע פערבאָרגענע בלעטער פון זיין אייגענער נשמה, וועל־כע זעהען אויס ווי צוגעקלעפּט איינס צום אַנדערען און וועל־כע אַ פרעמדע האַנד קען נור מאַנכעס מאָל איבערקעהרען, צוריי־סענדיג זיי. ער אַליין האָט אין דער אמת'ן טאַקע ניט געגלויבט, אַז ער ליעבט אַננעלען. די גרעפין, וועמעס אייפערזוכט האָט קיין מאָל ניט גערוהט, האָט פון וויטען די געפאַהר ענטדעקט און איהם אויף דעם אויפמערקזאַם געמאַכט, נאָך איידער עטוואַס האָט פּאַסירט. אָבער איז די דאָזיגע געפאַהר ווירקליך מעגליך געוועזען? האָט זי געקענט קומען מאָרגען אדער אין אַ מאָנאַט אַרום? ער האָט געזוכט ביי זיך אַליין אַן ענטפער אויף דעם.

געוויס האָט די קליינע אַננעלע ארויסגערופען אין איהם אַ געוויסע צערטליכקייט. אָבער אין דעם מענשען זיינען פאַראַן אַזוי פיעל פערשיעדענע פערלאַנגען און אינסטינקטען, אַז מען דאַרף קענען אָבטהיילען די אונשולדיגע, די ריינע פון די אונריינע, די טירישע. אָט האָט ער, צום ביישפּיעל, ליעב חיות, איבערהויפּט קעץ, און ער קען ניט קוקען אויף זייער גלאַטער, ווייכער פעלכעל, אַז עס זאָל זיך אין איהם ניט ערוועקען אַ פערלאַנג זייערע אויס־געבויגענע רוקענס אַ גלעט צו טהאָן און זייער ווייכע פעל צו קו־שען. אין דעם אינטערעס, וואָס דאָס יונגע מיידעל האָט אין

איהם אַרויסגערופען איז אויך געלעגען עטוואָס פון יענע אונבע־וואוסטע, אונשולדיגע פערלאַנגען.

זיין קינסטלער אויג און זיין בליק אַלס מאַן זיינען צוגעצויגען געוואָרען דורך איהר פרישקייט, דורך איהר בליהענדער יוגענד, דורך די ערוואַכונג אין איהר. און זיין האַרץ אין וועלכער אַלע עראינערונגען פון זיינע אַמאָליגע בעציהונגען צו דער גרעפין האָבען ווידער אויפגעלעבט, האָט אין דער אויסערגעוועהנליכער עהנליכקייט פון אננעלען צו איהר מוטער געפונען אַן אָבקלאַנג פון זיינע אַמאָליגע געפיהלען, פון קעמפּפען, פון פערלאַנגען, וועלכע האָבען זייט דער ערשטער צייט פון זייער ליעבע אין איהם געדרימעלט. עס איז מעגליך, אַז זיין האַרץ האָט שטאַרקער געקלאַפּט ביי דעם געדאַנק וועגען אַ ווידער־אויפלעבונג פון זיין ליעבע, פון זיך אַליין.

יאָ, דאָס איז עס הפנים געוועזען, דער געדאַנק האָט איהם אויפגערעגט. ער האָט זיך געפיהלט ערוואַכט, נאָכדעם ווי ער האָט יאָהרען לאַנג געדרימעלט. ווען ער וואָלט ווירקליך, אַליין ניט ווי־סענדיג, די קליינע ליעב געהאַט, וואָלט ער אין איהר געגענוואַרט זיך געפיהלט ווידער יונג, פריש, לעבעדיג, גאָר אַ נייער מענש ביי וועמען די ליידענשאַפט האָט דאָס בלוט אָנגעצונדען. אָבער ניין, דאָס קינד האָט נור דאָס פערלאָשענע פייער ווידער אויפגעבלאָזען, דען ער האָט נאָך אַלץ געליעבט די מוטער, איצט פילייכט נאָך מעהר צוליעב דעם וואָס איהר טאָכטער האָט איהם אויף איהר יוגענד דערמאָנט. צום סוף האָט ער זיך בערוהיגט מיט דעם פאָלגענדען סאָפיסטישען געדאַנק: מען ליעבט נור איין מאָל. דאָס האַרץ קען אָפט אויפפלאַמען, ווען מען טרעפט אַן אַנדער וועזען, וואָרים יעדער איינער מאַכט אויף אַ צווייטען אַן אַנציהענדע אָדער אָבשטויסענדע ווירקונג. אָט די אַלע ווירקונגען רופען אַרויס די פריינדשאַפט, דעם באַגעהר, דעם וואונש צו בע־זיצען, די ליידענשאַפט, וועלכע פלאַמט אויף און ווערט שנעל ווי־דער פאַרלאָשען, אָבער ניט די אמת'ע ליעבע. אום די ליעבע זאָל

ארויסקומען, מוזען צוויי מענשען איינער פאר'ן צווייטען נעבאַרען ווערען, מוזען האָבען אזוי פיעל געמיינזאמע שטריכען, א גלייכען געשמאק, פערוואנדשאפט אין כאראקטער, אין גייסט, אין לעבען און שטרעבען. און וואָס מיר ליעבען איז אייגענטליך ניט אזוי פיעל פרוי עקס, אדער הערר צ., זאָנדערען עס איז א פרוי אָדער א מאן, א וועזען אָהן א נאָמען פון דער גרויסער מוטער נאטור בע־שאפען מיט אָרגאנען, א געשטאלט, א הארץ, א גייסט, א וועזען, וואָס ציהט צו זיך ווי א מאגנעט אונזערע אָרגאנען, אונזערע אויגען, אונזערע ליפען, אונזערע געדאנקען און אלע אונזערע זינ־ליכע און גייסטיגע באגעהרען. מיר ליעבען א געוויסען טיפ, דאס הייסט אין איין איינציגען מענשען די פערקערפערונג פון אלע מענשליכע אייגענשאפטען, וועלכע קענען אונז אייבציגוויין בע־צויבערען ביי דער אָדער יענער פערזאָן.

פאר איהם איז די גרעפין גיללעראי געווען אזא מין טיפ, און די דויערהאפטינקייט פון זייער פערהעלטנים, וועלכע איז איהם קיינמאל ניט מיאוס געווארען, האָט עס איהם בעוויזען אויף קלאָהר. און אזוי ווי אננעלע האָט אויסגעזעהן פונקט אזוי ווי די גרעפין האָט אמאל אויסגעזעהן, איז דאָך ניט געווען קיין וואונדער, וואס זיין מענער הארץ איז אביסעלע צומישט געוואָרען, אָבער ניט בערוישט אָדער געפאנגען געווארען. ער האָט א פרוי גע־ליעבט. אן אנדער פרוי, כמעט דיזעלבע ווי די ערשטע, איז פון איהר נעבאָרען געווארען. ער האָט זיך דאָך ניט געקענט העל־פען, ווען א קליינער טהייל פון דער ליעבע און צונייגונג, וואס ער האָט אמאל געפיהלט צו דער ערשטער איז אריבער צו דער צווייטער. אין דעם איז ניט געלעגען קיין שום בייזעס און קיין נעפאהר. נור זיין בליק, זיין גערעכעניש האָבען אנטהייל גענומען אין דיעזען אויפגעלעבטען געפיהל. אבער זיין נאטירליכער אינ־סטינקט איז ניט אראָב פונ'ם גלייכען וועג, דען ער האָט נאָך קיין מאָל אויף קיין איין מינוט ניט געהאט צו דער יונגער מיי־דעל דעם מינדעסטען זינליכען באגעהר.

און דאָך האָט איהם די גרעפין אויפגעוואָרפען, אַז ער איז אייפערזיכטיג אויף דעם מארקיז! איז דאָס אמת? ער האָט זיך נאָך אַמאָל אויסגעפּרובט און איינגעזעהן, אַז ער איז ווירקליך געווען אביסעלע אייפערזיכטיג. אָבער איז עס דען געווען אַזאַ וואונדער? איז מען דען ניט יעדען אויגענבליק אייפערזיכטיג אויף וועלכען ניט איז מאַן, וועלכער איז פריינדליך צו אַ פרוי? פיהלט מען דען ניט אין גאַס, אין רעסטאָראַן, אין טעאַטער אַ קליינע פיינדליכע אויפרעגונג צו אַ מאַן, וועלכער געהט פאַרביי אָדער נעהט אריין מיט אַ שעהן מיידעל? יעדערער, וואָס בעזיצט אַ פרוי איז אַ קאָנקורענט. אַ מאַן, וואָס האָט ערוייכט זיין ציעל איז אַ זיעגער, וועמען די אַנדערע מענער זיינען מקנא.

און דאָך איז אין זיין נשמה פערבליבען אַ ביטערקייט, אַ אונצופריעדענהייט צו זיך אַליין און צו דער גרעפין. וועלכע זייערע בעציהונגען דורך דעם פערדאַכט, וועלכען ער האָט געפיהלט וואָך אין איהר, ניט געשטערט ווערען?

איצט האָט ער געמוזט מיט פיינליכער אויפמערקזאַמקייט אַכטונג געבען אויף זיין יעדען וואָרט, יעדען בליק, יעדע טהאַט, יעדע קלייניגקייט אין דער בענעהמונג מיט דער יונגער מיידעל, דען אַלעס וואָס ער האָט געזאָגט און געטהאָן האָט דער מוטער'ס פערדאַכט געקענט פערמעהרען. אהיים האָט ער זיך אומגעקעהרט אין אַ שלעכטען מוט און גענומען רויכערען סיגאַרעטלאָך מיט דער נערוועזיטעט פון אַן אויפגערעגטען מענשען. אומזיסט האָט ער פּרובירט צו אַרבייטען. זיין האַנד, זיין אויג, זיין גייסט האָבען זיך עפּעס אַזוי ווי אָבגעוועהנט פון מאָהלען, עפּעס אַזוי ווי זיי וואָלטען עס פערגעסען, ווי זיי וואָלטען קיינמאָל זיין קונסט ניט געקענט, ניט געאיבט. ער האָט ארויסגענומען אַ קליין אָנגעהויבען בילד אום עס צו ענדיגען. — אַ ראָג גאַס אויף וועלכער אַ בלינדער בעטלער האָט געזונגען — און מיט אַזאַ גלייכגילטיגקייט, מיט אַזאַ אונפעהיגקייט ווייטער צו אַרבייטען האָט ער אויף זיין ווערק געקוקט, אַז ער איז געבליבען זיצען שטאַר און צושטרייט מיט

דעם פענזעל אין האנד און אין גאנצען פארגעסען, וואס ער האָט געוואלט טהאָן.

דאן איז ער פלוצים געווארען אונגעדולדיג, די צייט האָט זיך געשלעפט לאנגזאם, די מינוטען האָבען זיך געצויגען אונערטרעגליך לאנג. וואָס זאָל ער אָנהויבען צו טהאָן ביז דער צייט פון עסען אין קלוב, וואו זאָל ער זיך אהין טהאָן אזוי לאנג ווי ער קען ניט ארבייטען? דער געדאנק אליין צו געהן אין שטאָדט האָט איהם מיעד געמאכט. עס האָט איהם אָבגעעקעלט פון די טראָטוארען, פון די פארביינגעהער, די וועגענס און קראָמען, און די אידעע צו מאכען וויזיטען, צו טרעפען זיך מיט מענשען האָט ביי איהם ארויסגערופען עפעס א מין האס צו אלע זיינע בעקאַנטע.

וואָס זאָל ער פאָרט טהאָן? זאָל ער ארומלויפען אין זיין אָטעליער היין און צוריק און אימער אויפ'ן זייגער קוקען, וועמעס ווייזער וועט זיך אויף א פּאָר מאָמענטען ווייטער רוקען? אך, ער האָט גוט געקענט די דאָזיגע וואנדערונג פון טיר ביז צום שראנק, אויף וועלכען עס זיינען געשטאנען טויזענדערליי קליינינקייטען. אין די צייטען, ווען ער האָט לייכט געארבייט, ווען ער האָט זיך צואווארימט, ווען זיין גייסט האָט פליענעל בעקומען און ער האָט זיך אלס שעפּפער נעפיהלט, איז פאר איהם געוועזען אַן אנגענעהמע ערהאָלונג דורך דעם הויכען, בעלעבטען, פון דער ארבייט אָנגעווארעמטען צימער היין און צוריק צו געהן. אָבער אין די שטונדען, ווען די ארבייט האָט זיך ביי איהם ניט געקלייעט, ווען איהם האָט זיך אויסגעוויזען, אז קיין זאך האָט ניט די ווערטה, מען זאָל זי גאָר אָנהויבען, אין יענע עלענדע שטונדען איז דאָס געוועזען ווי דער איינטאָניגער, מורא'דיגער שפּאציר־גאנג פון א געפאנגענעם אין זיין קעמערל. ווען ער וואָלט כאָטש קענען שלאָפען, נור איין שעה אויף דער זאָפע ליעגען. אָבער ניין, ער וועט דאָך סיי ווי ניט קענען צומאכען מיט אן אויג, ער וועט זיך נור אויפרעגען, ביז ער וועט ציטערען פאר פערצווייפלונג. פון וואנען האָט

זיך פּלוצים צו איהם געקומען די דאָזיגע שוואַרצע שטימונג? ער האָט א טראַכט געטהאָן: „איך מוז איצט זיין זעהר נערוועז, ווען אזא קליינינקייט ברענגט מיך אריין אין אזא שטימונג.”

ער האָט בעשלאָסען צו נעהמען א בוך און עפּעס לעזען. די לעגענדע פון די יאהרהונדערטע איז געבליבען ליעגען אויף דעם גאָרטען־שטול, וואו אננעלע איז געזעסען. ער האָט זי אויפגע־עפּענט, איבערגעלעזען צוויי זייטלאך פערזען און זיי ניט פערשטאַ־נען. ער האָט ניט בעגריפען קיין איין וואָרט, ווי עס וואָלט אין א פרעמדער שפּראַך געשריבען געוועזען. אָבער ער האָט זיך גע־צוואונגען צו לעזען ווייטער, אום זיך צו פערזיכערען, אויב ער איז ווירקליך ניט אים שטאַנד צו פערשטעהן.

„ניין, מיינע געדאַנקען זיינען ניט דערביי,” האָט ער גע־זאָגט צו זיך אליין. באלד אבער האָט ער זיך בערוהיגט, דען איהם איז איינגעפאלען א פּלאַן, ווי אזוי צו פערטרייבען די צוויי שעה, וועלכע זיינען נאָך פארבליבען ביז צום עסען. ער האָט גע־הייסען מאַכען א וואַנע, האָט זיך אויסגעצויגען אין איהר און איז געבליבען דאָרט ליעגען טרוימענדיג, פון דאָס וואַרימע וואַסער בערוהיגט, ביז דער דיענער איז געקומען מיט די וועש און איהם פון זיין דרימעל אויפגעוועקט. דאַן איז ער אוועק אין קלוב, וואו זיינע געוועהנליכע פריינד זיינען שוין געוועזען פערזאַמעלט. ער איז אויפגענומען געוואָרען מיט אָפענע אָרעמס, מיט פריינדליכע בעגריסונגען, ווארום ער האָט זיך שוין עטליכע טעג נאָכאַנאַנד דאָרט ניט געלאָזט זעהן.

— איך קום ערשט צוריק פון קאָנטרי — האָט ער געזאָגט.

אלע העררן, אויסער דעם לאַנדשאַפט־מאַהלער מאַלדראַנט, האָבען געפיהלט א טיעפע פעראַכטונג צו דעם קאָנטרי לעבען. ראַקדיאַנע און לאַנדראַ זיינען אפילו אמאָל אהין געגאַנגען אויף יאגד, אָבער אין פעלד און וואַלד האָט זיי נור פערשאַפט פער־געניגען די פערשיעדענע פויגעל צו שיסען און זיך צוקוקען, ווי פון די קוילען געטראָפענע פאַלען זיי, ווי א בינטעל פעדערן צו

דר'ערד. אויסער דעם דאָזיגען הערבסט אדער ווינטער פערגעניגען האָט די קאָנטרי אין זייערע אויגען אויסגעזעהן שרעקליך. ראָק־דיאַנע פלעגט אימער זאָגען:

— מיר זיינען יונגע מיידלאך ליעבער, ווי יונגע ארבעס.

דער דינער איז געווען, ווי אימער טומעלדיג, געמיטליך, בע־לעבט פון אלערליי דיסקוסיאָנען, אבער קיין אונגעוועהנליכעס איז דערביי ניט געשעהן. בערטין האָט גערעדט פיעל אום זיין שלעכ־טען מוט צו פערטרייבען. מען האָט זיך אמוזירט פון זיינע רייד, אָבער אזוי שנעל ווי ער האָט אויסגעטרונקען זיין קאפע און גע־שפיעלט מיט דעם באַנקיר ליווערדי א פּארטיע ביליארד, איז ער אוועק, האָט זיך גענומען ארומטרייבען איבער דער מאדעליינע ביז צו רוע טאיטבאוט, איז דריי מאָל פארבייגעלאָפען פאר דעם וואדעוויל טעאַטער און זיך ניט געקענט ענטשליסען צי זאָל ער אריינגעהן אדער נעהמען א דראָשקע און פאָהרען אין היפּאָדראָם. דאָן איז איהם איינגעפאלען, ער וועט נאָר געהן אין נייעם צירק און ער איז אוועק. אָהן א שום גרונד, אליין ניט וויסענדיג פאר וואס, האָט ער זיך פּלוצים אומגעקעהרט, און גענומען געהן צום בולוואר מאלעסהערבעס. ווען ער איז צו דער גרעפין'ס הויז צו־געקומען, האָט ער גענומען געהן מיט לאַנגזאמע טריט און גע־טראַכט, זי וועט זיך אודאי וואונדערן, ווען איך זאָל היינט בּיינאַכט ווידער קומען צו איהר. באלד אָבער האָט ער זיך בערוהיגט, ער האָט זיך איבערלייגט, אז עס איז ניט געפעהרליך, וואס איז דאָ אזוינס, אז ער קומט איהר געוואָהר ווערען נאָך אמאָל?

זי איז געווען אליין מיט אננעלען אין קליינעם סאלאָן און האָט נאָך אלץ געארבייט די דעקען פאר אָרימע לייט.

ווען זי האָט איהם גזעהן אריינקומענדיג האָט זי געזאָגט איינפאך:

— אך, דאָס זייט איהר, ליעבער פריינד?

— יא, איך האָב געוואלט נאָך אמאָל א קוק טהאָן וואס איהר מאכט.

— אָה, איך פיהל זיך גאַנץ גוט!

זי האָט אַן אויגענבליק געצעגערט, דאַן האָט זי מיט בעדייטונג צונעלייגט:

— און איהר?

ער האָט נוממוטיג אַ לאַך געטהאָן און געענטפערט:

— אָה, איך פיהל זיך זעהר גוט, זעהר גוט. אייער מורא איז געווען אין גאַנצען אומזיסט.

זי האָט אויפגעהויבען איהרע אויגען, אויפגעהערט צו אַרבייטען און האָט איהם אָנגעקוקט לאַנגזאַם מיט אַ בליק פול געבעט און צווייפעל.

— יאַ, דאָס איז אמת, איך פערזיכער אייך — האָט ער נעזאָגט.

— איז אודאי גוט — האָט זי געענטפערט, שמייכלענדיג עטוואס געצוואונגען.

ער האָט זיך געזעצט און צום ערשטען מאָל איז איהם אין דיעזען הויז געווען ניט אַנגענעהם צו מוט. עפּעס אַ מין סאָרט פאַרגליווערטקייט איז אויף איהם אָנגעפאַלען, נאָך שטאַרקער ווי פריהער, ווען ער איז פאַר דעם לייוואַנד געשטאַנען.

די גרעפין האָט געזאָגט צו איהר טאָכטער:

— דו קענסט פאָרטזעצען, ליעבעס קינד, עס שטערט אונז ניט.

ער האָט געפרעגט:

— וואס האָט זי דען געטהאָן?

— זי האָט פּראַקטיצירט אויף דער פּיאַנאָ אַ פאַנטאַזיע.

אַננעטע איז אויפגעשטאַנען און צוגעגאַנגען צו דער פּיאַנאָ; ער האָט איהר ווי אימער נאָכגעפאָלגט מיט די בליקען און זי איז איהם געפעלען. אָבער דאָ האָט ער דערפיהלט דעם קוק פון איהר מוטער און ער האָט זיך שנעל אויסגעדרעהט און זיך געמאַכט ווי ער וואָלט אין דעם דונקעלען ווינקעל פון צימער אויף עפּעס געקוקט.

די גרעפין האָט פון איהר ארבייטס טישעל אראבגענומען א גאָלדענע פאפיראָסניצע, וועלכע זי האָט אמאָל פון איהם אלס מתנה געקראגען, האָט עס געעפענט און איהם דערלאנגט:

— רויכערט, מיין פריינד, איהר ווייסט, אז איך ליעב עס, ווען מיר זיינען אליין.

ער האָט געפאָלגט, און עס האָבען זיך דערהערט די קלאַנגען פון דער פיאנא. עס איז געווען א שטיק מוזיק פון דער אלטער צייט, לייכט און שעהן, איינס פון יענע שטיקער, וואס מאכען דעם איינדרוק, אז א מילדער פריהלינגס אבענד מיט דעם שיין פון דער פער'חלומ'טער לבנה בעגאסען, האָט דעם קאָמפּאָזיטאָר זיין אידעע פארשאפט.

אָליוויער האָט געפרעגט:

— פון וועמען איז די מוזיק?

די גרעפין האָט געענטפערט:

— פון שומאַן. עס איז ניט זעהר פּאָפּולער, אָבער עס איז רייצענד.

דער פערלאנג אננעלען אָנצוקוקען איז אין איהם געוואקסען און געוואקסען, אבער ער האָט עס נישט געוואגט. ער האָט נור געדארפט זיך אביסעלע א קעהר טהאָן, אום פאר דעם ליכט פון די צוויי פלאַמען, וואס האָבען די נאָטען בעלויכטען, זי צו זעהן. אָבער ער האָט אזוי שטארק געפיהלט דעם פאָרשענדען בליק פון דער גרעפין, אז ער איז געבליבען זיצען אונבעוועגליך, געקוקט פאר זיך, כלומר'שט מיט די וואָלקענס רויך פון זיין סיגארעט בעשעפטיגט.

גרעפין גיללעראָי האָט געפליסטערט:

— האָט איהר מיר ניט עטוואס צו זאגען?

ער האָט געשמייכעלט:

— זייט ניט בייז, איהר ווייסט דאָך, די מוזיק היפּנאָטיזירט מיך, זי פערשלינגט מיינע געדאנקען, נור נאָך איין מאָמענט, דאן וועל איך רעדען.

— הערט אַקאַרשט — האָט זי געזאָגט — איך האָב נע־האַט פאַר אייך עטוואס איינשטודירט, איידער די מאַמע איז גע־שטאָרבען. איהר האָט עס נאָך קיין מאָל ניט געהערט, איך וועל עס אייך שפּעטער, ווען די קליינע וועט ענדיגען, פאַרשפּיעלען. איהר וועט זעהן, ווי מערקווירדיג דאָס קלינגט.

זי האָט ווירקליך געהאַט טאַלענט און אַ פיינעם געפיהל פאַר אַלעם וואס איז אין די טענער געלעגען. דאָס איז זאָגאַר געוועזן איינע פון איהרע שטאַרקסטע צוציהונגסקרעפטען, מיט וועלכע זי האָט אויף דעם מאַהלער שטאַרק געווירקט.

אַזוי שנעל ווי אַננעלע האָט אָבגעשפּיעלט, האָט זיך די גרע־פין אויפגעהויבען, געזעצט ביי דער פּיאַנאָ און אונטער איהרע הענד האָט גענומען קלינגען אַ זעלטענע מעלאָדיע, וועמעס טע־נער האָבען געקלונגען, ווי קלאַגען, זיך בייטענדע, פערשיעדענע קלאַנגען אימער פון איין איינציגען טאָן איבערגעריסען, וועלכער איז נאָכאַנאַנד צוריקגעקומען, האָט אָבגעקלונגען אין מיטען פון דער מעלאָדיע און זי איבערגעריסען, דורכגעשניטען, ווי אַ גע־שריי, אַ דורכדרינגענדער, פערצווייפעלטער אַנגסט געשריי פון אַ פערפאָלגטען.

אָבער אָליוויער האָט געקוקט אויף אַננעלע'ן, וועלכע האָט זיך געזעצט איהם אַנטקעגען, און גאָרנישט געהערט און גאָרנישט פערשטאַנען.

ער האָט אָנגעקוקט דאָס מיידעל אָהן אַ שום געדאַנק און זיך אָנגעזעטיגט מיט איהר אָנבליק, פון וועלכען ער איז געצוואונ־גען געוועזן זיך צו ענטזאָגען, האָט זיך אָנגעטרונקען מיט איהר אָנבליק, ווי מען טרינקט וואסער, ווען מען איז דורשטיג.

פּלוצים האָט די גרעפין געפרעגט:

— איז דאָס ניט שעהן?

ער האָט זיך אַ כאַפּ געטהאָן און אויסגערופען:

— יאָ, וואונדערבאַר! פון וועמען איז עס?

— איהר ווייסט עס ניט?

— ניין.
— וואָס, איהר ווייסטווירקליך ניט?
— ניין, ווירקליך.
— פון שובערט.
ער האָט געזאָגט כּלומרשט מיט אַ טיעפער איבערציינונג:
— דאַן וואונדערט עס מיך ניט, עס איז פּראַכטפאָל! אַך, איך בעט אייך, שפּיעלט עס נאָך אַמאָל!
זי האָט אָנגעהויבען פון דאָס ניי. ער האָט אָבגעקעהרט דעם קאָפּ, ווידער בעטראַכט אַננעלע'ן, האָט אָבער צו גלייכער צייט אויך די מעלאָדיע געהערט אום ביידע זאַכען צו געניסען.
ווען די גרעפין האָט זיך דאַן ווידער אויף איהר פּלאַץ געזעצט, האָט ער איינפאַך אויס נאַטירליכער שלויקייט מעהר ניט געקוקט אויף דעם בלאָנדען פּראָפיל פון דער יונגער מיידעל, וועלכע איז געזעסען אַנטקעגען דער מוטער פון דער אַנדערער זייט פון לאָמפּ און געשטריקט.
אָבער ווען ער האָט אַפילו אויף איהר נישט געקוקט, האָט ער דאָך געפיהלט איהר געגענוואַרט, ווי מען פיהלט די נאָהענטקייט פון אַ וואַרימען אויווען; און דער פערלאַנג צו באַפּען אַ קוק אויף איהר, אַזוי אַז די גרעפין זאָל עס ניט בעמערקען, האָט איהם אַזוי געפּלאָגט, אַז ער האָט זיך געפיהלט ווי אַ שוהל־איינגעל, וועלכער קוקט אין פענסטער אַרויס, אַזוי שנעל ווי דער לעהרער קעהרט נור אָב דעם קאָפּ.
ער איז פריה אוועקגעגאַנגען, וואָרים זיין צונג איז געוועזען פונקט אַזוי פערגליווערט ווי זיין מאַרך און זיין שטענדיגער שוויי־גען האָט ווידער געקענט אויפפאַלען.
אַזוי שנעל ווי ער איז געוועזען אויפ'ן גאַס, האָט ער געקריעגען לוסט זיך דורכצוגעהן, ווייל יעדעס מאָל וואָס ער האָט געהערט מוזיק, האָט עס אַ צייט לאַנג געקלונגען אין זיינע אויערען און איהם געמאַכט צו טרוימען.
ער איז אַוועק לינקס איבער'ן בולוואַר, וואו ער האָט גע־

קענט זעהן די פער׳כשופ׳טע בעלייכטונג פון דעם פּאַרק מאָנסעאָן און איז אַריין אין דער הויפּט אַלעע, וועלכע איז אין איהר גאַנ־צער ליינג בעלויכטען געוועזן מיט עלעקטרישע לאָמפּען. א גאָר־טען־וועכטער איז לאַנגזאַם געגאַנגען הין און צוריק; פון צייט־צו־צייט איז א פערשפּעטיגטע דראָשקע פערבייגעפאָהרען, אויף א באַנק איז געזעסען א מאַן און געלעזען זיין צייטונג פאַר דעם בלויען שיין פון א גרויסער לאַנטערנע, וואָס האָט זיך געפונען אויף א בראָנזענעם מאַסט. אַנדערע לאַנטערנעס האָבען זיך אויפ־געהויבען אין מיטען צווישען די בוימער און האָבען געוואָרפען זייער מעכטיגען שיין אויף די גרינע לאָנקעס און באַלעבט מיט זייער בלייכער ליכטיגקייט דעם גרויסען עפענטליכע גאָרטען.

בערטין איז געגאַנגען איבער׳ן טראָטואַר, די הענד אויפ׳ן רוקען פערלייגט און געטראַכט וועגען זיין שפּאַציערגאַנג מיט אַננעלע׳ן אין דעם אייגענעם פּאַרק, ווען ער האָט די שטימע פון איהר מוטער צום ערשטען מאָל אין איהר דערקענט.

ער האָט זיך אַרונטערגעלאָזען אויף א באַנק, איינגעאָטהעמט דעם פרישען הויך פון דאָס פייכטע גרינס אַרום און זיך דער־פיהלט פול ערוואַרטונג, פול מיט ליעבעס טרוימען. פריהער האָט ער אָפט אַזעלכע אבענדען געהאַט, אבענדען אין וועלכע זיינע גע־דאַנקען האָבען זיך געטראָגען ווייט אַוועק, וואו זיין פאַנטאַזיע האָט איהם געמאָהלען בילדער פון ליעבע, פון ליידענשאַפט, פול מיט פערשיעדענסטע צופאַלען, און ער האָט זיך געפיהלט עפּעס מאָדנע, וואָס יענע געפיהלען, יענע עמפּפינדונגען, וועלכע פּאַסען זיך מעהר ניט צו זיין עלטער, האָבען פּלוצים אין איהם ווידער אויפגעלעבט.

אָבער אַזוי ווי יענער טאָן אין שובערט׳ס מוזיק אַזוי האָט איהם נאָכאַנאַנד ווידער און אָבער געהאַמערט אין קאָפּ דער געדאַנק וועגען אַננעלע׳ן, וועלכע ער האָט געזעהן פאַר זיך, ווי זי בויגט זיך איבער איהר אַרבייט אַריבער ביים שיין פון לאָמפּ, און דער מערקווירדיגער פערדאַכט פון דער גרעפין... ניט ווילענדיג

האָט ער שטענדיג וועגען דעם געטראַכט, געזוכט אין דער טיע־פעניש פון דער מענשליכער נשמה אריינצודרינגען, וואו די גע־פיהלען דרעמלען איידער זיי ערוואַכען. דאָס דאָזיגע שטענדיגע טראַכטען און זוכען האָבען איהם אויפגערעגט און אין זיין נשמה האָבען צאַרטע, זיסע טרוימען ערוואַכט. ער האָט דאָס יונגע מיידעל ניט געקענט מעהר פון זיינע געדאַנקען פערטרייבען. ער האָט געטראָגען איהר בילד אין זיך, ווי ער האָט פריהער, ווען די גרעפין איז ביי איהם געוועזען, דאָס מערקווירדיגע געפיהל איינ־געהאַלטען, עפּעס אזוי ווי זי וואָלט נאָך צווישען די ווענד פון זיין אטעליער פערבליעבען.

פּלוצים האָט ער געזאָגט צו זיך אליין:

— עס איז דאָך געוועזען נאַריש פון אננאַ'ן, וואָס זי האָט מיר געזאָגט, איצט מוז איך נאָכאַנאַנד טראַכטען פון דער קליינער.

ער האָט זיך אומגעקעהרט אהיים אונרוהיג וועגען זיך אליין. ווען ער האָט זיך געלייגט אין בעט, האָט ער געפיהלט, אז ער וועט ניט קענען שלאָפען; א מין פיעבער איז דורך זיינע אָדערען דורכגעלאָפען און ערוואַכטע טרוימען האָבען זיין האַרץ געצופּט. ער האָט מורא געהאַט פאַר שלאָפלאָזיגקייט, יענע שלאָפלאָזיגקייט, וואָס קומט פון גרויס אויפרעגונג און ווירקט אזוי שלעכט אויף די נערוועז און ער האָט געוואָלט פּרובירען עטוואָס לעזען. אָפּט האָט איהם א קורצער ארטיקעל אלס שלאָף־מיטעל געדיענט. ער איז אויפגעשטאַנען, איז אריין אין ביבליאָטהעק, עפּעס א גוטען בוך צו זוכען, אָבער זיינע אויפגערעגטע געדאַנקען האָבען איהם געגען זיין ווילען געפיהרט דערצו, אז ער זאָל נעהמען עפּעס אזוינס וואָס זאָל איהם אויפרעגען און ער האָט געזוכט א שרייבער, וועל־כער זאָל זיך פּאַסען צו זיין אויפגערעגטער שטימונג. באַלזאַק, וועלכען ער האָט געוועהנליך מעהר פון אַלעמען געליעבט, האָט היינט אויף איהם גאָר קיין שליטה ניט געהאַט; הוגאָ האָט איהם אויסגעזעהן שרעקליך; פון לאַמאַרטין, וועלכער האָט איהם אי־מער געריהרט, האָט ער גאָרנישט געוואָלט הערען און זעהן, און

האָט זיך דורשטיג אַ כאַפּ געטהאָן צו מוססעט, דעם דיכטער פון דער יוגענד. ער האָט מיטגענומען אַ באַנד צו זיך אין בעט אריין, אום אין איהם אריינצוקוקען.

אזוי גיך ווי ער איז ווידער געלעגען, האָט ער דורשטיג, ווי אַ שיכור, אין זיך אריינגעצויגען די לייכטע פערזען פון דעם בעגאַבטען דיכטער, וועלכער האָט, ווי אַ פויגעל, נור דעם מאָרגענשטערען פון לעבען בעזונגען און האָט נור געהאַט טענער פאַר דעם פריהען פריה־מאָרגען, אָבער ניט פאַר דעם גרעלען טאָג; די דאָזיגע פערזען פון אַ דיכטער, וועלכער איז געוועזען שיכור פון לעבען און האָט זיין שיכרות אויסגעגאָסען אין ליידענשאַפטליכע און נאַאיווע ליעבעס־ליעדער, ווי אַן עכאָ פון אַלע יונגע פערליעבטע הערצער.

בערטין האָט נאָך קיינמאָל ניט געפיהלט אזוי דעם רייץ פון די דאָזיגע געדיכטע, וועלכע בערוישען די געפיהלען און ריהרען קוים אָן דעם פערשטאַנד. דאָס אויג אויף די גליהענדע פערזען געריכ־טעט, האָט ער זיך ווידער דערפיהלט צוואַנציג יאָהר אַלט און פול האָפנונג און יוגענדליכער בעגייסטערונג, האָט ער כמעט דאָס גאַנ־צע בוך איבערגעלעזען. ווען דער זייגער האָט געשלאָגען דריי, איז ער געוועזען זעהר ערשטוינט, וואָס ער איז נאָך נישט מיער. ער איז אויפגעשטאַנען אום דאָס פענסטער צו שליסען און דאָס בוך אוועק־צולייגען. אָבער ווען אויף איהם האָט אַ וועהע געטהאָן די פרישע נאַכט־לופט, האָט ער דערפיהלט, אין דער גאַנצער לייגג פון רוקען, אַ שאַרפען וועהטאָג; זיינע אַלטע ליידען, וועלכע ער פלעגט אין די בעדער פון איקס אויסקורירען, זיינען צוריקגעקומען ווי עפּעס אָן אָנזאָג, ווי אַ דייטליכער וואונק. ער האָט אוננעדולדיג אַ וואָרף געטהאָן דעם דיכטער און געשעפּטצעט: „אַלטער עזעל!‟ דאַן האָט ער זיך געלייגט צו בעט און אויסגעלאָשען דאָס ליכט.

אויפ'ן צווייטען טאָג איז ער נישט געגאַנגען צו דער גרעפין און האָט זיך שטרענג פאָרגענומען, זי צוויי טעג ניט צו בעזוכען. אָבער וואָס ער האָט ניט פּרובירט טהאָן, ווי אַזוי ער האָט זיך ניט געמאַטערט צו אַרבייטען, ווען ער איז שפּאַציערען געגאַנגען אָדער

זיך פון איין הויז צו אַן אַנדערען געשלעפּט, אומעדום האָט איהם נאָכאַנאַנד פערפאָלגט דאָס בילד פון ביידע פרויען.

אַזוי ווי ער האָט זיך אַליין פערבאָטען זיי צו זעהן, האָט ער זיך לייכטער געמאַכט דערמיט, וואָס ער האָט וועגען זיי געטראַכט, און ער האָט זיינע געדאַנקען געלאָזט פריי צו פאַנטאַזירען און זיין האַרץ זיך זעטיגען מיט דער עראינערונג וועגען זיי. עס האָט אָפּט פּאַסירט, אַז די צוויי פּנים׳ער, וועלכע די איינזאַמקייט האָט איהם אין זיין פאַנטאַזיע געמאָהלען, זיינען געווען אַנדערש ווי אין דער ווירקליכקייט; אָפּט האָבען זיי זיך דערנעהנטערט איינס צום צווייטען, פאַרבייגעשוועבט, זיך אויסגעמישט, פעראייניגט און געוואָרען נור איין פּנים מיט עטוואָס אונבעשטימטע שטריכען, ניט דער מוטער׳ס און ניט אין גאַנצען דער טאָכטער׳ס, אָבער דאָס פּנים פון אַ פרוי, וועלכע ער האָט ביז צו משוגעת געליעבט, אַמאָל, איצט, אימער.

דאַן האָט ער געקריגען געוויסענסביסע, וואָס ער לאָזט זיך אַזוי אריין אין די דאָזיגע געפיהלען, וועמעס געפעהרליכע מאַכט ער האָט גוט געוואוסט. ער האָט פּראָבירט זיך בעפרייען פון די דאָזיגע געדאַנקען, אַראָבוואַרפען פון זיך די זיסע בערוישענדע טרוי־מען, פּראָבירט טראַכטען פון עפּעס אַנדערש, אָבער אומזיסט. אַלע פּראָבען זיך צו צושטרייען האָבען איהם צוריקגעפיהרט צו דעם פּונקט, וואו ער האָט געזעהן פאַר זיך אַ יונג, בלאָנד פּנים, וועלכער האָט זיך עפּעס אַזוי ווי בעהאַלטען, אום איהם צו ערוואַרטען. עס איז געווען אַ אונבעשטימטע, אונפריינדליכע ערשיינונג, וועלכע האָט צו איהם געשוועבט, זיך אַרום איהם געדרעהט, איהם געכאַפּט, טראָץ זיינע אַלע בעמיהונגען פון איהר צו אַנטלויפען.

און ער האָט ביי זיך געפרעגט: — פיהל איך צו אננעלע׳ן מעהר ווי איך דאַרף? — ער האָט אונטערזוכט זיין האַרץ און אויסגעפונען, אַז ער איז שטערבליך פערליעבט אין אַ גאַנץ יונגע פרוי, וועלכע האָט אַלעס פון אננעלע׳ן. איז אָבער דאָך ניט גע־ווען זי, און ער האָט זיך בערוהיגט מיט דעם געדאַנקען: „ניין,

איך ליעב די קליינע ניט, איך בין נור אַן אָפּפער פון איהר עהנ־ליכקייט״.

אָבער די צוויי טעג וואָס ער האָט אין ראנסיערעס פערבראַכט, האָבען זיך איינגעפרעסט אין זיין נשמה, ווי א קוואל פון וואַרימ־קייט, פון גליק, פון בערוישענדער פרייד. די קלענסטע קליינינ־קייטען זיינען איהם איינס נאָכ'ן אַנדערען ווידער אויפ'ן זינען ארויף. דייטליכער, אָנגענעהמער, ווי דעמאָלט, ווען זיי זיינען גע־שעהן. פּלוצים, טראַכטענדיג וועגען יענע גליקליכע מינוטען, האָט ער דערזעהן פאַר זיך דעם וועג, אויף וועלכען זיי זיינען געגאַנגען פון בית־עולם, ווען דאָס יונגע מיידעל האָט געריסען בלומען, און פלוצים האָט ער זיך דערמאָנט, אז ער האָט פערשפּראָכען צו קויפען א קאָרנבלום פון סאַפּירען, אזוי שנעל ווי זיי וועלען קומען צוריק קיין פּאריז.

איצט האָט ער אויפגעגעבען אַלע זיינע פריהערדיגע רעזאָ־לוציאָנען, האָט מעהר געגען זיך ניט געקעמפּפט, גענומען זיין הוט און איז אוועק א גליקליכער, מיט דער פרייד, וואס ער וועט איהר פערשאַפען.

ווען ער איז געקומען צו די גיללעראָים האָט איהם דער ריענער געזאָגט :

— די פרוי גרעפין איז אויסגעגאַנגען, אָבער די יונגע גרעפין איז אין דערהיים.

— זאָגט איהר, אז איך וויל מיט איהר רעדען.

דאַן איז ער מיט ליכטע טריט, גאַנץ שטיל, אין סאַלאָן אריין, עפּעס אזוי ווי ער וואָלט מורא געהאט, אימיצער זאָל איהם הערען.

אַננעלע איז אריין אין א מינוט ארום.

— גוט מאָרגען, טהייערער מייסטער — האָט זי געזאָגט מיט ווירדע.

ער האָט געלאַכט, איהר דערלאַנגט די האַנד און זיך געזעצט נעבען איהר :

— אצינד טרעף אקאַרשט נאָר וואָס איך בין אהער געקומען!

זי האָט געטראַכט אַ פּאָר סעקונדען:

— איך וויים נים.

— אום מיט דיר און דער מאַמאַ צו געהן צום יובעליר, אַז דו זאָלסט זיך קענען אויסקלייבען די קאָרנבלום אוים סאַפּירען, וועלכע איך האָב דיר אין ראַנסיערעס פערשפּראָכען.

דאָס יונגע מיידעל האָט גענומען שטראַהלען פאַר גליק:

— אָך — האָט זי געזאָגט — און גראַדע איצט איז די מאַמאַ נישטאָ אין דערהיים. אָבער זי וועט באַלד קומען. ניט אמת, איהר וועט וואַרטען, ביז זי קומט צוריק?

— אויב עס וועט ניט דויערען צו לאַנג!

— אָה, דאָס איז אָבער העסליך, צו לאַנג, מיט מיר! איהר בעהאַנדעלט מיך נאָך אַלץ ווי אַ קינד.

— ניין — האָט ער געזאָגט — ניט אַזוי ווי דו דענקסט.

ער האָט געפיהלט אַ שטאַרקען פערלאַנג, איהר צו געפעלען, צו זיין גאַלאַנט, גייסטרייך, ווי אין די טעג פון זיין יוגענד. ער האָט געוועדט שעהן און קלוג, געשאָטען מיט ווערטלאַך און שעהנע פראַזען, איז געווען אינטערעסאַנט, ווי אין זיינע בעסטע מאָמענטען, און די קליינע, וועמען זיינע רייד האָבען הינגעריסען, האָט געענט־פערט מיט דער פיינקייט און שטעכעדיגקייט, וועלכע האָבען זיך אין איהר ענטוויקעלט.

ווען ער האָט איינע פון איהרע מיינונגען בעקעמפט, האָט ער פּלוצים געזאָגט:

— אָבער דאָס האָט איהר מיר שוין ניט איין מאָל געזאָגט, און איך האָב אייך געענטפערט...

זי האָט איהם אונטערבראָכען מיט אַ הויכען געלעכטער:

— הערט זיך צו, איצט זאָגט איהר מיר ניט מעהר דו. איצט דענקט איהר, אַז איהר רעדט מיט דער מאַמען!

ער איז רויט געוואָרען, געשוויגען אַ ווייל און דאַן געשטאַ־מעלט:

— יאָ, די מאַמאַ האָט מיר דאָס שוין טויזענד מאָל געזאָגט.

זיין גייסטרייכקייט, זיינע שעהנע רייד זיינען אויסגעשעפּט געוואָרען, ער האָט שוין איצט ניט געוואוסט, וואָס ער האָט געוואָלט זאָגען און פּלוצים איז איהם בעפאַלען אַ מורא, אַן אַנגסט פאַר דער יונגער מיידעל.

— אָט איז די מאַמאַ! — האָט זי געזאָגט.

זי האָט געהערט ווי די טיר פון ערשטען סאַלאָן האָט זיך גע־עפענט, און אַליוויער איז געוואָרען פערלעגען, ווי מען וואָלט איהם ביי עפּעס אַן אונרעכט געכאַפּט. ווען די גרעפין איז אריין, האָט ער איהר ערקלעהרט, ווי ער האָט זיך פּלוצים דערמאָנט אויף זיין פערשפּרעכען און, אַז ער איז געקומען אהער אום זייביידע צו אַ יובעליר נעהמען.

— איך האָב דאָ אַ קאַרעטע — האָט ער געזאָגט — איך וועל זיך זעצען אויפ׳ן פאָדערשטען זיץ.

זיי זיינען אוועקגעפאָהרען און אין אַ פּאָר מינוטען ארום זיינען זיי אריין צו מאָנטאַרא.

אזוי ווי ער האָט זיין גאַנץ לעבען צוגעבראַכט אין פאַרקעהר מיט פרויען, זיי בעאָבאַכטעט, זיי שטודירט און זיי ליעב געהאַט, שטענדיג זיך בעשעפטיגט מיט זייער געשמאַק, זייער אַרט און וויזע, זייערע טואַלעטען, מיט אַלע זייערע געזעלשאַפטליכע פראַגען און די אינטימסטע קליינינגקייטען פון זייער עקזיסטענץ, האָט ער זיך ביסלעכווייז אויך צוגעוואָהנט אין מאַנכע הינזיכטען צו פיהלען אזוי ווי זיי. און אזוי האָט ער אויך, ווען ער איז אין איינעם פון יענע געשעפטען אריינגעקומען, וואו מען האָט רייצענדע, שעהנע ציערונג פערקויפט, געפיהלט כמעט דעם זעלבען פערגעניגען ווי זיי אַליין. אזוי ווי זיי, האָט ער זיך געאינטערעסירט מיט די אַלע קאָקעטע קליינינגקייטען, מיט וועלכע זיי האָבען זיך געפּוצט; פון שעהנע שטאָפען האָבען זיינע אויגען הנאה געהאַט, שפּיצען האָבען איהם צוגעצויגען, זיי אַ טאַפּ צו טהאָן; די אונבעדייטענדסטע קליינינגקייטען פון טואַלעט האָבען צו זיך זיין אויפמערק־

זאמקייט געצווינגען. פאר די שויפענסטער פון די יובעליר גע־שעפטען, האט ער געפיהלט עפעס א מין סארט רעליגיעזען רעס־פעקט, ווי פאר דעם גרעסטען הייליגטום, און דער דונקעלער קאנ־טער, אויף וועלכען דער יובעליר האט די וואונדערבאר בליסטשענ־דיגע שטיינער אהין און אהער געדרעהט, האט ביי איהם ארויסגע־רופען א געוויסע אכטונג.

אזוי שנעל ווי די גרעפין און איהר טאכטער האבען זיך פאר דעם דאזיגען וויכטיגען קאנטער געזעצט, אויף וועלכען זיי האבען ביידע מיט א נאטירליכער בעוועגונג די הענד ארויפגעלייגט, האט ער געזאגט, וואס ער וויל זעהן און מען האט איהם געוויזען א פאר צייכנונגען פון בלומען.

דאן האט מען געבראכט אויסצוקלייבען סאפירען, פון וועלכע פיער זיינען נויטיג געווען. דאס אויסקלייבען האט געדויערט א לאנגע צייט; ביידע פרויען האבען געדרעהט די שטיינער אהער און אהין איבער דעם מיט טוך בעצויגענעם טיש, האבען זיי גע־נומען אין האנד, געלאזען שימערען אין אלע זייטען און זיי בע־טראכט ליידענשאפטליך מיט דער מינע פון מבינים. און אויסגע־קליבען די סאפירען, האט מען זיי אבגעלייגט אן א זייט און גע־נומען זוכען דריי סמאראגדען פאר די בלעטער, און דאן א קליין בריליאנט, וועלכער זאל זיך געפינען אין מיטען, ווי א טראפען טהוי.

אליוויער, וועמען די פרייד צו שענקען פרעזענטען האט שטארק היגעריסען, האט געזאגט צו דער גרעפין:

— פערשאפט מיר דאס פערגעניגען און קלייבט זיך אויס צוויי רינגען.

— איך?

— יא. איינעם פאר אייך און איינעם פאר אנגעלע׳ן. ער־לויבט מיר זיי אייך צו געבען אלס אנדענקען אן די ביידע טעג, וואס מיר האבען פערבראכט אין ראנסיערעס.

זי האט ניט געוואלט, ער האט זיך געבעטען, און עס האט

געפּאָלגט אַ לאַנגער קאָפּ פון ווערטער און גרינגע, צום סוף איז ער ניט אָהן מיהע אַרויס אַלס זיעגער. עס זיינען געבראַכט געוואָרען רינגען, די שעהנסטע אין בעזונדערע קליינינקע קעסטעלאַך, די אַנדערע, אין גרויסע פיערעקיגע קעסטעלאַך, וואו זיי זיינען געלעגען צוזאַמען אויף דעם ווייכען סאַמעט און געפינקעלט אין זייער גאַנצען רייץ. דער מאַהלער האָט זיך געזעצט צווישען ביידע פרויען און אַזוי ווי זיי, האָט ער מיט דעם זעלבען ערנסטען אינטערעס אַרויסגענומען די גאָלדענע רינגען פון די שמאָלע שפּאַלטען, וואו זיי האָבען זיך געפונען, איינעם נאָך דעם אַנדערען. דאַן האָט ער זיי אַוועקגעלעגט פּאַר זיך אויף דעם מיט טוך בעצויגענעם טיש, וואו עס זיינען באַלד אָנגעוואַקסען צוויי גאַנצע הויפענס. איינער פון זיי איז גלייך אין גאַנצען פּאַרוואָרפען געוואָרען און איבער דעם צווייטען האָבען זיי זיך נאָך מיישב געווען.

און אַזוי האָבען זיי אַליין ניט בעמערקט, ווי די צייט איז אַוועק ביי דער דאָזיגער אויסוואַהל פון די ציערונג. עס איז זיי געווען אַזוי אַנגענעהם, אַזוי זיס די דאָזיגע אַרבייט, עס האָט זיי אַזוי פיעל פערגעניגען פערשאַפט, אַזוי זיי צושטרייט, ווי אַ שוי־שפּיעל אין אַ טהעאַטער; נאָך מעהר אָבער האָט עס געווירקט אויף די פרויען, ביי וועמען אַזאַ מין פערגעניגען איז ליעבער ווי אַלעס אויף דער וועלט.

דאַן האָט מען די רינגען פערגליכען, דערביי האָט מען זיך אַרומגעריסען און צום סוף, נאָך אַ לאַנגען ישוב, האָבען די דריי ריכטער זיך געאייניגט אויף אַ קליינע גאָלדענע שלאַנג, וועלכע האָט צווישען איהר שמאָלען פּיסק און דעם פּאַרדרעהטען עק אַ שעהנעם רובין געהאַלטען.

אַליוויער איז אויפגעשטאַנען אַ שטראַהלענדער:

— איך לאָז אייך איבער מיין קאַרעטע — האָט ער געזאָגט — איך האָב נאָך עפּעס צו בעזאָרגען און מוז גלייך אַוועק.

אָבער אַננעלע האָט געבעטען איהר מוטער צו געהן צופוס אַהיים, ווייל דער וועטער איז אַזוי שעהן.

די גרעפין האָט איינגעווויליגט, און נאָכדעם ווי זיי האָבען גע־דאַנקט בערטין׳ען, איז זי אַרוים מיט איהר טאָכטער אין גאַס.

אַ צייט לאַנג זיינען זיי געגאַנגען שווייגענדיג און זיך גע־פרעהט מיט די פּרעזענטען, וואָס זיי האָבען געקריגען. דאַן האָבען זיי גערעדט פון די אַלע טהייערע שטיינער, וועלכע זיי האָבען נור וואָס נעזעהן און אין זייערע הענד געהאַלטען. זייערע געדאַנקען זיינען נאָך פול געווען מיט עפּעס אַ מין בלישטשען און פינקלען און אויפ׳ן האַרצען איז זיי פון דעם אַלעמען געווען לייכט און פרעהלאַך. זיי זיינען געגאַנגען שנעל דורך דעם גרויסען עולם מענ־שען, מיט וועלכען עס איז פול דער טראָטואַר אין אַ זומערדיגען פאַרנאַכט.

מענער האָבען זיך אומגעדרעהט און אָנגעקוקט אַננעלע׳ן, און בעת זיי זיינען פערבייגעגאַנגען האָבען זיי געלאָזט פאַלען אַ פּאָר בעוואונדערענדע ווערטער. עס איז געווען צום ערשטען מאָל, זייט זיי זיינען אין טרויער. זייט די שוואַרצע פאַרב האָט די שטראַה־לענדע שעהנהייט פון איהר טאָכטער שאַרפער אַרויסגעוויזען, וואָס די גרעפין איז מיט איהר אין פּאַריז אויסגעגאַנגען. און דאָס גע־פיהל, אַז אַננעלע מאַכט אין גאַס אויף אַלעמען אַן איינדרוק, אַז זי ציהט אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט פון די מענער, אַז מען שעפּטשעט זיך וועגען איהר, האָט ביסלעכווייז שווער געמאַכט איהר האַרץ און אַרויסגערופען אין איהר שמערצליכע, ביטערע געפיהלען, ווי יענעם אבענד, ווען מען האָט אַננעלע׳ן מיט איהר בילד פער־גליכען. אָהן איהר אייגענעם ווילען האָט זי בעאָבאַכטעט די בלי־קען, מיט וועלכע מען האָט געקוקט אויף אַננעלע׳ן; זי האָט גע־פיהלט, ווי פון וווייטען שטרייפען זיי אויך איהר פּנים און דאַן געהען די בליקען אַריבער אויף דעם בלאָנדען קאָפּ נעבען איהר און בלייבען דאָרטען איינגעגעסען. זי האָט פערשטאַנען און געזעהן אין זייערע אויגען די פּלוצימדיגע און שטומע בעוואונדערונג פאַר דער אויפגעבליהטער שעהנהייט, פאַר דעם גאַנצען רייף פון איהר פרישקייט, און זי האָט געטראַכט: „אַזוי בין איך אויך אַמאָל

געווען, אויב נישט שעהנער". פלוצים האָט זי אַ טראַכט געטהאָן וועגען אַליוויער און אַזוי ווי אין ראַנסיערעס האָט איהר באַ־הערשט אַ שטאַרקער אונווידערשטעהליכער פערלאַנג צו אַנטלויפען.

זי האָט ניט געוואָלט בלייבען מעהר אין דער העלער ליכ־טיגקייט, צווישען דעם עולם מענשען, וואו זי האָט געזעהן די דאָזיגע אַלע מענער, וועלכע האָבען זי איגנאָרירט. די צייט איז געלעגען ווייט הינטער איהר און דאָך נאָך אַזוי נאָהענט, ווען זי האָט גע־זוכט אַ פערגלייך מיט איהר טאָכטער, ווען זי האָט אַלעס געטהאָן, אום אַזאַ פערגלייך ארויסצורופען. ווער אָבער פון די אַלע פער־בייגעהער האָט זיי היינט געקענט פערגלייכען? איין איינציגער האָט אפשר פריהער ביים יובעליר וועגען דעם געטראַכט — ער. אַך, ווי זי האָט געליטען! האָט ער ניט שטענדיג געמוזט מאַכען דעם דאָזיגען פערגלייך? ער האָט דאָך זיי ניט געקענט זעהן צוזאַמען, אָהן דעם, אַז ער זאָל ניט טראַכטען וועגען דעם; אָהן דעם, אַז ער זאָל זיך ניט דערמאָנען אָן דער צייט, ווען זי, אויך אַזאַ פרישע, אַזאַ שעהנע פלעגט קומען צו איהם אין הויז.

— איך פיהל זיך ניט גוט — האָט זי פּלוצים געזאָגט — לאָמיר נעהמען אַ דראָשקע, מיין קינד.

אננעלע האָט געפרעגט צושראָקען:

— וואָס איז דיר, מאַמאַ?

— אָט, גאָרנישט. דו ווייסט דאָך, זייט די באַבע איז גע־שטאָרבען, קריעג איך אָפט אַזעלכע אָנפעלע.

# V

פיקסע אידעען, איינרערענישען, עסען זיך איין אין א מענשען און זויגען איהם אויס ווי אונהיילבארע קראנקהייטען. האבען זיי זיך איין מאל אין א קאפ ארייגעכאפט, צושטערען זיי איהם, לאזען איהם אויף קיין איין מינוט ניט אב, לאזען איהם ניט דענקען וועגען קיין אנדער זאך, זיך אינטערעסירען מיט עפעס אנדערעס, געפינען פערגעניגען אין אירגענד וואס. וואו די גרעפין האט זיך ניט געפונען, ביי זיך אדער צו גאסט, אליין אדער אין געזעלשאפט, אין ערגעץ האט זי ניט געקענט לויז ווערען פון דעם געדאנק, וועלכער האט זי בעהערשט זייט זי איז מיט דער טאכטער פונ׳ם יובעליר אהיים געגאנגען: „איז אליווייער ניט געוועזן כמעט געצוואונגען זיי צו פערגלייכען, ווען ער האט זיי טאג־טעגליך געזעהןביידע צוזאמען?"

געוויס האט ער עס געמוזט טהאן, ווילענדיג צי ניט ווילענדיג. און די דאזיגע עהנליכקייט פון איהר, ווי זי איז אמאל געוועזן און דער טאכטער, ווי זי איז יעצט, האט איהם זיכער אויך געמוזט פלאגען. און יעדעס מאל, ווען ער איז צו איהר געקומען, האט זי גלייך וועגען דעם געטראכט, עס געלעזען אין זיין בליק, געפיהלט עס מיט איהר הארצען און געליטען. דאן האט זי געפיהלט א בעדערפעניש, זיך צו בעהאלטען, צו פערשווינדען, זיך איהם מעהר ניט ווייזען נעבען איהר טאכטער.

יעדע קלייניגקייט האט איהר פערשאפט ליידען. זי האט זיך ניט געפיהלט מעהר היימיש אין איהר אייגענעם הויז. דאס געפיהל, אז זי האט איהר קרוין פערלארען, וואס זי האט צום ערשטען

מאָל נעפּיהלט יענעם אבענד, ווען אַלע אויגען האָבען זיך געווענ־דעט צו אננעלע'ן אונטער איהר בילד, האָט געמאַכט פאָרטשריטע און איהר אָפּט צו פערצווייפלונג געבראַכט. און ביסלעכווייז נעגען איהר אייגענעם ווילען האָט זיך אין איהר ערוועקט א וואונש פון דער טאָכטער בעפרייט צו ווערען, זי פון הויז אַוועקצושיקען ווי א גאַסט, וועלכער בלייבט צו לאַנג און פאַלט צו לאַסט. מיט אונ־בעוואוסטער געשיקטליכקייט האָט זי שטענדיג געאַרבייט אויף דעם דאָזיגען פּלאַן, נעטריעבען פון דער נויטווענדיגקייט צו קעמפּפען פאַר דעם מאַן, וועלכען זי האָט געליעבט, וועלכען זי האָט נעוואָלט איינהאַלטען.

אזוי ווי זי האָט ניט געקענט צואיילען אננעלע'ס פערלאָבונג, וועלכע איז צוליעב דעם טרויער אָבנעלייגט געוואָרען אויף א קורצער צייט, איז אויף איהר אָנגעפאַלען א בעשטימטע מורא, אז עפּעס אַדער עמיצער זאָל דעם שידוך אין גאַנצען ניט קאַליע מאַכען. און גאַנץ אונבעוואוסט האָט זי געזוכט אין אננעלע'ס הארצען ליעבע צום מאַרקיז צו ערוועקען. אַלע כיטראָסטען, וואָס זי האָט אזוי לאַנג אָנגעווענדעט, אום אַליווייער'ן צו זיך צו צובינדען, האָט זי איצט אויסגענוצט, אום דעם מאַרקיז מיט איהר טאָכטער צוזאַמענ־צובריינגען אזוי, אז ביידע מענער זאָלען זיך ניט טרעפען.

אזוי ווי דער מאַהלער האָט סיסטעמאַטיש געאַרבייט יעדען טאָג און איז זעלטען ווען אוועק פון דערהיים צו פריהשטיק, צו זיינע פריינד איז ער אימער געקומען נור אין די אבענדען, האָט די גרעפין אָפּט איינגעלאַדען דעם מאַרקיז צו פריהשטיק. ער איז געקומען און פערשפּרייט אַרום זיך די פרישקייט פון דער אין־דער־פריהעדיגער לופט, וואָס ער האָט מיטגעבראַכט פון זיין שפּאַציער־רייט. ער האָט פרעהלאַך גערעדט וועגען אַלע פערשיעדענע זאַכען פון דער געזעלשאַפט, מיט וועלכע עס בעשעפטיגען זיך טאָג־טעגליך די רייטער אויף די אַלעען פון דער באָאיס דע בולאָן. אננעלע'ן האָט פערשאַפט פערגעניגען איהם אויסצוהערען און זי האָט זיך שטאַרק געאינטערעסירט מיט די אַלע פיקאַנטע זאַכען, וואָס ער

האָט איהר מיטגעטהיילט. א יוגענדליכע נאָהענטקייט איז צווישען זיי ענטשטאַנען, א גוטע קאַמעראַדשאַפט, וועלכע די געמיינזאַמע ליי־דענשאַפט פאַר ספּאָרט און פערד האָט גאַנץ נאַטירליך אין זיי אַרויסגערופען. ווען ער איז אַוועק האָבען דער גראַף און די גרעפין איהם שטאַרק געליבט, האָבען געזאָגט וועגען איהם דאָס, וואָס האָט זי געקענט פאַראינטערעסירען אין איהם און דאַן איהר געגעבען אָנצוהערענישען, אַז ווען זי זאָל נור וועלען, קען זי איהם קריעגען.

דאָס האָט זי, אייגענטליך, זעהר שנעל פערשטאַנען און זי איז געווען גאַנץ איינפערשטאַנען צו נעהמען דעם שעהנעם יונג פאַר א מאַן, וועלכער אויסער אַלע אנדערע שעהנע זאַכען, וועט איהר פערשאַפען דאָס וואָס זי האָט מעהר פון אַלעם געליעבט, ער וועט איהר אויסנעהמען יעדען פריהמאָרגען אין די באָאיס רייטענדיג אויף א פייערדיגען פערד.

אין א געוויסען טאָג זיינען זיי געוואָרען פערלאָבט. עס איז געקומען גאַנץ נאַטירליך פון זיך אַליין, זיי האָבען זיך מיט א שמייכעל די הענד דערלאַנגט און גערעדט פון דער חתונה, ווי פון א לאַנג אָבגעמאַכטער זאַך. דאַן האָט דער מאַרקיז געגומען איהר ברייגגען פּרעזענטען. די הערצאָגין האָט אננעלע׳ן בעהאַנדעלט ווי איהר אייגענע טאָכטער. די גאַנצע זאַך איז דאַן צווישען זיי אָב־געמאַכט און בעשלאָסען געוואָרען און דער מאַרקיז, וועלכער איז געווען פאַרטהאָן מיט פיעלע אנדערע זאַכען, האָט געהאַט א סך בעקאַנטע, געוויסע געוואָהנהייטען און פליכטען, איז אין אבענד גע־קומען זעהר זעלטען.

דערפאַר איז געקומען אליוויער. ער האָט רעגעלמעסיג געגע־סען ביי זיינע פריינד און פלעגט זיך אויך ווייזען אונערוואַרט אין אבענד, אום צווישען צעהן און האַלבער נאַכט דאָרט א גלאָז טהעע צו טרינקען.

אזוי שנעל ווי ער איז אין צימער אריין, האָט איהם די גרעפין פאָרשענדיג אָנגעקוקט, מיט דעם וואונש צו ערגרינדען, וואָס ביי

איהם אויפ׳ן האַרצען קומט פאַר. ער האָט ניט געקענט אַ בליק טהאָן, אַ בעוועגונג מאַכען, אַז זי זאָל דערפון גלייך ניט ציהען געוויסע שליסע און אימער און אויביג האָט איהר געפּלאַגט דער געדאַנק: „עס איז אונמעגליך, ער זאָל זיך אין איהר ניט פערליעבען, ווען ער זעהט אונז צוזאַמען״.

אויך ער האָט פּרעזענטען געבראַכט. עס איז ניט אַוועק אַ וואָך, אַז ער זאָל ניט קומען מיט צוויי קליינע פּעקעלאַך אין האַנד, פון וועלכע ער האָט איינעם דער מוטער און איינעם דער טאָכטער געגעבען, און די גרעפין האָט יעדעס מאָל געעפענט די שאַכטעלאַך. וועלכע האָבען אָפּט גאַנץ טהייערע ציערונג ענטהאַלטען, מיט האַרץ קלאַפּעניש. זי האָט גאַנץ גוט געקענט די דאָזיגע לוסט צו שענקען, וועלכע זי, אַלס פרוי, האָט קיין מאָל ניט געקענט בעפריעדיגען, די לוסט עטוואָס מיטצוברענגען, פרייד צו פערשאַפען. פאַר אימיצען עפּעס אויסצוזוכען אין די קראָמען געפינען עפּעס אַ קלייניגקייט, וואָס איהם וועט געפעלען.

אמאָל, פריהער, האָט דער מאַהלער דיעזע לוסט געהאַט, און אָפּט האָט זי איהם געזעהן אריינקומענדיג מיט דעם זעלבען שמייכעל, דער זעלבער בעוועגונג, מיט אַ פּעקעלע אין האַנד. שפּעטער האָט זיך די דאָזיגע לוסט איינגעשטילט, און איצט האָט זי זיך אויף דאָס נייע ערוועקט. פאַר וועמען? זי האָט עס גוט געוואוסט. עס איז ניט געווען פון איהרטוועגען.

ער האָט איהר אויסגעזעהן מיעד, אויסגעמאַגערט. דערפון האָט זי געדרונגען, אַז ער האָט געליטען. זי האָט פערגליכען זיין אַרט און ווייזע אריינצוקומען, זיין אויסדרוק, זיין בענעהמונג מיט דער האַלטונג פון מאַרקיז, אויף וועמען אַננעלע׳ס חן האָט אויך גענומען ווירקען. און זי האָט אין׳ זיי געפונען אַ גרויסען אונטערשיעד: פאַראַנדאַל׳ן איז אַננעלע געפעלען, אָליוויער בערטין האָט זי געליעבט. אין די דאָזיגע שטונדען, ווען זי האָט זיך אַליין געמאַטערט, געמוטשעט און אַנאַליזירט, האָט זי אין דעם פעסט געגלויבט; ווען אָבער זי איז רוהיגער געוואָרען האָט זי נאָך גע־

האָפּט, ווער ווייס, אפשר האָט זי אַ טעות. ווען זי איז מיט איהם אליין געבליעבען, איז זי געווען בערייט, איהם צו פרעגען, איהם צו בעטען, צו קליאַנטשען, ער זאָל איהר אַלעם מודה זיין, זאָל פון איהר גאַרנישט בעהאַלטען. עס איז איהר ליעבער צו וויסען דעם אמת, צו קענען זיך גוט אויסוויינען אויף איהר אונגליק אין גע־וויסהייט, איידער אַזוי אין שטענדיגע צווייפעל צו ליידען און ניט קענען לעזען אין זיין פערשלאָסענעם הארצען, אין וועלכען זי האָט געזעהן אַ נייע ליעבע שפּראָצען און וואַקסען.

די דאָזיגע האַרץ, צו וועלכער זי איז געווען צוגעבונדען מעהר ווי צו איהר לעבען, וועלכע זי האָט אַזוי לאַנג געהאַלטען אין איהרע הענד, וועלכע זי האָט מיט איהר צערטליכקייט געוואַרעמט און בעשאָטענט צוועלף יאָהר נאָכאַנאַנד, אין וועלכער, זי האָט גע־מיינט, אַז זי איז זיכער, אַז זי האָט געוואונען, עראָבערט, גע־פאַנגען, צו זיך צוגעשמיעדט ביז צום סוף פון איהר לעבען, דיעזע האַרץ האָט זיך איצט פון איהר אָבגעקעהרט דורך אַן אונבע־גרייפליכען, אַ מורא'דיגען, אַ שרעקליכען צופאַל — עס האָט זיך פלוצים פאַר איהר פערשלאָסען. זי האָט ניט געקענט מעהר מיט אַ וואָרט פון ליעבע דאָרט אריינדרינגען. וואָס טויג די ליעבע, וואָס טויג די איבערגעבענהייט, ווען דער, וועמען איהר האָט אייער גאַנצען איך, אייער גאַנץ לעבען, אַלעס, אַלעס אויף דער וועלט אוועקגעגעבען, ווערט אייך פלוצים אונטריי, ווייל אַן אַנדער פּנים איז איהם בעסער געפעלען און ער ווערט אייך אין פערלויף פון אַ פּאָר טעג אין גאַנצען אַ פרעמדער.

אַ פרעמדער? ער, אליוויער? ער האָט גערעדט צו איהר ווי פריהער, מיט דיזעלבע ווערטער, דער זעלבער שטימע, דעם זעלבען טאָן. און דאָך האָט זיך צווישען זיי אוועקגעלייגט עטוואָס אונערקלעהרליכעס, אונפאַסבאַרעס, אונבעזיעגבאַרעס; עטוואָס, וואָס איז געווען כמעט ווי גאַרנישט, אָבער דאָס דאָזיגע גאַרנישט איז געשטאַנען צווישען זיי ווי אַן אייזערנע וואַנד.

און עס האָט זיי געטריעבען איינעם פון דעם אַנדערען. ער

האָט זיך דערוויטערט פון איהר טאָג איין טאָג אויס מיט יעדען בליק וואָס ער האָט אויף אַננעלע'ן געוואָרפען.

ער אַליין האָט ניט געזוכט זיך קלאָהר צו מאַכען. ער האָט געפיהלט דאָס אויפבליהען פון אַ נייער ליעבע, געפיהלט יענע אונווידערשטעהליכע צוציהונגס קראַפט, אָבער ער האָט עס ניט געוואָלט פערשטעהן, ניט געוואָלט וועגען דעם טראַכטען און זיך געלאָזט פיהרען פון דעם צופאַל פון לעבען.

ער האָט געוואָלט נור איין זאַך, צו דינער און אין אָבענד זיין צוזאַמען מיט ביידע פרויען, וועלכע זיינען צוליעב דעם טרויער ניט געגאַנגען אין געזעלשאַפט. און אַזוי ווי ער האָט ביי זיי געטראָפען נור גלייכגילטיגע מענשען, מייסטענס די קאָרבעללס און מוסאַדיע, האָט ער זיך געקענט איינריידען, אַז ער איז כמעט איינער אַליין מיט זיי אויף דער גאַנצער וועלט, און אַזוי ווי ער האָט דאָרט ניט געזעהן די הערצאָגין און דעם מאַרקיז, וועלכע פלעגען דאָרט געוועהנליך פערברענגען ביימאָג, האָט ער זיך געסטאַרעט אָן זיי אין גאַנצען צו פערגעסען, איבערהויפט נאָך, ווייל ער האָט נעגלויבט, אַז די חתונה איז אָבגעלייגט געוואָרען אויף אַ וויטע, אַ אונבעשטימטע צייט.

אגב האָט אַננעלע אין זיין געגענוואַרט קיינמאָל ניט גערעדט פונ'ם מאַרקיז פאַראַנדאַל. האָט זי עס געטהאָן אויס אינסטינקטיווען שאַמגעפיהל, אָדער פיללייכט האָט זי מיט דעם שאַרפזין פון איהר פרויען הארץ זיך אָנגעשטויסען אויף דעם, וואָס זי האָט נאָך אויף קלאָהר נים געוואוסט?

די וואָכען זיינען געלאָפען איינע נאָך דער אַנדערער, קיין זאַך האָט זיך ניט געענדערט אין דעם דאָזיגען לעבען; דער יעסען איז געקומען און די זיצונגען אין דער דעפוטאַטען קאַמער זיינען צוליעב געוויסע פאָליטישע פערוויקלונגען פריהער ווי געוועהנליך איינבערופען געוואָרען.

אין דעם טאָג פון דער קאַמער ערעפענונג האָט גראַף ביללעראַי, נאָך אַ פריהשטיק אין זיין הויז, געזאָלט מיטנעהמען די הערצאָגין

דעמאָרטעמאין, דעם מאַרקיז און אַננעלע'ן אין פּאַרלאַמענט. נור די גרעפין, וועלכע איז גערן וועוועז צו זיין אַליין מיט איהר שטענדיג וואַקסענדע שמערץ, האָט ערקלעהרט, אַז זי וויל בלייבען אין דער־היים.

נאָכ'ן פריהשטיק זיינען זיי אַלע אויפגעשטאַנען אין דעם בעסטען מוט און זיינען אריין אין גרויסען סאַלאָן טרינקען קאַפע. דער גראַף איז געווען גליקליך דערמיט, וואָס ער וועט זיך ווידער קענען נעהמען צו זיין פּאַרלאַמענטאַרישע ארבייט, זיין איינציגען פערגעניגען און ער האָט גערעדט כמעט קלוג און בעגייסטערט אי־בער דער הערשענדער לאַגע און די שוועריגקייטען, וועלכע עס שטעהען פאָר דער רעפּובליק. דער מאַרקיז, וועלכער איז שוין יעצט געווען אין גאַנצען פערליעבט, האָט געענטפערט לעבהאַפט קוקענדיג דערביי אויף אַננעלע'ן; און די הערצאָגין איז מיט דעם גליק פון איהר פּלימעניק געווען כמעט פונקט אַזוי גליקליך ווי מיט די שוועריגקייטען פון דער רעפּובליק. אין סאַלאָן איז געווען וואַרעם, ווי עס איז געוועהנליך אין אַ צימער, וואו די אויוועגס ווערען צום ערשטען מאָל ווידער געמאַכט. אין דער דאָזיגער זאַאַל, אין וועלכען דער קאַפע האָט געשמעקט, האָט געהאַט אין זיך עטוואָס אינטימעס, געמיטליכעס, צופריעדענעס. פּלוצים האָט זיך די טיר געעפענט און אַליוויער בערטין איז אַריין.

ער איז געבליבען שטעהן אויפ'ן שוועל אַזוי דערשראָקען, אַז ער האָט געצעגערט אַריינצוגעהן, איבערראַשט ווי אַ בעטראָגע־נער מאַן, וועלכער כאַפּט זיין פרוי ביי אַ אונטרייהייט. אַ פּלוצימ־דיגער כעס און אַזאַ אויפרעגונג זיינען אויף איהם אָנגעפאַלען, אַז ער האָט אין איין רגע דערפיהלט ווי שטאַרק ער ליעבט. אַלעס וואָס מען האָט פון איהם בעהאַלטען, און וואָס ער האָט פון זיך אַליין פערבאָרגען, איז איהם אין איין אויגענבליק קלאָהר געוואָרען, ווען ער האָט דערזעהן דעם מאַרקיז, היימיש ווי אַ חתן, אין ריעזען הויז.

אין אַן אָנפאַל פון פערצווייפלונג האָט ער בעגריעפען אַלעס,

אַלעס וואָס ער האָט ניט געזאָלט וויסען, וואָס מען האָט איהם ניט געוואגט צו זאָגען. אָבער ער האָט זיך ניט געפרעגט, פאַרוואָס מען האָט פון איהם בעהאַלטען די אַלע פאַרבערייטונגען צו דער חתונה. ער האָט זיך אָנגעשטויסען אויף דער אורזאַכע, זיין בליק איז געוואָרען הארט און איז געפאַלען אויף דער גרעפין, וועלכע איז רויט געוואָרען. זיי האָבען זיך פערשטאַנען.

ווען ער האָט זיך געזעצט, זיינען אַלע אויף א ווײַלע אַנשוויגען געוואָרען. ווײַל זיין פּלוצימדיגער אַריינקומען האָט די אונטערהאַלטונג איבערגעריסען. דאַן האָט די גרעפין גענומען מיט איהם רעדען. ער האָט געענטפערט קורץ, מיט א קאַלטען טאָן, אין גאַנצען א פאַרענדערטער.

ער האָט געקוקט אַרום זיך אויף די אַלע מענשען וועלכע האָבען ווידער אָנגעהויבען צו רעדען און געזאָגט צו זיך אַליין: „זיי אַלע האָבען מיך פאַר'ן נאַז געפיהרט, מיך בעטראָגען, אָבער דאָס וועט זיי טהייער קאָסטען". אַם מיינסטען האָט ער בעשולדיגט די גרעפין און אַננעלע'ן. וועמעס פאַלשקייט האָט איהם פון זיך אַרויסגעבראַכט. דאָ האָט דער גראַף א קוק געטהאָן אויפ'ן זייגער און אויסגערופען:

— עס איז צײַט צו געהן — דאַן האָט ער זיך געווענדעט צום מאהלער:

— מיר קלייבען זיך צו דער ערעפענונג פון דעפּוטאַטען קאַמער. מיין פרוי בלייבט דאָ אַליין. ווילט איהר מיט אונז מיטגעהן? דאָס וועט אונז פערשאַפען גרויס פערגעניגען.

אַליוויער האָט געענטפערט טרוקען:

— ניין, א דאַנק. אייער דעפּוטאַטען קאַמער אינטערעסירט מיך ניט.

דאַן איז אַננעלע צוגעגאַנגען צו איהם און געזאָגט אויף איהר איינשמייכלענדיגען שטייגער:

— אַך, קומט דאָך מיט אונז, גרויסער מייסטער, איך בין זיכער,

אַז איהר וועט אונז בעסער אונטערהאַלטען, ווי אַלע אָבגעאָרדענ־טע!

— ניין, ניין. איהר וועט זיך שוין אַמוזירען אָהן מיר אויך.

זי האָט דערפיהלט, אַז ער איז אונצופריעדען און טרויעריג און אום איהם פריינדליכקייט צו ווייזען, האָט זי געבעטען נאָך אַמאָל:

— קומט מיט אונז, הערר מאהלער, איך פערזיכער אייך, איך קען אָהן אייך זיך ניט אַמוזירען!

ער האָט זיך ניט געקענט מעהר צוריקהאַלטען, ניט געקענט זיך בעהערשען און אַ פּאָר ווערטער האָבען זיך ביי איהם ארויס־געריסען פול ביטערקייט, פול גאַל:

— אַך, נאַרישקייטען, איהר קענט אויך אויסקומען אָהן מיר, ווי אַלע אַנדערע!

עטוואָס ערשטוינט איבער זיין טאָן, האָט זי אויסגערופען:

— נו, נו! איצט רופט מען מיך שוין ווידער ניט מעהר „דו"!

אַרום זיין מויל האָט זיך אוועקגעלייגט אַ ביטערער שמייכעל, וועלכער האָט דעם גאַנצען שמערץ פון זיין נשמה געצייגט, און ער האָט זיך פערנייגט:

— איך מוז זיך דאָך היינט־מאָרגען דערצו צוגעוואָהנען.

— וואָרום?

— ווייל איהר געהט הייראַטען, און אייער מאַן, ווער ער זאָל ניט זיין, וועט האָבען דאָס רעכט צו דענקען, אַז עס איז ניט פּאַסענד איך זאָל אייך „דו" זאָגען.

די גרעפין האָט געזאָגט שנעל:

— וועגען דעם וועלען מיר צייט האָבען שפּעטער צו דענקען. איך האָף אָבער, אַז אַנגעלע וועט ניט הייראַטען מיט אַ מאַן, וועל־כער וועט זעהן עטוואָס אונפּאַסענדעס אין דער פערטרויליכקייט פון אַן אַלטען פריינד.

דער גראַף האָט אויסגערופען:

— נו, שנעל, שנעל, מיר מוזען געהן, אז ניט קומען מיר צו שפעט!

און אלע, וועלכע האבען איהם געוואלט בעגלייטען, זיינען אויפגעשטאנען און מיט איהם אוועק נאכדעם ווי זיי האבען זיך מיט די איבעריגע געזעגענט און די גרעפין און איהר טאכטער האבען זיך צוקושט. ווי זיי פלעגען עס אימער טהאן ביים קומען און אוועק־געהן.

זיי זיינען געבליעבען אליין, ער און זי, הינטער דער צוגע־מאכטער טיר.

— זעצט זיך, מיין פריינד — האט זי געזאגט ווייך.

אבער ער האט געענטפערט כמעט מיט רוגזה:

—ניין, איך געה אויך.

זי האט געפליסטערט בעטענדיג:

— אבער פארוואס?

— ווייל איצט איז ניט קיין צייט, ווי עס שיינט! פערצייהעט מיר, וואס איך האב ניט גלעאזט פריהער מעלדען ווענען זיך.

— אליוויער, וואס איז מיט אייך?

— גארנישט! עס טהוט מיר לייד, וואס איך האב די לוסטיגע געזעלשאפט, וועלכע איהר האט זיך צוזאמענגערופען, צו־שטערט.

זי האט גענומען זיין האנד:

— וואס מיינט איהר? זיי האבען געמוזט אוועקגעהן, ווייל זיי האבען געוואלט זיין צו דער קאמער ערעפענונג. איך האב גע־וואלט בלייבען. עס איז אין געגענטהייל געווען א גוטע אידעע פון אייך וואס איהר זייט היינט, ווען איך בין אליין, צו אונז געקומען.

ער האט געלאכט:

— יא, א גוטע אידעע, זעהר א גוטע!

זי האט איהם אנגענומען פאר ביידע הענד, איהם אריינגע־קוקט אין די אויגען און געשעפטשעט שטיל:

— זייט זיך מודה, אז איהר ליעבט זי!

ער האָט אַרויסגעריסען זיינע הענד, דען ער האָט מעהר ניט געקענט בעהערשען זיין אונגעדולד און אַרויסגערעדט:

— איהר זייט פערריקט אין דעם געדאַנק!

זי האָט איהם ווידער צוגעצויגען צו זיך, האָט זיך איינגעגעסען מיט איהרע קראַמפּהאַפטע פינגער אין זיין אַרבעל און זיך גע־בעטען:

— אַליוויער! זייט זיך מודה, זייט זיך מודה! מיר איז ליעבער, אַז איך זאָל וויסען; איך בין זיכער, עס איז בעסער, ווען איך וויים עס. איהר קענט זיך גאָרנישט פאָרשטעלען, וואָס פון מיין לעבען איז געוואָרען!

ער האָט אַ דריק געטהאָן מיט די אַקסלען:

— וואָס קען איך העלפען, בין איך דען שולדיג, ווען איהר פערליערט דעם קאָפּ?

זי האָט איהם אַוועקגעשלעפּט אין דעם צווייטען סאַלאָן, וואו מען זאָל זיי ניט קענען בעאָבאַכטען, זיי נאָכשפּיאָנירען. האָט איהם געצויגען פאַר'ן רעקעל, קלאַמערענדיג זיך אָן איהם, אַ בלאַסע און אָהן אָן אָטהעם. ווען זי איז צום קליינעם, רונדען דיוואַן צוגעקומען, האָט זי איהם געצוואונגען זיך דאָרט אנידערצוזעצען און אליין זיך געזעצט נעבען איהם:

— אַליוויער, מיין פריינד, מיין איינציגער פריינד! איך בעט אייך, זאָגט מיר, אַז איהר ליעבט זי! איך וויים עס, איך פיהל עס אין אַלעם וואָס איהר טהוט, איך קען גאָר אין דעם ניט צווייפלען. דאָס איז מיין טוידט, אָבער איך וויל עס פון אייער אייגען מויל הערען.

און אַזוי ווי ער האָט זיך נאָך אַלץ געוועהרט, האָט זי זיך אַראָבגעלאָזען אויף די קניע צו זיינע פיס און געזאָגט מיט אַ ציטערענדען קול:

— אך, מיין פריינד, מיין פריינד, מיין איינציגער פריינד! ליעבט איהר זי ווירקליך?

ער האָט זיך אַ וואָרף געטהאָן זי אויפצוהויבען און האָט אויס־געשריען:

— אָבער ניין, ניין, איך שווער אייך, ניין!

זי האָט אויסגעשטרעקט די האַנד, אום זיין מויל צו פאַרמאַ־כען, און געשטאַמעלט:

— ליינגט נישט, איך לייד צופיעל!

דאַן האָט זי דעם קאָפּ אויף זיינע קניע אַרונטערגעלאָזען און גענומען שלוכצען.

ער האָט נור געזעהן איהר נאַקען, איהרע געדיכטע בלאָנדע האָר מיט אַ סך ווייסע זשמוטעס אויסגעמישט און אַ אונענדליכער מיטלייד און אַ אונענדליכער שמערץ האָט איהם זיין האַרץ צו־ריסען.

ער האָט איינגעגראָבען אַלע פינף פינגער אין איהרע גע־דיכטע לאָקען, אויפגעהויבען איהר קאָפּ און אריינגעקוקט אין איהרע פערצווייפעלטע אויגען, פון וועלכע שטראָמען טרעהרען האָבען זיך געגאָסען, און דאַן האָט ער איין מאָל נאָך אַן אַנדערן צוגעפרעסט זיינע ליפּען צו די דאָזיגע פאַרוויינטע אויגען:

— אננאַ! אננאַ! מיין ליעבע, ליעבע אננאַ!

דאַן האָט זי פּרובירט אַ שמייכעל טהאָן און מיט דער שלוכצענדער שטימע פון אַ קינד, וועמען דער שמערץ דערשטיקט, האָט זי געזאָגט:

— אַך, ליעבער פריינד, זאָגט מיר נור, אַז איהר האָט מיר נאָך אַביסעלע ליעב!

ער האָט זי ווידער גענומען קושען:

— יאָ, איך ליעב אייך, מיין געליעבטע אננאַ!

זי איז אויפגעשטאַנען, האָט זיך ווידער נעבען איהם געזעצט, גענומען זיין האַנד און געזאָגט צערטליך:

— מיר ליעבען זיך שוין אַזאַ לאַנגע צייט, עס האָט זיך ניט געדאַרפט אַזוי ענדיגען!

ער האָט זי צוגעדריקט צו זיך און געפרעגט:

וואָרום זאָל עס זיך דען ענדיגען?

— ווייל איך בין אַלט. און אַנגעלע זעהט אויס צו עהנליך צו מיר, ווי איך בין אַמאָל געווען. ווען איהר האָט מיך דערקענט.

איצט האָט ער איהר צוגעמאַכט מיט זיינע שפּיץ פינגער דעם מויל, דעם דאָזיגען מויל, וועלכער האָט אַזוי פיעל ליידען אויסגע־דריקט, און געזאָגט:

— אָבער איך בעט אייך, איך בעט אייך, רעדט ניט מעהר דערפון! איך שווער אייך, אַז עס איז נישט אמת!

זי האָט זיך גענומען בעטען אויף דאָס ניי:

ווען איהר וואָלט מיך וועלען אַביסעלע ליעב האָבען!

ער האָט געזאָגט נאָך אַמאָל:

— יאָ, איך ליעב אייך!

דאַן זיינען זיי אַ צייט לאַנג געבליעבען זיצען שטיל, האַנד אין האַנד, טיעף בעוועגט, און טיעף טרויעריג. צום סוף האָט זי אונטערבראָכען די שטילקייט און אַרויסגעשעפּטשעט:

— אַך, נישטאָ שוין מעהר קיין גליק פאַר מיר אויף דער וועלט!

און ער האָט געענטפערט:

— איך וועל זיך בעמיהען, אייך גליקליך צו מאַכען!

ביסלאַכווייז איז דונקעל געוואָרען, פאַרנאַכטיגע שאָטענס האָבען זיך איבער'ן סאַלאָן פערשפּרייט און זיי אַליין מעהר און מעהר אין דער דונקעלהייט פון אַ יעסענדיגען אַבענד איינגעהילט. דער זייגער האָט געשלאָגען.

מיר זיינען דאָ שוין אַזוי לאַנג — האָט זי געזאָגט — געהט בעסער אַוועק. עמיצער קען אָנקומען און מיר זיינען אין אַזאַ אויפגערעגטען צושטאַנד.

ער האָט זיך אויפגעהויבען, זי אַרומגענומען און געקושט ווי אַמאָל, איהר האַלב אָפענעם מויל, דאַן זיינען זיי ביידע צוריקגע־גאַנגען דורך די ביידע סאַלאָנען געאַרעמט ווי מאַן און פרוי.

— אדיע, מיין פריינד!

— אדיע, מיין פריינדין!

די טיר האָט זיך געשלאָסען הינטער איהם.

ער איז ארונטער פון די טרעפּ, און אוועק צו דער מאדעליינע צו. ער איז געלאָפען אליין ניט וויסענדיג וואוהין, שטארק צו־טראָגען, ווי נאָך אַן אונגליק, שאָקלענדיג זיך אויף די פיס און מיט א ציטערדענדיגען הארצען. און צוויי דריי שטונדען נאָכאנאנד איז ער ארומגעגאנגען שפּאציערען קוקענדיג פארטראכט פאר זיך און ניט וויסענדיג וואו ער געהט, פיזיש און גייסטיג אין גאנצען צובראָכען און קוים, קוים שלעפּענדיג די פיס. דאן האָט ער זיך אומגעקעהרט אהיים, אום נאָכצודענקען.

ער האָט אלזאָ געליעבט דאָס יונגע מיידעל! יעצט ערשט האָט ער בעגריפען, וואָס ער האָט געפיהלט אין איהר געגענווארט, פון יענער צייט אָן, ווען ער האָט אין פּארק מאָנסעאָן פון איהר מויל דעם קלאנג פון א ליעבער, קוים ווידערדערקענטער שטימע געהערט, א שטימע, וועלכע האָט אמאָל זיין הארץ אָנגעצונדען. און עס איז איהם קלאָהר געוואָרען ווי ביסלעכווייז איז אין איהם ווידער ער־וואכט געוואָרען דער אמאָליגער שלעכט פארלאָשענער, ניט גאָר אָבגעקיהלטער פייער.

וואָס זאָל ער טהאָן, וואָס קען ער טהאָן? ער וועט זיך סטארען נאָך איהר חתונה, זי צו זעהן וואָס ווייניגער. דאָס איז אלעס. ביז דאן אָבער, וועט ער ווי אלע מאָל געהן צו איהרע עלטערען אין הויז, אום אז קיינער זאָל ניט קריעגען קיין פערדאכט, און זיין געהיימנים זאָל בלייבען פערבאָרגען פון דער גאנצער וועלט.

ער האָט געגעסען אין דערהיים, וואָס ער האָט געוועהנליך קיין מאָל ניט געטהאָן. דאן האָט ער געהייסען איינהייצען דעם גרויסען אויווען אין אטעליער, ווייל צו דער נאכט איז געוואָרען זעהר קאלט. אין דערזעלבער צייט האָט ער בעפעהלען אָנצוצינדען דעם הייגגלייכטער, עפּעס ווי ער וואָלט מורא געהאט פאר די דונקעלע ווינקלען, און ער האָט זיך אין צימער איינגעשלאָסען. אויף איהם איז אָנגעפאלען א זעלטזאמע, אונאויסשפּרעכליך שווע־

רע, טרויעריגע שטימונג און די דאָזיגע שטימונג האָט ער געפיהלט אין האַלז, אין דער ברוסט, אין די מוסקעלען און אין זיין צוּבראָ־כענער נשמה. די ווענד פון צימער האָבען איהם געשטיקט; אָט דאָ איז געלעגען זיין גאַנצעס לעבען, זיין לעבען אַלס קינסטלער און אַלס מענש. יעדע צייכנונג, וואָס איז דאָ געהאַנגען, האָט איהם דערמאָנט אויף אַן ערפאָלג, יעדע שטיקעל מעבעל האָט געהאַט פאַר איהם אַן עראינערונג. אָבער דער ערפאָלג און די עראינערונגען זיינען געווען פאַרביי און זיין לעבען האָט איהם אויסגע־וויזען קורץ, פוסט און וויסט. ער האָט בילדער געמאָהלען, ווידער און אָבער, אָבער און ווידער בילדער געמאָהלען און איין פרוי גע־ליעבט... ער האָט געטראַכט וועגען אבענדען פון איבערמענשליכער אויפרעגונג נאָך די צוזאַמענקונפטען אין אָט דעם זעלבען אַטעליער. נעכט גאַנצע איז ער דאָ אַרומגעלאָפען אַ צוהיצטער, מיט פיבער אין אַלע אָדערן. דאָס גליק פון ליעבע, דאָס גליק פון דעם ערפאָלג אין דער וועלט, דאָס גאַנץ בעזונדערע גליק פון בעריהמטקייט האָבען איהם אונפערגעסליכע שטונדען פון נעהיימען טריאומף פערשאַפט.

ער האָט אַ פרוי געליעבט און דיעזע פרוי איהם. זי האָט זיין הארץ כמעט מיט געוואַלד געעפענט און איצט האָט ער עס ניט געקאָנט מעהר צושליסען. אַן אַנדערע ליעבע האָט זיך געגען זיין ווילען אין דער עפענונג אַרנגע׳גנב׳עט, אַן אַנדערע, אָדער בעסער געזאָגט, די זעלבע נור אויף דאָס ניי אויפגעפלאַקערט דורך אַ ניי פנים; דיזעלבע ליעבע, נור נאָך פאַרשטאַרקט דורך דער בעדירפּעניש, וואָס קומט מיט דער עלטער, צו ליעבען, צו פערעהרען. יאָ, ער האָט געליעבט דאָס יונגע מיידעל. ער האָט מעהר ניט גע־קענט קעמפפען דאַגעגען, מעהר ניט געקענט ווידערשטעהן, עס ניט געקענט מעהר פאַרלייקענען. ער האָט זי געליעבט פערצוויי־פעלט, וויסענדיג, אַז זי וועט זיך אויף איהם קיין מאָל ניט דער־באַרימען, אַז זי וועט אפילו קיין מאָל ניט וויסען וויפיעל קוואַלען ער איז צוליעב איהר אויסגעשטאַנען, און וויסענדיג, אַז אַן אַנדערער

וועט מיט איהר הייראטען. ביי דעם דאָזיגען געדאַנק, וועלכער האָט איהם אָהן אויפהער געפּלאַגט, וועלכען ער האָט בשום אופן ניט געקענט פון זיך פערטרייבען, האָט איהם אָנגעכאַפּט אַ טיערישע לוסט צו האווקען ווי אַ הונד אויפ'ן קייט. דען ער האָט זיך געפיהלט פונקט אַזוי מאַכטלאָז און וועהרלאָז, ווי יענער. וואָס מעהר ער האָט געטראַכט, אַלץ נערוועזער איז ער געוואָרען. מיט גרויסע טריט איז ער געלאָפען איבער דעם יום־טוב'דיג בעלויכטענעם ציי־מער. און ווען ער האָט מעהר ניט געקענט אַריבערטראָגען דעם שמערץ, וואָס די אָפענע וואונד האָט איהם פערשאַפט, האָט ער איהם געוואָלט פערטויבען, פערטרינקען אין דער עראינערונג פון אַמאָליגער צערטליכקייט. ער האָט אַרויסגענומען פון אַ שאַפע די קאָפּיע פון דער גרעפינ'ס בילד, וועלכע ער האָט פריהער געמאַכט פאַר זיך. האָט זי אוועקגעשטעלט אויף דער מאָהל־ברעט און זיך געזעצט אַנטקעגען. ער האָט געזוכט זי צו בעלעבען, זי ווידער צו זעהן אַזוי. ווי ער האָט זי אַמאָל געליעבט, אָבער עס האָט ניט געהאָלפען, אַננעלע איז פון דער לייוועגד אַרויסגעשפּרונגען. די מוטער איז פערשוואונדען, צורונען געוואָרען, און אויף איהר פּלאַץ האָט זיך בעוויזען דער אַנדער פּנים, וועלכער איז אַזוי עהנליך גע־ווען צו דיעזען בילד. דאָס איז געווען די קליינע מיט איהרע עטוואָס העלערע האָר, איהר עטוואָס פרעכערען שמייכעל, וועלכער האָט געהאַט אין זיך עטוואָס רייצבאַרעס און ער האָט געפיהלט, אַז ער געהערט איהר מיט לייב און זעעלע, ווי אַ שיף אָהן אַ רודער געהערט צו די כוואַליעס.

דאַן איז ער אויפגעשטאַנען און אומגעדרעהט דאָס בילד, אום ניט צו זעהן זי מעהר פאַר די אויגען. און אַ טרויעריגער איז ער אוועק אין שלאָף־צימער, צו ברענגען דעם שופליאַד פון זיין שרייב־טיש וואו עס זיינען געלעגען אַלע בריעף פון דער געליעבטער. זיי האָבען דאָרט געשלומערט, ווי אין אַ בעט, איינער נעבען אַנדערען און געבילדעט אַ דיקען הויפען פון דינע בלעטלאַך פּאַפּיער. ער האָט אַריינגעשטעקט זיינע הענד אין דעם דאָזיגען ים פון ווערטער,

וועלכע האָבען פון זיי גערעדט, אין וועלכען זייער אַלטע ליעבע איז געשוואומען ער האָט בעטראַכט דעם שמאָלען, היל־צערנעם טויטען קאַסטען, אין וועלכען די דאָזיגע מאַסען בריעף זיינען געלעגען און איבעראַל און אומעדום האָט ער זיין נאָמען גע־זעהן, נור זיין נאָמען. ער האָט געטראַכט פון דעם, אַז די ליעבע, די צערטליכע פערבינדונג פון צוויי וועזענס, די געשיכטע פון צוויי הערצער איז דאָרט דערצעהלט געוואָרען, אין יענעם הויפען געל־געוואָרענע פּאַפּיערלאַך מיט די רויטע שטעמפּלען. ער האָט זיך אַריבערגעבויגען איבער זיי און אַ הויך פון אַלטקייט, אַ מע־לאַנכאָלישער הויך פון פערשלאָסענע בריעף האָט איהם אַ וועה געטהאָן אַנטקעגען.

ער האָט זיי געוואָלט לעזען נאָך אַמאָל און זוכענדיג אינ׳ם שופּליאַד האָט ער אַרויסגענומען אַ פּאַק בריעף פון גאָר דער ערשטער צייט. אַזוי שנעל ווי ער האָט זיי געעפענט, זיינען ער־אינערונגען פון זיי אַרויסגעשטיגען, בעשטימטע עראינערונגען, וועל־כע האָבען זיין נשמה בעוועגט. ער האָט דערקענט בריעף, וועלכע ער האָט וואָכען לאַנג געטראָגען ביי זיך, און איהר שעהנע האַנד־שריפט האָט איהם דערמאָנט אָן גליקליכע צייטען, אָן שוין לאַנג פערגעסענע טרוימען. פּלוצים האָט ער דערפיהלט אַ דינע, גע־שטיקטע טאַשענטיכעל אין האַנד. וואָס איז דאָס געווען? ווי אַזוי איז עס געקומען אַהער? אַ מינוט האָט ער געטראַכט, דאַן האָט ער זיך דערמאָנט. איין מאָל, אין אַ געוויסען טאָג, האָט זי דאָ ביי איהם געוויינט, ווייל זי איז געוואָרען אַביסעל אייפערזיכ־טיג, און ער האָט ביי איהר צוגענומען די פון טרעהרען נאַסע טי־כעל, אום עס צו בעהאַלטען.

טרויעריגע עראינערונגען! טרויעריגע עראינערונגען! אָרי־מע פרוי!

פון דער טיעפעניש פון שופליאַד, פון דער טיעפעניש פון זיין פערגאַנגענהייט זיינען אַלע עראינערונגען אויפגעשטיגען, ווי אַ לייכטער וואָלקענדעל רויך: דאָס איז געווען דער רויך פון זיין

פערגאַנגענעם לעבען. דאָך האָט ער אַזוי שטאַרק געליטען דער־פון, און בעת ער האָט די בריעף געלעזען האָט ער געוויינט, ווי מען בעוויינט טויטע ווען זיי געהען פון דער וועלט אַוועק.

אָבער אַנשטאָדט דער אַלטער ליעבע, וועלכע ער האָט געזוכט אין זיך צו ערוועקען. האָט אין זיין האַרצען אַרויסגעשפּראָצט אַ נייע, יונגע, אונווידערשטעהליך זיסע צערטליכקייט, וועלכע אַנ־געלע׳ס שטראַהלענדיג פּנים האָט אין איהם אַרויסגערופען. די מוטער האָט ער געליעבט פּריוויליג און איצט האָט ער אָנגע־הויבען צו ליעבען דאָס יונגע מיידעל ווי אַ שקלאַף, ווי אַן אַלטער ציטערענדער שקלאַף, אויף וועמען מען האָט אַרויפגעוואָרפען קיי־טען, וועלכע ער קען ניט צוברעכען.

דאָס אַלעס האָט ער געפיהלט מיט זיין גאַנצער נשמה און איז געוועזען ענטזעצט איבער זיך אַליין.

ער האָט געזוכט זיך קלאָהר צו מאַכען ווי אַזוי און מיט וואָס זי האָט איהם אַזוי צו זיך צוגעשמיעדט. ער האָט איהר געקענט אַזוי וויינינג. זי איז דאָך נאָך גאָר ניט געוועזען קיין פרוי, זי, וועמעס האַרץ און נשמה איז נאָך פון לעבען ניט בעריהרט גע־וואָרען.

און ער איז שוין יעצט געשטאַנען כמעט ביים סוף פון זיין לעבען! ווי אַזוי האָט איהם דאָס דאָזיגע קינד געקענט פאַנגען בלויז מיט דעם שמייכעל און די בלאָנדע געקרויזטע האָר?... אַך, דיעזער שמייכעל, די האָר פון דער קליין בלאָנד מיידעל האָט ביי איהם אַרויסגערופען אַ פערלאַנג, זיך צו וואַרפען אָן דר׳ערד און זיך דעם קאָפּ צו צושלאָגען.

וויים מען עס דען, וועט מען עס ווען עס איז אויסגעפינען, פאַרוואָס אַ פּנים פון אַ פרוי ווירקט פּלוצים אויף אונז ווי אַ זיסער סם? עפּעס אַזוי ווי מען וואָלט עס מיט די אויגען געטרונ־קען. און עס וואָלט אַזוי אין דעם מאַרך און אין גאַנצען לייב אַרוי־בער; מען ווערט שיכור, משוגע, מען לעבט פאַר דעם דאָזיגען

בילד, וועלכעס האָט אייך אין גאַנצען בעהערשט און מען וואָלט וועלען שטאַרבען דערפאַר.

אליוויער בערטין האָט ווידער גענומען געהן הין און צוריק. עס איז געוואָרען אַלץ שפּעטער און שפּעטער אין דער נאַכט. דער פייער אין אויוועז איז אויסגעגאַנגען, דורך די גרויסע, גלעזערנע שויבען איז פון דרויסען די קעלט אריין. דאַן האָט ער זיך גע־לייגט אין בעט און האָט ווייטער געטרוימט און ווייטער געליטען, ביז עס איז טאָג געוואָרען.

גאַנץ פריה איז ער אויפגעשטאַנען, ניט וויסענדיג וואָרום, ניט וואָס ער זאָל טהאָן, נערוועז, אונענטשלאָסען, ווי אַ זיך אהער און אהין דרעהענדיגע וועטער־פאָהן. ער האָט געזוכט צושטרייאונג פאַר זיין גייסט, בעשעפטיגונג פאַר זיין קערפּער און האָט זיך דער־מאָנט, אַז אין דיעזען טאָג יעדע וואָך קומען זיך די מענער פון זיין קלוב צוזאַמען אין אַ טערקישער באָד, וואו זיי פריהשטיקען אַלע צוזאַמען נאָך דעם מאַסאַזש. ער האָט זיך שנעל אָנגעטהאָן אין דער האָפנונג, אַז אַ שוויצבאָד און די פּאַרע וועלען איהם בע־רוהיגען און ער איז אוועקגעגאַנגען.

אזוי שנעל ווי ער איז אין דרויסען אַרויס, האָט ער דער־פיהלט אַ שניידענדע קעלט. יענע שאַרפע קעלט פון׳ם ערשטען פראָסט, וועלכע דער׳הרג׳עט אַלעס, וואָס איז נאָך פון זומער איבער־געבליעבען.

אין דער גאַנצער לייננג פון די בולוואַרען האָבען זיך געשאָטען גרויסע, געלע בלעטער, זיך געשאָטען און געפאַלען צו דר׳ערד מיט אַ טרוקענעם און לייכטען גערויש. ווי ווייט די אויג האָט געקענט כאַפּען האָט מען זיי אַלץ געזעהן פאַלענדיג און פאַלענדיג, פון איין זייט פון דער ברייטער גאַס ביז צו דער צווייטער, צווישען די הויכע הייזער, אַרום אַלע בוימער, ווי אַן אייזינגער מעסער וואָלט זיי דאָרט אַלע אין איין צייט אַרונטערגעשניטען. די טראָ־טואַרען און די גאַס אין מיטען איז געווען פול באַדעקט מיט זיי, ווי די וואַלד־וועגען שפּעט אין יעסען. די געלע פאַרוועלקטע בלע־

טער האָבען געראַוישט אונטער די פיס און זיינען פון צייט צו צייט אונטערכאַפּט געוואָרען פון ווינד, וועלכער האָט זיי געדרעהט אין דער לופטען ווי אַ ווירבעל ווינד.

עס איז געווען איינער פון יענע איבערגאַנגסטעג, וועלכע מאַכען אַ סוף צו איין יאהרעס צייט און ברייננגען דעם אָנהויב פון אַ צווייטער. די לופט איז דאַן געוועהנליך אָנגעפילט מיט פרישקייט, אָדער מיט טרויערינקייט, די טרויעריגקייט פון דעם אָבשטאַרבען אָדער דער לוסטיגקייט פון דעם יונגען זאַפט, וועלכער שפּראָצט פון דער נאַטור אַרויס.

ווען בערטין איז אַריין אין דער טערקישער באָר, נאָך דעם שפּאַציער אין דער אייז קאַלטער לופט, איז אַ ליעבע וואַרימקייט איהם איבער אַלע גליעדער אַריבער. ער האָט זיך שנעל אויסגעטהאָן, אַרויפגעוואָרפען אויף די לענדען אַ לייכטע טוך, וועלכע אַ אינגעל האָט איהם דערלאַנגט און איז פערשוואונדען הינטער דער גרויסער טיר, וואָס מען האָט פאַר איהם געעפענט.

אַ שטראָם הייסע, ערשטיקענדע לופט, ווי פון אַ קאַלך־אויווען האָט איהם אַ זעץ געטהאָן אַנטקעגען און איהם דעם אָטהעם פאַרהאַקט. ער איז דורכגעגאַנגען אַ גאַלערעע, וועלכע איז געווען בעלויכטען מיט צוויי אָריענטאַלישע לאַנטערנעס. אַ הויכער, שטאַרקער נעגער, אָנגעטהאָן בלויז אין אַ פּאָר קורצע הייזלאַך, מיט אַ גלאַנציגען קערפּער און שטאַרקע מוסקעלען, האָט זיך אַ לאָז געטהאָן אין פאָראויס און פונאַנדערגעעפענט אַ פאָרהאַנג און בערטין איז אַריין אין אַ גרויסע, הויכע, רונדע באָד, וואָס האָט געהאַט אין זיך עטוואָס מיסטישעס, ווי אַ טעמפּעל. אין דעם ריעזיגען, רונדען זאַאַל, וואו די ווענד זיינען, נאָך אַראַבישער אַרט, געווען מיט אַ קאַכעל בעשלאָגען, האָט דאָס ליכט אַריינגעשיינט פון אויבען פון דער קופּעל און פון די קאָלירטע, גלעזערנע שויבען.

לאַנגזאַם, פול ווירדע, ניט ריידענדיג אַ וואָרט, זיינען מענער פון יעדען עלטער, כמעט אין גאַנצען נאַקעט, אַרומגעגאַנגען אַהין און צוריק, אַנדערע זיינען געזעסען מיט פאַרלייגטע הענד אויף

מאַרמאָרנע ביינק, און נאָך אַנדערע האָבען שטיל גערעדט צווישען זיך.

די הייסע לופט האָט פערהאַקט דעם אָטהעם, אַזוי שנעל ווי מען איז נור אַהין אַריין. דער דאָזיגער ערשטיקענדער, דעקאָריר־טער צירק, וואו דאָס מענשליכע פלייש האָט זיך געוואַרעמט, וואו די מאַסאַזשיסטען, נעגערס און מורען, מיט זייער בראָנז פאַרביגער הויט זיינען געלאָפען אַהער און אַהין, האָט געהאַט אין זיך עטוואָס אונגעוועהנליכעס, עטוואָס געהיימניספאָלעס.

דער ערשטער בעקאַנטער, וועמען ער האָט דערזעהן, איז געוועזען גראַף לאַנדראַ. ווי אַ רוימישער רינג קעמפפער, שטאָלץ אויף זיין מעכטיגער ברוסט און די שטאַרקע אָרעמס, האָט ער געטראָ־טען איבער'ן זאַאַל. ער איז אימער אַהער געקומען און האָט זיך דאָ געפיהלט ווי אַ שוישפּיעלער אויף דער ביהנע, בעת מען אַפּ־לאָדירט איהם. אַלס קענער האָט ער געאורטהיילט איבער די מוס־קעלען פון אַלע שטאַרקע מענער פון פּאַריז.

— גוט מאָרגען, בערטין! — האָט ער געזאָגט.

— זיי האָבען זיך געדריקט די הענד. לאַנדראַ האָט געזאָגט:

— היינט איז דער ריכטיגער וועטער פאַר אַ טערקישער באָד.

— יאָ, וואונדערבאַר!

— האָט איהר געזעהן ראָקדיאַנע'ן? אָן דאָרט איז ער. איך האָב איהם פון בעט אַרויסגענומען. קוקט איהם אָן, דעם סקעלעט.

אַ קליין געוואַקסענער מאַן, הויט און ביינער, מיט איינגע־פאַלענע ריפּפּען און שמאָלע אָרעמס איז צוגעקומען צו זיי און ביי די ביידע געזונדע יונגען אַרויסגערופען אַ שמייכעל.

ראָקדיאַנע איז צוגעגאַנגען צו זיי, ווי נור ער האָט דערזעהן דעם מאַהלער.

זיי האָבען זיך געזעצט ביי אַ לאַנגען מאַרמאָרנעם טיש און גענומען פּלוידערען ווי אין סאַלאָן. דיענער זיינען אַלע ווייל־צוגעלאָפען און אָנגעבאָטען געטראַנקען. מען האָט געהערט דעם

גערויש פונ׳ם מאַססאַזשיסט אויפ׳ן נאַקעטען פלייש און דעם פּלו־צימדיגען ברויזען פון דער שפּריץ־באָד. אַן אונאויפהערליכער גע־רויש פון וואַסער פון אַרום און דעם גרויסען זאַאַל, האָט גע־מאַכט דעם איינדרוק, ווי אַ רעגען וואָלט געגאָסען.

אַלע ווײַלע האָט אַ נײַי אַרייננעקומענער די דריי פריינד בע־גריסט אָדער איז געקומען זיי די האַנד צו דריקען. עס זיינען געווען דאָ דער דיקער הערצאָג דע האַרססאָן, דער קליינער פּרינץ עפּילאַטי, באַראָן פלאַך און אַנדערע.

פּלוצים האָט ראָקדיאַנע געזאָגט:

— אָט איז פאַראַנדאַל!

דער מאַרקיז איז אַריין מיט די הענד אונטער די זייטען און איז שטאָלץ אוועק מיט יענעם בעזונדערן זעלבסטבעוואוסטזיין פון שעהן געוואַקסענע מענשען.

לאַנדראַ האָט געפּליסטערט:

— דער יונג איז אַן אמת׳ער גלאַדיאַטאָר.

ראָקדיאַנע האָט זיך געווענדעט צו בערטין׳ען:

— איז עס אמת, אַז ער הייראַט די טאָכטער פון אייער פריינד?

— איך דענק אַזוי! — האָט געענטפערט דער מאַהלער.

אָבער די דאָזיגע פראַגע גראַדע אין דיעזען מאָמענט אין דער אַנוועזענהייט פון יענעם מאַן האָט אַרויסגערופען אין בער־טין׳ען פערצווייפלונג און כעס. מיט אַזאַ שאַרפקייט האָט ער אין איין מאָמענט דערפיהלט דעם פאַקט פון דער בעפאָרשטעהענדער חתונה, אַז ער האָט אַ מינוט לאַנג געמוזט קעמפּפען מיט דער טירישער לוסט אין זיך, זיך אַרויפצוואַרפען אויף דעם מאַרקיז.

דאַן איז ער אויפגעשטאַנען:

— איך בין מיעד, איך וועל זיך גלייך לאָזען מאַססאַזשירען.

אַן אַראַבער איז פערבייגעגאַנגען.

— אַכמעד, ביזטו פריי?

— יאָ, העדר בערטין!

און ער איז שנעל אוועק, אום דעם האַנד דרוק פון פאראַנ־דאַל'ן אויסצומיידען, וועלכער איז איצט לאַנגזאַם צו זיי צוגע־קומען.

ער איז געבליעבען אפשר אַ פיערטעל שעה אין דעם גרויסען רוהע זאַאַל, וואו אַרום און אַרום אין קעמערלאַך שטעהען די בעט־לאַך, און אין מיטען זאַאַל געפינט זיך אַ גרויסע בעעט מיט אַפ־ריקאַנישע פלאַנצען בעזעצט, פון וועמענס רעכטען מיטען עס הויבט זיך אויף אַ פאָנטאַן. עס האָט זיך איהם געדאַכט, אַז ער ווערט פערפאָלגט, געסטראַשעט, אַז באַלד קומט אַהער אַריין דער מאַרקיז און ער וועט איהם מוזען געבען די האַנד און איהם בע־האַנדלען ווי אַ פריינד, הגם אין האַרצען ברענט ביי איהם אַ פער־לאַנג, איהם צו טויטען.

און באַלד איז ער ווידער געוועזען אויפ'ן בולוואַר, וועלכער איז געוועזען פול בעדעקט מיט פערוועלקטע בלעטער. די בלעטער זיינען שוין מעהר נישט געפאַלען, אַ שטאַרקער ווינד האָט די לעצטע אַרונטערגעריסען. איצט האָבען זיי זיך אויסגעשפרייט אויף דער גאַס, ווי אַ רויט־געלער קאַוויאַר, וועלכער האָט געפלאַטערט אַהין און אַהער, האָט זיך בעוועגט, זיך אויפגעהויבען איבער דער גאַס ווי אַ וואָלקען און זיך געדרעהט אין דער לופטען פון שטאַרקען ווינד געטריעבען.

פלוצים האָט זיך דערהערט אַ לאַנגער יאָמער פונ'ם ווינד איבער די דעכער און אינ'ם זעלבען מאָמענט האָט זיך דערפיהלט דאָס אָנקומען פון אַ שטורם.

ביי זיין אָנקומען האָבען זיך אַלע בלעטער אַ הויב געטהאָן, עפּעס אַזוי ווי זיי וואָלטען איהם ערוואַרטעט. זיי זיינען אַנט־לאָפען פאַר איהם, האָבען זיך געדרעהט אַלע אין איינעם און אויפ־געהויבען זיך הויך איבער די דעכער. ווי אַ ווילד געוואָרענע, פליהענדע סטאַדע האָט זיי דער ווינד געיאָגט פאַר זיך און זיי זיינען אַלע געפלויגען, געפלויגען פון פאַריז אַרויס אין דער פרייער לופט פון די פאַרשטעדט. ווען דער גרויסער וואָלקען פון שטויב

און בלעטער איז פערשוואונדען געוואָרען ווייט, ווייט הינטער דעם מאַלעם הערבעס, זיינען די גאַסען און טראָטואַרען פון פּאַריז געבליעבען ריין, ווי אויסגעקעהרטע.

בערטין האָט געטראַכט: „וואָס זאָל איצט ווערען, וואָס הויב איך אָן צו טהאָן, וואוהין זאָל איך געהן?" און ער האָט זיך צוריקגעקעהרט אהיים, ווייל ער האָט קיין ענטפער אויף זיינע פראַגען ניט געפונען.

א צייטונגס־סטענד האָט זיך איהם געוואָרפען אין די אויגען. ער האָט געקויפט זיעבען אָדער אכט צייטונגען, אין דער האָפנונג, אז ער וועט קענען לעזען א פּאָר שטונדען.

— איך פריהשטיק אין דערהיים — האָט ער געזאָגט, ווען ער איז אהיים געקומען, און איז אריין אין זיין אטעליער.

אָבער ווי ער האָט זיך נור געזעצט, האָט ער דערפיהלט, אז ער וועט דאָ ניט קענען פערבלייבען, עפּעס א ווילדע אונרוהיגקייט האָט איהם געיאָגט און געטריעבען און אויף קיין איין מינוט רוהען ניט געלאָזט.

ער האָט פּרובירט לעזען די צייטונגען און ניט געקענט. די ווערטער האָבען איהם געטאַנצט פאַר די אויגען און זיינען איהם אין מוח ניט געקראָכען. אין מיטען פון אַן ארטיקעל, וועלכען ער האָט שוין אפילו ניט געזוכט צו פאַרשטעהן, האָט ער זיך פּלו־צים א טרייסעל געטהאָן ביים נאָמען גיללעראָי. עס האָט זיך גע־האַנדעלט וועגען דער קאָמערזיצונג, אין וועלכער גיללעראָי האָט געהאַלטען א רעדע.

איצט איז ער געוואָרען אויפמערקזאַם, און האָט בעמערקט דעם נאָמען פון דעם בעריהמטען טענאָר מאָנטראָזע, וועלכער האָט געזאָלט אַרום דעם ענדע דעצעמבער געבען א גאַנץ אויסערגע־וועהנליכע פאָרשטעלונג. עס פאַרשפּרעכט, האָט געזאָגט די צייט־טונג, צו זיין א וואונדערבאַרער מוזיקאַלישער יום־טוב, דען דער טענאָר מאָנטראָזע, וועלכער האָט זייט זעקס יאָהר ניט געזונגען אין פּאַריז, האָט אין אייראָפּאַ און אמעריקא אונגעהויער גרויסען

ערפֿאָלג געהאַט. אויסערדעם וועט איהם די בעריהמטע שווערישע זינגערין העלסזאָהן, וועלכע מען האָט אין פּאַריז שוין אויך ניט געהערט זייט פינף יאָהר, בעגלייטען.

פּלוצים איז איהם איינגעפאַלען אַ געדאַנק, וועלכער איז, דאַכט זיך, פון דער טיעפעניש פון זיין הארצען געקומען, פערשאַפען אַנ־נעלע׳ן דאָס פערגעניגען דער דאָזיגער פאַרשטעלונג בייצואוואָהנען. דאַן האָט ער זיך דערמאָנט, אַז די גרעפין איז אין טרויער און וועט זיין דאַגעגען. ער האָט זיך גענומען זוכען אַ מעגליכקייט ווי אַזוי טראָצדעם זיין וואונש צו ערפילען. עס איז געווען נור איין מיטעל: ער האָט געמוזט נעהמען אַ לאָזשע אויף דער ביהנע, פון וואַנען מען קען כמעט גאַרנישט געזעהן ווערען און אויב די גרעפין וועט טראָצדעם ניט וועלען קומען, דאַן וועט אַננעלע געהן אין דער בעגלייטונג פון איהר פאָטער און דער הערצאָגין. אין דיעזען פאַל מוז ער אַנבאָטען די לאָזשע דער הערצאָגין, אָבער דאַן מוז ער אויך דעם מארקיז איינלאַדען.

ער האָט געציטערט און לאַנג נאָכגעטראַכט.

זייער חתונה איז געווען אַן אָבגעמאַכטע זאַך, דער טאָג אפילו איז שוין מסתמא אויך פעסטגעשטעלט געוואָרען. ער האָט פער־שטאַנען, אַז זיין פריינדין האָט זיך דערמיט צוגעאיילט אַזוי פיעל ווי זי האָט נור געקענט, אַז זי וועט איהם איהר טאָכטער געבען אַזוי שנעל ווי נור מעגליך. ער האָט עס ניט געקענט ענדערן, ניט געקענט שטערען, ניט געקענט דעם מורא׳דיגען טאָג אביסעל ווייטער אוועקרוקען. און אַזוי ווי דאָס האָט געמוזט זיין, איז דאָך בעסער ער זאָל זיך בעהערשען, זאָל פערשטעקען זיינע ליידען, זאָל מאַכען אַ צופריעדען פנים און ניט לאָזען זיך ווי פריהער הינרייסען פון טעמפעראַמענט.

יאָ, ער וועט איינלאַדען דעם מארקיז, דורך דעם וועט ער דעם פערדאַכט פון דער גרעפין איינשלעפערן און אין דערזעלבער צייט וועט ער אַלס פריינד זיך פערזיכערן אַ פּלאַץ ביים קאַמין ביי דער יונגער פּאָר.

אזוי שנעל ווי ער האָט געפרישטיקט איז ער אוועק אין דער אָפּערא בעשטעלען איינע פון די לאָזשען, וועלכע געפינען זיך הינ־טער דעם פאָרהאַנג. מען האָט איהם צוגעזאָגט צו האַלטען איינע פאַר איהם. דאַן איז ער אנטלאָפען צו די גיללעראַיס. די גרעפין איז גלייך אריין און נאָך גאַנץ בעוועגט פון דער ווייכער שטונדע פונ׳ם פערגאַנגענעם טאָג, האָט זי געזאָגט:

— עס איז זעהר שעהן פון אייך, וואָס איהר קומט היינט ווידער צו אונז.

— איך ברייננ אייך עפּעס — האָט ער געמורמעלט.

— וואָס דען?

— א לאָזשע אויף דער ביהנע פון דער אָפּערע פאַר דעם איינ־ציגען אויפטריט פון דער העלסזאָהן און מאַנטראָזע.

— אַך, ליעבער פריינד, מיר טהוט זעהר לייד, איהר ווייסט דאָך, אז איך בין אין טרויער.

— איהר זייט דאָך שוין קמעט פיער מאָנאַטען אין טרויער.

— יאָ, אָבער איך קען ניט געהן.

— און אננעלע? בארעכענט זיך, אזא געלעגענהייט וועט זיך איהר אפשר קיינמאָל ניט מאכען.

— יאָ, אָבער מיט וועמען קען זי געהן?

— מיט איהר פאָטער און דער הערצאָגין, וועלכער איך וויל איינלאַדען. איך וויל אויך דעם מארקיז פאָרשלאָגען א פּלאַץ.

זי האָט איהם אריינגעקוקט אין די אויגען, און א ווילדע לוסט איז איהר בעפאַלען, זיך צו וואַרפען איהם אויפ׳ן האַלז, דאַן האָט זי געזאָגט, ווי זי וואָלט איהרע אייגענע אויערען ניט נעגלויבט.

— דעם מארקיז?

— יאָ, נעוויס!

און זי איז גלייך מרוצה געוואָרען.

ער האָט געפרעגט מיט א גלייכגילטיגער מינע:

— האָט איהר שוין בעשטעלט דעם טאָג פון דער חתונה?

— יאָ. מיר האָבען אורזאַכען די זאַך צו צואיילען, איבער־

הויפט נאָך, ווען עס איז בעשטימט געוואָרען נאָך פאַר דער מאַמע׳ס טוידט. איהר ווייסט דאָך.

— יאָ, געוויס. ווען אַלזאָ וועט עס זיין?

— אָנפאַנג יאַנואַר. ענטשולדיגט, וואָס מיר האָבען עס אייך ביז אהער ניט געזאָגט.

אננעלע איז אריין. אין הארצען האָט איהם אַ זעץ געטהאָן און אלדי צערטליכקייט וואָס ער האָט צו איהר געפיהלט איז פלוצים ביטער געוואָרען און אין איהם איז אויפגעשטיגען יענע ליידענ־שאַפטליכע פיינדשאַפט, וואָס ווערט פון דער ליעבע, ווען די אייפערזוכט פייניגט איהר.

— איך האָב פאַר אייך עפּעס געבראַכט — האָט ער געזאָגט.

זי האָט איהם געענטפערט:

— אַלזאָ, מיר רופען איצט ווירקליך איינער דעם צווייטען „איהר".

ער האָט אָנגענומען אַ פאָטערליכע מינע:

— הערט אויס, קינדעלע, איך האָב געהערט, וואָס אייך שטעהט אין קורצען פאָר, און איך גלויב, אַז שפּעטער וועט עס דאָך נויטיג זיין; איז דאָך בעסער, אַז איך זאָל אייך יעצט שוין אָנהויבען זאָגען „איהר".

זי האָט אונצופריעדען אַ דריק געטהאָן מיט די אַקסלען, בעת די גרעפין האָט פערטראַכט געקוקט פאַר זיך.

אננעלע האָט געפרעגט:

— וואָס אזוינס האָט איהר מיר געבראַכט?

ער האָט איהר דערצעהלט פון דער פאָרשטעלונג און ווען ער וויל איינלאַדען. זי איז געווען גליקליך, איז איהם געפאַלען אויפ׳ן האַלז ווי אַ קינד און אַ קוש געטהאָן אין ביידע באַקען.

ער האָט זיך קוים געקענט איינהאַלטען אויף די פיס און ווען איהר קליין מיילכעלע מיט איהר פרישען אָטהעם האָט איהם צוויי מאָל לייכט בעריהרט, האָט ער בעגריעפען, אַז קיין מאָל אין לעבען וועט ער זיך ניט בעפרייען פון דעם דאָזיגען געפיהל.

די גרעפין האָט זיך אַ צאַפּעל געטהאָן און געזאָגט צו איהר טאָכטער:

— דו ווייסט דאָך, אַז פּאַפּאַ וואַרט אויף דיר.

— יאָ, מאַמאַ, איך געה גלייך!

און זי האָט זיך געלאָזט לויפען פון צימער, וואַרפענדיג מיט איהרע פינגער קושען.

אזוי שנעל ווי זי איז אוועק האָט אָליוויער געפרעגט:

— מאַכען זיי אַ האָכצייטס־רייזע?

— יאָ, זיי פאָהרען אוועק אויף דריי מאָנאַטען.

געגען זיין ווילען האָט ער ארויסגעשעפּטשעט:

— דעסטאָ בעסער.

— מיר וועלען ווידער זיין פּונקט אזוי ווי פריהער.

ער האָט געשטאַמעלט:

— איך האָף אזוי.

— אָבער ביז דאַן דאַרפסט איהר מיך ניט פאַרנאַכלעסיגען.

— ניין, מיין פריינדין.

זיין בענעהמונג נעכטען, ווען ער האָט זי געזעהן ווייגענדיג און זיין פּלאַן דעם מאַרקיז צו דער פאָרשטעלונג איינצולאַדען, האָבען דער גרעפין נייע האָפנונג איינגעגעבען.

דאָס האָט אָבער לאַנג ניט אָנגעהאַלטען. קוים איז אוועק אַ וואָך צייט, ווי זי האָט ווידער אויף זיין פּנים אַלע זיינע ליידען בעמערקט. געטריעבען פון דער אייפערזוכט, האָט זי זיי געמוזט זעהן, אויסערדעם איז זי דאָך אַליין אויך דורכגעגאַנגען אַלע די ליידען, וואָס ער האָט געליטען ביי אַננעלע׳ס אָנבליק.

צוויי שווערע קלעפּ האָבען איהר געטראָפען אין איין צייט, די עלטער און דער טרויער. די שוואַרצע קליידער, די בליהענדע יונגענד פון איהר טאָכטער האָבען געלאָזט שאַרפער ארויסטרעטען איהר בלייכקייט, איהר אויסגעמוטשעט, פערוועלקט פּנים, און געגען דעם איז זי געוועזן מאַכטלאָז, געגען דעם האָט אפילו איהר קאָקעטעריי אויך גאָרנישט געקענט טהאָן. אָפט האָט זי געהאַט

א ווילדען פערלאַנג אַרונטערצורייסען פון זיך די טויטען־קליידער, וועלכע מאַכען זי העסליך. ווען זי וואָלט געקענט אָנווענדען אַלע הילפסמיטעל פון דער עלעגאַנטקייט, ווען זי זאָל קענען אויס־קלייבען שטאָפען מיט מאַטע פאַרבען, וועלכע זאָלען זיך פּאַסען צו איהר געזיכטספאַרב, וואָלט זי נאָך אַלץ געקענט זיין שעהן און פערפיהרעריש. אַזוי אָבער אין די דאָזיגע שוואַרצע, טוידטע קליידער, וועלכע זי איז פער'משפּט צו טראָגען אַ גאַנצען יאָהר נאָכאַנאַנד, האָט זי גאָרנישט געקענט אָנהויבען צו טהאָן. אַ יאָהר, אַ גאַנץ יאָהר איז זי געווען געשמיעדט, בעזיעגט, אין שוואַרצען איינגעוויקעלט. אַ יאָהר נאָכאַנאַנד וועט זי פיהלען, ווי זי ווערט עלטער פון טאָג צו טאָג, פון שעה צו שעה, פון מינוט צו מינוט אין דעם דאָזיגען שוואַרצען קרייפּ שלייער. ווי וועט זי אויסזעהן אין אַ יאָהר אַרום, נאָך די אַלע יסורים און וועהטאָגען, וואָס פּלאָגען זי, וואָס פאַר אַ פּנים וועט זי דאַן האָבען?

אָט די דאָזיגע געדאַנקען האָבען זי מעהר ניט פערלאָזען אויף קיין איין מינוט, האָבען איהר פערדאָרבען אַלעס, וואָס זי האָט געוואָלט גְעניסען, פערוואַנדעלט יעדע פרייד אין שמערץ, ניט גע־לאָזען איהר קיין רוה, קיין צופריעדענהייט, קיין פרייען מוט. פול פערצווייפלונג האָט זי אָפּט געוואָלט אַרונטערוואַרפען פון זיך דעם גאַנצען עלענד, וועלכער האָט זי אַזוי נעדריקט, פאַרטרייבען פון זיך אַלע פינסטערע געדאַנקען, אָהן וועלכע זי האָט נאָך געקענט זיין גליקליך, פריש און געזונד! זי האָט געפיהלט אין זיך נאָך גענוג לעבען, פרישקייט און אַ יונג האַרץ, פול ליידענשאַפט, פול פערלאַנגען, פול בענקעניש נאָך ליעבע, נאָך גליק.

און איצט זיינען פון איהר אוועקגעריסען געוואָרען אַלע די שעהנע, רייצענדע, טהייערע, פּאָעטישע זאַכען, וועלכע מאַכען דאָס לעבען זיס און ליעב, דערפאַר ווייל זי איז אַלט געוואָרען. עס איז נעוועזן אויס און דאָך האָט זי געפיהלט אין זיך אַלע גע־פיהלען פון אַ יונג מיידעל און אַלע ליידענשאַפטען פון אַ יונגער פרוי. נור איהר ליִיב איז אַלט געוואָרען, איהר הויט, דער שטאָף

וואָס באַדעקט איהרעביינער איז ביסלעכווייז פאַרוועלקט, אָבגעבליאַקירט געוואָרען ווי דער בעצוג פון אַ שטיק מעבעל. דער דאָזיגער געדאַנק האָט זי אָהן אויפהער געפייניגט און איז געוואָרען כמעט ווי אַ קערפּערליכער וועהטאָג.

עס איז אַזוי ווייט געקומען, אַז עס האָט זיך איהר אויסגעוויזען, אַז זי פיהלט, ווי איהר הויט ווערט איינגעשרומפּפען און עס לייגען זיך דאָרט אוועק אונצעהליגע קליינע קנייטשלאַך. ווי איינער, וואָס ליידעט פון אַ הויט קראַנקהייט, האָט אימער אַ בעדירפעניש זיך צו קראַצען, אַזוי האָט איהר אונווידערשטעהליך געצווינגען צום שפּיעגעל, אום צו זעהן דעם חורבן, וואָס די צייט האָט אויף איהר פּנים אָנגעמאַכט. זי האָט געפיהלט, ווי עס שלעפּט איהר, עס ציהט איהר, עס רופט איהר זיך שטענדיג צו בעטראַכטען, מיט דעם פינגער די שפּורען פון דער בייזער צייט אָנצוטאַפּען. דאָס איז ביי איהר געוואָרען אַ קראַנקהייט, אַ פיקסע אידעע. זי האָט זיך אָפּט אָבגעשטעלט אין מיטען טראַטואַר אום זיך אין אַ שויפענסטער צו בעטראַכטען. זי האָט געטראַגען ביי זיך אַ גאַנץ קליין פודער שאַכטעלע פון עלעפאַנט ביין אַזוי גרויס ווי אַ וואַלאַכשער נוס, אויף וועמעס צודעק האָט זיך אַ קליין שפּיעגעלע געפונען, און מאַנכעס מאָל האָט זי עס אַרויסגענומען און געהענדיג אין דעם איינגעקוקט.

ווען זי האָט זיך געזעצט אין סאַלאָן אום צו לעזען אָדער שרייבען, זיינען איהרע געדאַנקען אויף אַ ווײַלע אָבגעצווינגען געוואָרען צו דער נייער בעשעפטיגונג, באַלד אבער האָט זי זיך ווידער גענומען קוועלען. זי האָט געקעמפּט געגען זיך אַליין, פּראָבירט צושטרייען זיך, טראַכטען וועגען אַנדערע זאַכען, די אַרבייט פאָרטצוזעצען. עס איז געוועזען אומזיסט, דער וואונש האָט זי ניט אויפגעהערט צו מאַטערען, און באַלד האָט זי געלאָזט פאַלען דאָס בוך אָדער די פעדער און מיט אַן אונווידערשטעהליכער בעוועגונג האָט זי אויסגעצווינגען די האַנד נאָך דעם קליינעם האַנד שפּיעגעל פון אַלטען זילבער, וועלכער איז אויף איהר שרייבטיש געלעגען. אין

דעם לענגליכען, געשניצטען ראהם האָט זיך בעוויזען איהר גאַנ־צער פּנים, ווי אַן אַלט בילד, אַ פּאָרטרעט פון פאָריגען יאָהר הונ־דערט, אַן אַמאָל פריש געפארבטע פאַסטעל, וועלכע איז אָבגעבליא־קירט געווארען פון דער זון. נאָכדעם ווי זי האָט זיך אַ לאַנגע צייט בעטראכט, האָט זי מיט אַ מידער בעוועגונג אוועקגעלייגט דעם קליינעם נעגענשטאַנד צוריק אויפ'ן טיש, און זיך געצוואונ־גען ווידער איהר פריהערדיגע בעשעפטיגונג אויפצונעהמען. אָבער זי האָט קוים צוויי זייטען געלעזען אָדער צוואנציג ציילען געשריע־בען און ווידער האָט איהר געגומען צופּען און ציהען זיך אין שפּי־געל צו זעהן און ווידער האָט זי די האַנד נאָך איהם אויסגע־שטרעקט.

איצט האָט זי דעם שפּיעגעל בעוועגט אין די הענד ווי אַ ליעבען, טייערען אוצר, וועלכען מען לאָזט אונגערן פון האַנד ארויס. זי האָט איהם גענוצט יעדען מאָמענט, אפילו ווען זי האָט איהרע פריינד צוגענומען. אָפט איז זי געווארען נערוועז און האָט געוואלט שרייען און צייטענווייז, ווען זי האָט איהם אין די פינגער געהאַלטען, האָט זי איהם געהאסט, ווי אַ לעבעדיגען וועזען. איין מאָל אין אַ געוויסען טאָג, ווען זי איז געווארען פער־צווייפעלט איבער דעם קאמפף, וואס איז פארגעקומען צווישען איהר אליין און דער שטיק גלאָז, האָט זי עס אַ שליידער געטהאָן אָן וואַנד, וואו דער שפּיעגעל איז אין שטיקער צושמעטערט גע־ווארען.

אָבער אין אַ קורצער צייט ארום האָט איהר איהר מאַן צו־ריקגעגעבען דעם שפּיעגעל, וועלכען ער האָט געלאָזט פארריכטען, אַ קלעהערערען און אַ העלערען ווי ווען עס איז. זי האָט איהם גע־מוזט נעהמען און זיך נאָך דערפאר בעדאנקען. און יעדען אבענד און יעדען פריהמאָרגען, ווען זי איז אליין אין איהר צימער גע־ווען האָט זי ווידער אין שפּיעגעל געקוקט און מיט אונגעדולד און הארץ וועהטאָג צוגעקוקט, ווי די צייט האַלט איהר אין איין פרעסען און נאָגען.

ביי נאַכט, ווען זי איז אין בעט געלעגען, האָט זי ניט גע־קענט איינשלאָפֿען, זי האָט אָנגעצונדען פייער, איז געבליבען וואַ־כעדיג און געטראַכט, ווי צרות און ליידען העלפען דער צייט צו מאַכען אַ תל פון אַ מענשען. אין דער שטילקייט פון דער נאַכט האָט זי געהערט דאָס געהן פון׳ם פענדעל אין זייגער, וועלכער האָט מיט זיין גלייכמעסיגען איינטאָניגען טיק־טאַק געשיינט צו זאָגען: „אַהין — אַהין — אַהין!” און איהר האַרץ איז צוריסען געוואָרען אויף שטיקער און זי האָט דעם ליילאַך צווישען איהרע צייהן פאַרשצעמעט אום איהרע קרעכצען צו דערשטיקען.

פריהער האָט זי, ווי די גאַנצע וועלט, געהאַט דאָס בעוואוסט־זיין, אַז די יאָהרען פליהען אַוועק און אַז מען ענדערט זיך מיט די יאָהרען. ווי די גאַנצע וועלט האָט זי געזאָגט צו זיך אַליין יעדען ווינטער, יעדען זומער, יעדען יעסען: „איך האָב זיך זעהר פאַרענדערט זייט לעצטען יאָהר.” אָבער אַזוי ווי זי איז אַלץ נאָך געבליעבען שעהן, האָט עס איהר ניט שטאַרק געאַרט. היינט האָט זי מיט אַמאָל, פּלוצים בעמערקט און פערשטאַנען, ווי מורא׳דיג די צייט יאָגט זיך.

יעצט האָט זי יעדען אין דער פריה, אַזוי שנעל ווי זי איז אויפגעשטאַנען געפיהלט אַ בעדערפעניש, נאָט צו בעטען, ביי איהם ערלייכטערונג און טרייסט צו זוכען.

דאַן האָט זי זיך אַרונטערגעלאָזען אויף די קניע פאַר אַ גרוי־סען פון דעמב געשניצטען קריסטוס, אַ זעלטענע קונסטווערק, וועלכע אָליוויען האָט איהר אַמאָל געשענקט. און מיט געשלאָ־סענע ליפּען, אָבער מיט׳ן גאַנצען האַרצען, מיט דער גאַנצער נשמה, האָט זי זיך מיט איהר שמערצליכען געבעט צו גאָט געווענ־דעט.

און ווי אַלע גלויביגע האָט זי ניט געצווייפעלט, אַז ער הערט איהר געבעט, און אפשר האָט ער אויך מיטלייד מיט איהרע ליי־דען. זי האָט איהם ניט געבעטען צו טהאָן פאַר איהר אַזוינס, וואָס ער טהוט פאַר קיין מענשען ניט, זי האָט איהם ניט געבע־

טען, ער זאָל איהר איבערלאָזען איהר שעהנהייט. איהר רייץ, איהר פרישקייט ביז צום טויט, ניין. זי האָט ביי איהם נור געבעטען אביסעלע רוה און נאָך אביסעלע צייט. זי האָט געמוזט אלט ווערען אזוי ווי זי האָט געמוזט שטאַרבען. אָבער פאר וואס אזוי שנעל? עס זיינען דאָ פרויען, וועלכע האַלטען איין אזוי לאַנג זייער שעהנקייט — קען ער ניט ערפילען איהר געבעט און מאַכען, אז זי זאָל זיין איינע פון יענע? ער, וועלכער האָט אליין אזוי פיעל געליטען, זאָל אויף איהר רחמנות האָבען און איהר אויף נאָך צוויי דריי יאָהר איבערלאָזען איהר חן, איהר רייץ, וועלכען זי מוז האָבען אום צו געפעלען.

זי האָט עס איהם ניט געזאָגט מיט ווערטער, אָבער איהר צוטומעלטע, איהר צוריסענע נשמה האָט עס צו איהם אויסגעקרעכצט.

און נאָכדעם ווי זי איז דאַן אויפגעשטאַנען האָט זי זיך געזעצט פאר'ן טואַלעט טיש און מיט דער זעלבער ערנסטקייט, ווי ביים געבעט, האָט זי גענומען פודער, בערשטלאַך, שמינקע און פּאָפּס, וועלכע האָבען איהר געזאָלט ווידערגעבען איהר פון טאָג צו טאָג אלץ בלאַסערע שעהנהייט.

## VI

אויף דעם בולוואר האָבען צוויי נעמען געקלונגען אין אַלע־מענס מויל: עממא העלסזאָהן און מאָנטראָזע. וואס נעהנטער מען איז צו דער אָפּערא צוגעקומען אַלץ עפטער האָט מען זיי געהערט. פון די אַפישען, וואו זיי זיינען געשטאַנען מיט ריע־זיגע בוכשטאַבען האָבען זיי זיך געוואָרפען דעם פאַרבייגע־הער אין די אויגען און די גאַנצע לופט איז דוכט זיך יענעם אבענד פול געוועזען מיט עפּעס בעזונדערעס, עפּעס אונגעוועהנליכעס.

שטראָמען האָבען זיך געצויגען צו דער מאַססיווער געביי־דע אונטער'ן נאָמען „נאַציאָנאַלע מוזיק אקאדעמיע,” מיט איהר פּראַכטפּאָלען ווייסען פּאַסאַד, מיט דער קאָלאָנאַדע פון מאַרמאָר־נע זיילען, וועלכע זיינען געוועזען בעלויכטעט מיט אונזיכטבארע עלעקטרישע לעמפּלאַך.

אויף דעם פּלאַץ האָבען פּאָליציסטען אויף פערד אַכטונג גע־געבען אויף דעם פאַרקעהר, און פון אַלע זייטען פון פּאַריז זיינען אָנגעקומען אונצעהליגע קאַרעטען, הינטער וועמעס אָפענע פענס־טער עס האָבען זיך געזעהן רייכע קליידער און שטאָפען און בלאַ־סע פּנים'ער.

די קויטשעס און לאַנדאיער האָבען זיך אויסגעשטעלט אין א לאַנגער קייט ארום דעם אָפּערא־הויז, האָבען זיך אויף א מאָ־מענט אָבגעשטעלט ביי דעם פּאַראַדנעם אריינגאַנג און דאַן זיינען יעדעם מאָל ארויסגעשטיגען פון זיי דאַמען פון דער הויכער גע־זעלשאַפט אין אבענד טואַלעטען און מאַנטלען מיט פּעלץ, מיט

פערערען אָדער מיט שפּיצען פון אונשעצבארען ווערט בעציערט.
איבער דער גאַנצער ברייט פון די בעריהמטע טרעפּ זיינען אָהן אויפהער געגאַנגען קעניגליך פּאַרפּוצטע דאַמען, אויף וועמעס בוזעמס און אויערען עס האָבען געפינקעלט בריליאַנטען און וועמעס לאַנגע שלעפּעס עס האָבען זיך איבער די שטיגען געצויגען.
דער זאַל האָט זיך בעצייטענס אָנגעפילט, דען מען האָט ניט געוואָלט פערלירען קיין איין טאָן פון די בעריהמטע קינסטלער; און אינ׳ם גאַנצען טהעאַטער אונטער דעם שטראַהלענדען שיין פון דער עלעקטרישער בעלייכטונג, וועלכע איז פון דעם גרויסען היינגלייכטער געפאַלען, האָט זיך אַן עולם מענשען בעוועגט אַהין און אַהער און אין לופטען האָט זיך געטראָגען אַן אונבעשטימטער גערויש.
פון דער לאָזשע אויף דער ביהנע, אין וועלכער עס זיינען שוין געזעסען די הערצאָגין, אַננעלע, דער גראַף, דער מאַרקיז, בערטין און הערר דע מוסאַדיע, האָט מען קיין זאַך ניט געזעהן אויסער די קוליסען, וואו מענשען זיינען געשטאַנען, געלאָפען אַהין און צוריק, גערופען, מאַשיניסטען אין בלוזען, הערען אין פראַקס, קינסטלער שוין אין די קאָסטיומען. אָבער אויף דער אַנדערער זייט פון דעם ריעזיגען ארונטערגעלאָזענעם פאָרהאַנג האָט מען גע־הערט דעם דומפּפען גערויש פון דער מאַסע, געפיהלט די אַנוועזענהייט פון טויזענד אונרוהיגע, אונגעדולדיגע מענשען.
עס האָט געזאָלט געשפּיעלט ווערען „פאוסט“.
מוסאַדיע האָט דערצעהלט אַנעקדאָטען איבער דער ערשטער אויפפיהרונג פון דעם דאָזיגען ווערק אין לירִיק טהעאַטער. די אָפּערא האָט אַן אויסערגעוועהנליכען ערפאָלג. ער האָט דערצעהלט פון די דאַמאָלסדיגע זינגער, פון זייער אַרט און ווייזע יעדען איינציגען נומער פּאָרצוטראָגען. אַננעלע איז געזעסען האַלב צו איהם געווענדעט און צוגעהערט זיך צו זיינע רייד מיט יענער בע־זונדערער אויפמערקזאַמקייט פון דער יוגענד, מיט וועלכער זי האָט איצט אַלעס אין דער וועלט אין זיך איינגעזויגען. פון צייט

צו צייט האָט זי געוואָרפען אַ צערטליכען בליק אויפ'ן חתן, וועל־כער האָט אין אַ פּאָר טעג אַרום געזאָלט ווערען איהר מאַן. זי האָט איהם איצט געליעבט, ווי עס ליעבען נאאיווע הערצער; דאָס הייסט, זי האָט געליעבט אין איהם אַלע איהרע האָפנונגען פאַר דער צוקונפט. זי האָט געציטערט פאַר ערוואַרטונג און פאַר אויפרעגונג, דער טומעל פון די ערשטע פעסטען האָבען זי בע־רוישט און ערוועקט אין איהר דאָס בעדירפעניש גליקליך צו זיין.

און אַליוויער, וועלכער האָט אַלעס געזעהן און אַלעס גע־וואוסט, וועלכער איז דורכגעגאַנגען דעם גיהנום פון פערבאָרגענער ליעבע, וועמענס נשמה איז צוריסען געוואָרען פון אייפערזוכט, וועמענס הארץ האָט געבלוטעט פון האָפנונגסלאָזער ליידענשאַפט, איז געשטאַנען אין הינטערגרונד פון דער לאָזשע און זיי בײדען אַנגעקוקט מיט אויגען פול פיין. דער דיריזשער האָט אַ קלאַפּ געטהאָן מיט זיין שטעקעלע און גלייך איז אַלעס שטיל געוואָרען, קיין פליסטערן, קיין הוסטען מעהר. דאַן נאָך אַ קורצער פויזע האָבען זיך דערהערט די ערשטע טאַקטען פון דער אָווערטיורע, וועלכע האָבען אָנגעפילט דעם רוים מיט דעם אונזיכטבאַרען צויי־בער פון טענער.

אליוויער איז געזעסען אין הינטערגרונד פון דער לאָזשע שמערצליך בעוועגט, עפּעס אַזוי ווי די דאָזיגע טענער וואָלטען די וואונדען פון זיין הארצען אויפגעריסען. אָבער ווען דער פאָר־האַנג האָט זיך אויפגעהויבען, האָט ער זיך עטוואָס אַ הויב גע־טהאָן און דערזעהן די דעקאָראַציע פון אַ לאַבאָראַטאָריע, אין וועלכער דער דאָקטאָר פאוסט איז געזעסען טיעף פערטראַכט.

ער האָט די אָפּערא שוין געהערט אודאי אַמאָל צוואַנציג, עס האָט זי געקענט כמעט אויף אויסווייניג, און זיין אויפמערקזאַמקייט איז פון דער שטיק צו די צושויער אַריבער. צווישען די קוליסען, הינטער וועלכע זייער לאָזשע האָט זיך געפונען, האָט ער נור גע־קענט זעהן אַ קליינעם טהייל פונ'ם טהעאַטער. אָבער דער דאָ־זיגער טהייל, וועלכער האָט זיך געצויגען פון אָרקעסטער ביז דעם

אויבערשטען באַלקאָן, האָט געצייגט א טהייל פונ'ם פובליקום, אין וועלכען ער האָט געזעהן א סך בעקאַנטע. אין פּאַרקעט זיינען געזעסען הערדן אין פראַקס און ווייסע שניפּסען. זיי זיינען געזעסען איינער נעבען צווייטען ווי א גאַנצע זאַמלונג פון בעוואוסטע פּנים'ער, דאָס זיינען אַלץ געוועזן מענשען פון דער הויכער וועלט; קינסטלער, זשורנאַליסטען, אַלע די יעניגע, וועלכע פעהלען קיין מאָל נישט דאָרט, וואו די גאַנצע וועלט געהט. אין דער ערשטער רייהע אויפ'ן באַלקאָן און אין די לאָזשען האָט ער געקענט יעדע דאַמע אָנרופען ביי איהר נאָמען. די גרעפין לאָקריסט איז געזעסען אין איהר לאָזשע און האָט אויסגעזעהן זעהר רייצענד, בעת עטוואָס ווייטער האָט זיך געפונען א יונגע פרוי, מאַרקיזע דע עבעלין, וועלכע האָט געהאַט ניט לאַנג געהייראַט. זי האָט אויפגעהויבען איהר אָפּערן גלאָז. „זי איז גאַנץ נעט", האָט בערטין געזאָגט צו זיך אַליין.

דער עולם האָט אויפמערקזאַם און ווי עס שיינט מיט טהייל־נאַהמע זיך צוגעהערט צו די קלאַנגען פון דעם טענאָר מאָנטראָזע איבער דאָס לעבען.

אַליוויער האָט געטראַכט: „אַזאַ אונזין. פאוסט, דער געטליכער פאוסט, בעקלאָגט די נישטיגקייט און דעם עקעל פון דאָס לעבען און דאָס פובליקום פרעגט זיך מיט אנגסט, אויב מאָנטראָזע'ס שטימע האָט ניט געליטען." דאַן האָט ער זיך צוגעהערט ווי אַלע איבעריגע און הינטער די באַנאַלע ווערטער פון דעם טעקסט־בוך האָט פאַר איהם, צוליעב דער מוזיק, וועלכע ערוועקט אין אונז טרוימען, אויפגעטויכט א בעגריעף, ווי אַזוי געטהע האָט זיך פאָרגעשטעלט פאוסט'ן.

ער האָט פריהער דאָס בוך געלעזען און עס איז איהם זעהר געפעלען, הגם עס האָט ניט געמאַכט אויף איהם קיין בעזונדערען איינדרוק, און איצט, פּלוצים האָט ער דערפיהלט זיין אונגעהייערע טיעפקייט, עס האָט זיך איהם געדאַכט עפּעס אַזוי ווי ער ווערט דיעזען אבענד אַליין א פאוסט.

אננעלע האָט זיך אָנגעשפּאַרט אויף דער פּאַרענץ פון לאָזשע און מיט דעם גרעסטען אינטערעס זיך צוגעהערט. און א צופריע־דענער געמורמעל איז דורכ'ן פּובליקום אריבער, ווייל מאָנטראָזע'ס שטימע איז נאָך אויסגעגליכענער, נאָך רונדער געוואָרען ווי פריי־הער.

בערטין האָט צוגעמאַכט די אויגען. זייט א מאָנאַט צייט האָט ער אַלעס, וואָס ער האָט געזעהן, וואָס ער האָט געפיהלט, וואָס ער האָט אין לעבען געטראָפען פערבונדען מיט זיין ליידענ־שאַפט. און האָט ער עטוואָס שעהנעס, עטוואָס זעלטענעס געזעהן, האָט ער זיך עטוואס רייצענדעס פארגעשטעלט, האָט ער עס גלייך געבראַכט אין פערבינדונג מיט זיין קליינער פריינדין. ער האָט איצט ניט געהאַט קיין איין געדאַנק, וואָס זאָל ניט האָבען קיין צוזאַמענהאַנג מיט זיין ליעבע.

טיעף ביי זיך אין הארצען האָט ער דערהערט פאוסט'ס קלאַנ־גען, און אין איהם איז געבאָרען געוואָרען א פערלאַנג צו שטאַר־בען, א וואונש אַלע זיינע ליידען צו ענדיגען, דעם גאַנצען עלענד און אַלע יסורים פון זיין אונגליקליכער ליעבע. ער האָט בע־טראַכט אננעלע'ס פיין געפאָרמטען פּראָפיל און דאַן דעם מאַרקיז פאַראַנדאַל, וועלכער איז געזעסען הינטער איהר און אויך געקוקט אויף איהר. ער האָט זיך דערפיהלט אַלט, אָבגעלעבט, א פער־לאָרענער מענש. וואָס פאַר א קוואַל דאָס איז, ניט צו קענען מעהר גאָרנישט ערווארטען, ניט האָבען מעהר קיין האָפנונג, ניט אפילו דאָס רעכט צו בעזיצען, עטוואָס צו ווינשען. ווי א בעאַמטער, וועלכער האָט איבערגעשריטען דעם גרענעץ פון אַלטקייט, און ווע־מעס קאַריערע איז צו ענדע.

אַן אַפּלויז איז געפּאַלען. מאָנטראָזע האָט שוין געזיעגט און מעפיסטאָ־לאַבאַריער האָט זיך פון אונטער דר'ערד בעוויזען. אלי־וויער, וועלכער האָט איהם אין דער דאָזיגער ראָלע קיין מאָל ניט געהערט, איז ווידער געוואָרען אויפמערקזאַם. די עראינערונג אָן אובין מיט זיין דראַמאַטישען באַס, אָן פאָורע מיט זיין וואונדער־

בּאַרען בּאַריטאָן, האָט איהם אויף אַ מאָמענט אויף אַנדערע גע־ראַנקען אַרויפגעבּראַכט.

אָבער פּלוצים האָבען צוויי פּערזען, וועלכע מאָנטראָזע האָט אויסגעדריקט מיט אונווידערשטעהליכער קראַפט, איהם ערשיטערט און געמאַכט ציטערן בּיז דער טיעפסטער טיעפעניש פון זיין האַר־צען. פאוסט האָט געזאָגט צו מעפיסטאָ:

— „גיב מיר דען שאַץ, דער אַלע אַנדערע אין זיך שליסט, גיב מיר די יוגענד ווידער".

און דער טענאָר האָט זיך בּעוויזען אין זיידענע קליידער, מיט דעם שווערד אויף אַ זייט, אין אַ הוט מיט אַ פעדער אויפ'ן קאָפּ, עלעגאַנט, יונג, פריש אין זיין עטוואָס געמאַכטער זינגער־שעהנהייט.

אַ געמורמעל איז איבּער'ן זאַאַל אַריבּער, ער האָט אויסגעזעהן פיין און איז געפעלען די פרויען.

אַליווייער אין געגענטהייל איז געוואָרען פערצווייפעלט, דען דאָס בּילד פון געטהע'ס גרויסער דראַמע איז פערשוואונדען בּיי דער דאָזיגער פערוואַנדלונג. פון איצט אָן האָט ער פאַר זיך מעהר גאָרנישט געזעהן אויסער אַ מעשה'לע מיט איינצעלנע שעהנע גע־געזאַנגס־נומערן, מיט טאַלאַנטפולע זינגער, בּיי וועמען ער האָט גע־זוכט נור זייער שטימע. דער מאַן אין די זיידענע קליידער, דער שעהנער יונג, וועלכער האָט דאָרט געטרילערט און זיינע פיס און זיינע טענער געצייגט, איז איהם ניט געפעלען. דאָס איז ניט געווען דער אמת'ער אונווידערשטעהליכער פאוסט, וועלכער האָט געזאָלט פערפיהרען די אונשולדיגע גרעטכען.

ער האָט זיך ווידער געזעצט, און בּיידע פערזען, וועלכע ער האָט פריהער געהערט, זיינען איהם צוריק אויפ'ן גערעכניש גע־קומען:

— „גיב מיר דען שאַץ, דער אַלע אַנדערע אין זיך שליסט, גיב מיר די יוגענד צוריק."

ער האָט זיי געמורמעלט צווישען די צייהן, געזונגען שמערצ־ליך טיעף אין זיין נשמה, דעם בּליק אויף אַננעלע'ס קאָפּ געריכ־

טעט און געפיהלט אין זיך די גאַנצע ביטערקייט פון דעם דאָזיגען אונמעגליכען וואונש.

אָבער מאָנטראָזע האָט גראַדע איצט די שלוס נאָטען פון דעם ערשטען אקט אזוי וואונדערבאַר געזונגען, אַז דער גאַנצער עולם איז בעגייסטערט געוואָרען; און אַ שטורעם פון געשרייען, אַ גע־פילדער, אַ ליארעם, אַ רופען, אַ בראַוואָ האָט דעם גאַנצען זאַאל פערהילכט. אין אַלע לאָזשען האָט מען די פרויען געזעהן קלאַפּענדיג מיט די הענד און הינטער זיי די מענער, וועלכע האָבען אפּלאָדירט און געשריען.

דער פאָרהאַנג איז געפאַלען און זיך צוויי מאָל נאָכאַנאַנד ווי־דער אויפגעהויבען און דער אפּלויז האָט נאָך אַלץ ניט אויפגעהערט. דאַן, ווען דער פאָרהאַנג האָט זיך אראָפּגעלאָזען צום דריטען מאָל, אבטהיילענדיג דאָס פובליקום פון דער ביהנע און די לאָזשען אויף דער ביהנע, האָבען די הערצאָגין און אננעלע נאָך אַלץ געקלאַפּט מיט די הענד און דערפאַר בעקומען אַ בעזונדערע פערנייגונג פון טענאָר אַלס דאַנק.

— אך, ער האָט אונז געזעהן! — האָט אויסגערופען אננעלע.

— וואָס פאַר אַ וואונדערבאַרער קינסטלער! — האָט מיט בע־גייסטערונג געזאָגט די הערצאָגין. און בערטין, וועלכער האָט זיך עטוואָס אַרויסגעבויגען, האָט מיט אַן אונבעשטימטען געפיהל פון אויפרעגונג און פעראַכטונג זיך צוגעקוקט, ווי דער גערופענער קינסט־לער איז צווישען צוויי טירען פערשוואונדען, מיט שטייפע טריט, די הענד אין די זייטען, נאָך אַלץ אין אַ טהעאַטראַלער פּאָזע. מען האָט פון איהם גערעדט. זיינע פערזענליכע ערפאָלגען האָבען אָנגע־מאַכט פונקט אַזאַ רויש ווי זיין טאַלאַנט. ער האָט בעזוכט אַלע הויפּט־שטעדט פון אייראָפּאַ און איז איבעראַל אויפגענומען גע־וואָרען מיט בעגייסטערונג פון די פרויען, וועלכע האָבען מיט הארץ־קלאַפּעניש איהם אויף דער ביהנע פערפאָלגט. איבריגענס האָט עס געהייסען, אַז ער קימערט זיך ווייניג וועגען די דאָזיגע סענטימענ־טאַלע בעגייסטערונג און בענוגענט זיך מיט זיינע מוזיקאַלישע ער־

פאַלגען. מוסאַדיע האָט פאַרזיכטיג און פאַרשטעלט, צוליעב אַננע־לע'ס אַנוועזענהייט, דערצעהלט פון דעם אַרט לעבען, וואָס דער שעהנער קינסטלער פיהרט און די הערצאָגין, וועלכע איז געווען אין גאַנצען הינגעריסען, האָט בעגריפען און גערעכט געגעבען אַלע פעַ־ריקטהייטען, וועלכע זיינען צוליעב איהם בעגאַנגען געוואָרען — אַזוי פערפיהרעריש, עלעגאַנט, פאַרנעהם און אמת קינסטלעריש האָט ער זיך איהר אויסגעוויזען. זי האָט געענדיגט מיט אַ שמייכעל:

— ווי קען מען ביישטעהן געגען אַזאַ שטימע?

אליוויער האָט זיך געערגערט און איז געוואָרען פערביטערט. ער האָט בשום אופן ניט געקענט פערשטעהן, ווי אַזוי אַן אַקטיאָר, וועלכער האַלט אין איין פאַרשטעלען מענשען און כאַראַקטערען, וואָס זיינען ניט ער אַליין, קען געפעלען ווערען. אין זיינע אויגען איז ער געווען ניט מעהר ווי אַ געפאַרבטער קערל, וועלכער איז בערייט פאַר אַזוי פיעל און אַזוי פיעל אַן אָבענד אַלע ראָלען צו זינגען.

— איהר זייט אייפערזיכטיג — האָט געזאָגט די הערצאָ־גין. — אי די הערן פון דער געזעלשאַפט, אי איהר, די קינסט־לער, פערגינט ניט די שוישפּיעלער, ווייל זיי האָבען מעהר ער־פאָלג פון אייך.

דאַן האָט זי זיך געווענדעט צו אַננעלע'ן:

— נו, זאָג דו אַקאָרשט קליינע, דו, וועלכע דו טרעטסט ערשט אין לעבען אריין און קוקסט נאָך אַרום זיך מיט געזונדע אויגען, ווי געפעלט דיר דער טענאָר?

אַננעלע האָט געענטפערט מיט איבערציינגונג:

— מיר געפעלט ער זעהר, ער איז גרויסאַרטיג!

די דריי קלעפּ צום צווייטען אַקט האָבען זיך דערהערט, און דער פאָרהאַנג האָט זיך אויפגעהויבען.

עס איז געווען וואונדערבאַר ווי די העלסזאָהן איז איבער דער ביהנע געטראָטען. עס האָט געשיינט, אַז אויך זי האָט איצט מעהר שטימע און בעהערשט זי בעסער ווי פריהער. זי איז וויר־

ליך געוואָרען די גרויסע, אויסגעצייכענטע, אומפערגלייכליכע קינסטלערין, וועמעס נאָמען האָט איבער דער וועלט געקלונגען ניט ווייניגער ווי ביסמארק׳ס און לעססעפּס׳עס.

ווען פאוסט איז צו איהר צוגעשטאַנען און די רייצענדע ווער־טער מיט זיין פערפיהרערישער שטימע געזונגען:

„מיין שעהנעס פריילין, דאַרף איך וואַגען,
מיין אָרעם און געלייט אייך אנצוטראַגען?"

און ווען די בלאָנדע, שעהנע גרעטכען האָט איהם געענט־פערט:

„בין וועדער פריילין, וועדער שעהן,
קאָן אונגעלייטעט נאָך הויזע געהן".

איז ווי א שטראָם פון פערגעניגען איבער׳ן גאַנצען זאַאַל אריבער.

ווען דער פּאָרהאַנג האָט זיך ארונטערגעלאָזען, האָט אויס־געבראָכען א געוואַלטיגער אפּלויז און אַננעלע האָט געקלאַפּט אַזוי לאַנג, אז בערטין האָט לוסט געהאַט, איהרע הענד אָנצונעהמען און זיי פעסטהאַלטען, אום זי זאָל אויפהערען צו אַפּלאָדירען. נייע יסורים האָבען איהם איצט געפּייניגט. ער האָט ניט אויסגע־רעדט א וואָרט בעת דעם אנטראַקט, דען ער האָט אין זיינע גע־דאַנקען פערפאָלגט, כמעט מיט האַס, דעם זינגער, וועלכער האָט דאָס קינד אַזוי בעגייסטערט.

דאַן איז געקומען די גאָרטען סצענע.

גלייך האָט זיך עטוואָס ווי ליעבעס פיבער איבער׳ן גאַנצען טהעאַטער פערשפּרייט. דען די דאָזיגע מוזיק, וועלכע טראָגט זיך אין דער לופטען ווי א הויך פון קושען, איז נאָך קיין מאָל פון אַזעלכע קינסטלער ניט געזונגען געוואָרען. עס זיינען שוין ניט געווען מעהר צוויי בעריהמטע זינגער, שוין ניט מעהר מאַנטראָזע און די העלסזאָהן, זאָנדערן צוויי אידעאַלע וועזענס, אָדער איי־גענטליך נור צוויי שטימען, די אייביגע שטימע פונ׳ם מאַן, וועל־כער ליעבט, די אייביגע שטימע פון דער פרוי, וועלכע גיט זיך

אָב. און צוזאַמען האָבען זיי אויסגעזיפּצט דעם גאַנצען צויבער פון דער ליעבע, וועלכע איז געגעבען געוואָרען דעם מענשען.

ווען פּאוסט האָט געזונגען:

— „לאָז מיך דיין אַנטליץ שויען” —

האָט פון זיינע טענער געקלונגען אַזאַ פערגעטערונג, אַזאַ גע־בעט, אַז אַ ליעבעם בענקעניש האָט אויף אַ מאָמענט אַלעמענס הערצער אָנגעפילט.

אַליווייער האָט זיך דערמאָנט, אַז ער אַליין האָט אין פּארק פון ראַנסיערעס אונטער די פענסטער פון שלאָס די דאָזיגע ווערטער געזונגען. ער האָט זיי ביז אַהער געהאַלטען פאַר עטוואָס באַנאַל, אָבער איצט זיינען זיי איהם געקומען אויף די ליפּען, ווי אַ לעצ־טער געשריי פון דער ליידענשאַפט, אַ לעצטער געבעט, די לעצטע האָפנונג, די לעצטע פרייד, וואָס ער האָט נאָך געקענט פון לעבען ערוואַרטען.

דאַן האָט ער זיך מעהר צו קיין זאַך ניט צוגעהערט, קיין זאַך ניט געהערט. מוראַ'דיגע אייפערזוכט האָט איהם זיין האַרץ צוריסען, דען ער האָט נור וואָס בעמערקט, ווי אַננעלע האָט איהר טאַשענטיכעל צו איהרע אויגען צוגעדריקט.

זי האָט געוויינט. איהר האַרץ האָט ערוואַכט, האָט זיך אויפ־גערעגט און געשלאָגען, איהר קליין מיידעלשע הערצעלע, וועלכע האָט נאָך פון קיין זאַך ניט געוואוסט. אָט דאָ, אַזוי נאָהנט פון איהם, הגם זי האָט וועגען איהם גאָרניט געטראַכט, האָט זי גע־זעהן, ווי די ליעבע טרייסעלט אויף אַ מענשליכע האַרץ. און די דאָזיגע ערוואַכונג האָט אין איהר אַרויסגערופען יענער פּוסטער אָנגעפּאַרבטער זינגער, דאָרט אויף דער ביהנע.

— אַך, ער איז שוין מעהר ניט בייז געווען אויף דעם מאַר־קיז פאַראַנדאַל, אויף דעם דאָזיגען דומקאָפּ, וועלכער האָט גאָר־נישט געפּיהלט. אָבער ער האָט געהאַסט דעם מאַן אין די ענגע טריקאָ, וועלכע האָט דיעזע מיידעלשע נשמה אַזוי בעצויבערט.

ווי זי האָט עס זיך צוגעהערט, ווי זי האָט געציטערט און

ווי ער האָט געליטען; ער האָט שוין פריהער אויך גענוג גע־
ליטען, אָבער אַזוי שטאַרק נאָך ניט. און ער האָט געטראַכט וועגען
אַלע פריהערדיגע ליידען, אַלע קוואַלען פון אייפערזוכט האָבען
איהם ווידער גענומען מאַטערן, ווי וואונדען, וועלכע האָבען זיך
ווידער געעפענט. אין ראַנסיערעס איז דאָס געווען, ווען זיי זיינען
פון קירך־הויז צוריקגעגאַנגען, דאָרט האָט ער געפיהלט צום ערש־
טען מאָל, אַז איהר נשמה שוועבט אַוועק פון איהם, אַז ער האָט
קיין מאַכט ניט איבער איהר, איבער דאָס דאָזיגע יונגע מיידעל,
וועלכע איז אַרומגעלאָפען איבער'ן פעלד, פריי ווי אַ יונגע חיה'לע.
אָבער דאָרט, ווען זי איז אַנטלאָפען צו רייסען בלומען, האָט ער
געפיהלט אַ ברוטאַלען פערלאַנג זי איינצוהאַלטען, איהר קערפער
נעבען זיין זייט צו פערהאַלטען. היינט אָבער איז עס געווען איהר
נשמה, וועלכע איז אויף אייביג פון איהם אַנטלאָפען. ער האָט
זיך דערמאָנט ווי די אייפערזוכט האָט איהם ביסלעכווייז גע־
נומען שטעכען. יעדעסמאָל, ווען זי האָט עטוואָס געזעהן, בע־
וואונדערט, געליעבט אָדער פערלאַנגט, איז ער אייפערזיכטיג גע־
ווען. אייפערזיכטיג אויף אַלעס, נאָכאַנאַנד אייפערזיכטיג אויף
אַלעס, אויף וואָס אַננעלע'ס בליק איז געפאַלען, וואָס האָט איהר
אויפמערקזאַמקייט, איהר פערוואונדערונג, איהר געלעכטער אַרויס־
גערופען, דען דאָס אַלעס האָט ביי איהם צוגענומען עטוואָס, וואָס
האָט געהערט צו איהם. ער איז געווען אייפערזיכטיג אויף
אַלעס וואָס זי האָט אָהן איהם געטהאָן, אויף אַלעס פון וואָס ער
האָט ניט געוואוסט, אויף איהרע שפּאַציער גיינג, איהרע ביכער,
אויף אַלעס, וואָס איז איהר געפעלען געווען. אייפערזיכטיג אויף
אַן אָפיציער, וועלכער איז נאָך אַ העלדישען קאַמפּף געפאַלען אין
אַפריקאַ און פון וועלכען מען האָט אין פּאַריז גערעדט אַן אַכט טאָג
נאָכאַנאַנד; אייפערזיכטיג אויף דעם פערפאַסער פון אַ ראָמאַן,
וועלכער איז זעהר בעריהמט געוואָרען; אייפערזיכטיג אויף אַן
אונבעקאַנטען, יונגען דיכטער, וועמען זי האָט קיין מאָל ניט גע־
זעהן, אָבער וועמעס פערזען מוסאַדיע האָט פאַר איהר פאַרגע־

לעזען; אייפערזיכטיג אויף אלע מענער, וועלכע מען האט אין איהר געגענווארט געלויבט; אייפערזיכטיג אויף א גאנץ נארישען קליינליכען אופן, דען ווען מען ליעבט א פרוי, קען מען ניט פער־טראגען, אז זי זאל האבען א אינטערעס פאר אירגענד וואס, ווייל מען פיהלט דאן א שטארקע בעדירפעניש גאנץ אליין פאר איהרע אויגען צו שטעהן. מען וויל, זי זאל קיינעם ניט זעהן, קיינעם ניט קענען, קיינעם ניט שעצען. ווען זי קוקט זיך ארום, אום אימיצען צו בעטראכטען אדער צו דערקענען, שטעלט מען זיך צווישען איהר בליק און ווען מען קען איהרע אויגען ניט אב־ווענדען און אין גאנצען צו זיך צוציהען, דאן טהוט עס וועה ביז אין דער טיעפעניש פון דער נשמה.

אזוי האט בערטין געליטען דורך דיעזען זינגער, וועלכער האט געשיינט צו פערשפרייטען און געווינען ליעבע אין דעם גרוי־סען זאאל, און איז געווארען אויפגעבראכט אויף דער גאנצער וועלט פאר דעם בייפאל, וואס דער טענאר האט געקריעגען; אויפגעבראכט אויף די פרויען, וועלכע ער האט געזעהן זיצענדיג אויפגערעגט אין זייערע לאזשען; אויף די מענער, די נארען, וועל־כע האבען דעם דאזיגען טריקאענעם העלד אן אוואציע געמאכט.

א קינסטלער! זיי האבען איהם געהאלטען פאר א קינסט־לער. און ער האט געהאט ערפאלג, דער דאזיגער פוסטער יונג, וועלכער איז נור געוועזען א דאלמעטשער פון פרעמדע געפיהלען. אזא ערפאלג, ווי די בעשאפער אליין האבען נאך קיין מאל ניט געהאט. אין דעם האט זיך געצייגט דער גערעכטיגקייטס־געפיהל, די אינטעליגענץ פון דער געזעלשאפט, פאר וועלכער די אמת׳ע מייסטער פון דער קונסט האבען ביז צו זייער טויט געארביים. און ער האט זיי געזעהן, די דאזיגע העררן און דאמען פון דער געזעלשאפט, ווי זיי האבען געקלאפט, געשריען, זיך בעגייסטערט, און יענע אלטע פיינדשאפט, וואס האט אימער אין דער טיעפעניש פון זיין שטאלצען, עהרגייציגען הארצען געשלומערט, האט זיך איצט פערוואנדעלט אין פערצווייפלונג, אין א מורא׳דיגען כעס

אויף די אַלע דומקעפּ, וועלכע האָבן געהאַט די מאַכט נור צו־ליעב זייער געבורט און געלד.

ביז צו דער ענדע פון דער פאָרשטעלונג האָט ער געשוויגן, פערנומען מיט זיינע אייגענע געדאַנקען. דאַן, ווען דער לעצטער שטורעם פון בעגייסטערונג האָט זיך צום סוף איינגעשטילט, האָט ער דערלאַנגט זיין אָרעם דער הערצאָגין, בעת אַננעלע האָט אָנ־גענומען דעם מאַרקיז אונטער'ן האַנד. אין אַ הו־האַ פון שטימען, אין אַ מין שטראָם פון פּראַכטפאַלע קליידער און שוואַרצע פּראַקען זיינען זיי אַרונטער פון די ברייטע טרעפּ. דאַן האָבן זיך די הערצאָגין, אַננעלע, איהר פאָטער און דער מאַרקיז געזעצט צו־זאַמען אין אַ קאַרעטע, בעת אַליוויער בערטין און מוסאַדיע זיינען געבליעבען שטעהן אַליין נעבען דעם אָפּעראַ הויז.

פלוצים האָט בערטין דערפיהלט עטוואָס ווי צונייגונג צו דעם בעקאַנטען מוסאַדיע'ן, עטוואָס פון יענער נאַטירליכער הערצ־ליכקייט, וועלכע מען דערפיהלט צו אַ לאַנדסמאַן, ווען מען טרעפט איהם אין אַ פרעמד לאַנד. דען אונטער די אַלע גלייכגילטיגע מענשען, האָט ער זיך איצט געפיהלט פערלאָרען און פרעמד, בעת מיט מוסאַדיע'ן האָט ער זיך דאָך וויינינגסטענס געקענט דורכריי־דען. ער האָט איהם גענומען אונטער'ן אָרעם און געזאָגט:

— איהר געהט דאָך ניט גלייך אַהיים. עס איז אַזוי שעהן, לאָמיר זיך אַביסעל דורכגעהן.

— מיט פערגעניגען.

און זיי זיינען אַוועק צו דער מאַדעליינע דורך די ביינאַכטיגע שטראָמען מענשען, וועלכע טהוען זיך אַ לאָז נאָך האַלבער נאַכט פון די טהעאַטערס איבער די בולוואַרען.

מוסאַדיע האָט געהאַט טויזענד זאַכען אין קאָפּ, אַלע נייעסען, אַלעס, פון וואָס מען האָט גערעדט, האָט ער געוואוסט און זיך מיט דעם געאינטערעסירט, אָבער איצט האָט ער זיך בעגנוגענט צו ריידען פון צוויי דריי זאַכען, וועלכע האָבען איהם אַם מייסטען אינטערעסירט. דער מאַהלער האָט איהם געלאָזט רעדען, האָט

אָבער ניט געהערט וואָס ער רעדט און געטראַכט, אַז ער וועט איהם ברענגען דערצו, אַז ער זאָל רעדען פון איהר. און פול מיט זיין ליעבע איז ער געגאַנגען ניט זעהענדיג קיין זאַך אַרום זיך.

ער האָט געטראַכט, אַז וואָס ווייטער וועט ער אַלץ מעהר און מעהר ליידען, אַז אומעדיגע טעג וועלען פאָלגען איינער נאָכ'ן אַנדערען. אין זיינע געדאַנקען האָט ער געזעהן אַננעלע'ן, געזעהן זי גליקליך, געליעבט, און אַליין אויך ליעבענדיג. ליעבענדיג! גאָט אין הימעל, פיליכט וועט זי אויך האָבען אַ ליעבהאָבער, ווי איהר מוטער האָט געהאַט. ער האָט זיך דערפיהלט אַזוי טרויעריג, אַזוי אונגליקליך, אַזוי דערשלאָגען, אַז ער האָט זיך ניט געקענט פאַרשטעלען, אַז ווער עס איז זאָל האָבען אַזוי געליטען ווי ער. און פּלוצים איז איהם איינגעפאַלען דער קינדערשער איינפאַל פון די דיכטער, וועלכע האָבען געמאָהלען די ליידען פון דעם גאָט פּראָמעטעאוס, ביי וועמען רויבפויגעל האָבען דאָס האַרץ אויסגעפּיקט. וואָלטען זיי געהאַט אַן אהנונג פון דער פערצווייפעלטער ליעבע פון אַן אַלטען מאַן צו אַ יונג מיידעל, וואָלטען זיי דאַן בעסער געשילדערט די מורא'דיגע געהיימע ליידען פון אַ מענשען, וועלכער קען מעהר נישט ליעבען. די קוואַלען פון אונגעשטילטע פערלאַנגען, וועלכע זיינען מורא'דיגער פונ'ם שנאָבעל פון דער רויב־פויגעל. דאַן וואָלטען זיי געשילדערט אַ קליין בלאַנד, ליכטיג פּנים'על, וועלכער צופּליקט אַן אַלט פערוואונדעט האַרץ.

מוסאַדיע האָט נאָך אַלץ גערעדט און בערטין האָט פּלוצים געגנען זיין איינענעם ווילען איהם אונטערבראָכען און אַרויסגעמורמעלט:

— אַננעלע איז געוועזען רייצענד שעהן היינט ביינאַכט.

— יאָ, וואונדערשעהן.

דער מאַהלער האָט פאָרטגעזעצט, אום ניט צו דערלאָזען מוסאַדיע'ן, ער זאָל ווייטער דערצעהלען דאָס זייניגע:

— זי איז שעהנער, ווי איהר מוטער איז ווען עס איז געוועזען.

יענער האָט געענטפערט צושטרייט:

— יאָ, יאָ, יאָ — קענטיג , אַז ער האָט געטראַכט וועגען עטוואָס אַנדערעס.

אַליוויער האָט זיך בעמיהט איהם איינצוהאַלטען ביי דעם דאָ־זיגען געשפּרעך און אום איהם צו געווינען, האָט ער גענומען ריידען פון מוסאַריע׳ס אַ ליעבלינגס־טעמאַ, ער האָט געזאָגט:

— ווען זי וועט זיך פערהייראַטען, וועט זי האָבען איינעם פון די ערשטע סאַלאָנען פון פּאַריז.

דאָס איז געווען גענוג. און דער אינספּעקטאָר פון דער שעהנער קונסט, וועלכער איז געווען דורך און דורך אַ געזעלשאַפטס־מענש, האָט גענומען גענוי אויסרעכענען, וואָס פאַר אַ שטעלונג די מאַר־קיזע פאַראַנדאַל וועט שפּעטער פאַרנעהמען אין דער פראַנצוי־זישער געזעלשאַפט.

בערטין האָט זיך צוגעהערט און געזעהן אַננעלע׳ן פאַר זיך אין אַ העל בעלויכטענעם סאַלאָן, אַרומגערינגעלט מיט הערען און דאַמען, און דאָס דאָזיגע בילד האָט איהם ווידער אייפערזיכטיג געמאַכט.

איצט זיינען זיי געגאַנגען איבער דעם פּאַרק מאַלעס הערבעס. ווען זיי זיינען פערביי גילערי׳ס הויז פערבייגעגאַנגען, האָט דער מאַהלער אַרויפגעקוקט אויבען. דורך דעם פאָרהאַנג האָט זיך גע־זעהן דער שיין פון בעלייכטונג. ער האָט געקריגען אַ פערדאַכט, אַז די הערצאָגין און איהר פלימעניק זיינען אודאי דאָרט פער־בעטען געוואָרען אויף אַ גלאָז טהעע און פּלוצים האָט איהם גע־נומען שטיקען אַ כעס, אַ מורא׳דיגער צאָרן.

ער האָט נאָך אַלץ געהאַלטען מוסאַריע׳ן אונטער׳ן אָרעם און האָט פון צייט צו צייט געזוכט מיט אַ וואָרט, אַ בעמערקונג, איהם צו מאַכען ווייטער רעדען פון דער צוקינפטיגער מאַרקיזע.

ווען זיי זיינען צו דעם מאַהלער׳ס טיר צוגעקומען אין דער עוועניו דע בילליערס, האָט בערטין געפרעגט:

— קומט איהר אַרויף?

— ניין, אַ דאַנק. עס איז שפּעט, איך וויל געהן שלאָפען.

— קומט אַרויף אויף אַ האַלב שעה, מיר וועלן נאָך אַ ווײַלע פּלוידערן.

—ניין, עס איז צו שפּעט.

דער געדאַנק צו בלײַבן אַליין נאָך די אַלע קוואַלען, וואָס ער האָט היינטיגן אָבענד איבערגעליטען, האָט איהם געשראָקען. איצט האָט ער אימיצען געהאַט נעבען זיך און ער האָט איהם מיט אַלע מעגליכקייטען געוואָלט איינהאַלטען.

— קומט אַרויף, איך בעט אייך. איהר וועט דאָרט אויס־זוכען אַ צייכנונג, וועלכע איך האָב אייך שוין לאַנג געוואָלט שענקען.

מוסאַדיע האָט געוואוסט, אַז די מאַהלער זיינען ניט אימער אין אַ שטימונג צו שענקען בילדער, און ווען זיי זאָגען אַמאָל אפילו יאָ צו ווערט זייער זכרון אָפט קורץ. אַלס אינספּעקטאָר פון דער שעהנער קונסט, האָט ער נעהאַט אַ גאַנץ שעהנע בילדער־זאַמלונג. ער האָט ניט געוואָלט פערליערען די געלעגענהייט און האָט זיך אָבגערופען:

—גוט, איך געה מיט.

זיי זיינען אַריין אין הויז.

אַ דיענער איז אויפגעוועקט געוואָרען און ער האָט זיי גע־בראַכט גראָג, און אַ צייט לאַנג האָבען זיי גערעדט פון מאַהלעריי. בערטין האָט איהם געצייגט צייכנונגען און געבעטען אויסצוקלײַ־בען אַזאַ, וואָס געפעלט איהם אַם בעסטען. און מוסאַדיע האָט גע־צעגערט, ווייל פאַר דער גאַז־בעלייכטונג האָט מען די פאַרבען ניט געקענט גוט דערקענען. צום סוף האָט ער אויסגעקליעבען אַ גרופּע קליינע מיידלאַך, וועלכע האָבען אויפ׳ן טראָטואַר גע־שפּרונגען איבער אַ שפּרינגער, און האָט גלייך געוואָלט דערמיט אוועקגעהן.

— איך וועל עס אייך שיקען אַהיים — האָט געזאָגט דער מאַהלער.

— ניין, איך וועל עס גלייך מיטנעהמען, כדי איך זאָל עס קענען נאָך אַמאָל בעטראַכטען איידער איך געה שלאָפען.

עס איז ניט מעגליך געוועזן איהם מעהר אָבצוהאַלטען, און ווידער איז אָליוויער בערטין געבליבען אַליין אין הויז, אין דעם דאָזיגען געפעננגנים פון זיינע עראינערונגען און זיינע שמערצליכע קאַמפּפען.

ווען דער דיענער איז אויף מאָרגען אין דער פריה געקומען מיט דעם טהעע און די צייטונגען, האָט ער געפונען זיין בעל־הבית זיצענדיג אין בעט, אַזאַ בלייכען, אַז ער האָט זיך דער־שראָקען:

— זייט איהר קראַנק, בעל־הבית?

— עס איז גאָרנישט, דער קאָפּ טהוט מיר וועה.

— זאָל איך אפשר עפּעס ברענגען?

— ניין. ווי איז דער וועטער?

— עס רעגענט.

— גוט.

דער דיענער האָט ווי געוועהנליך אוועקגעשטעלט די טאַץ מיט'ן טהעע און די צייטונגען אויף דעם נאַכטטישעל און איז אוועק.

דער מאַהלער האָט גענומען דעם פיגאַראָ און איהם געעפענט. דער לייט־ארטיקעל האָט געלויטעט:

„מאָדערנע מאַהלעריי".

עס איז געוועזן אַ לויבגעזאַנג אויף די פיער אָדער פינף יונגע מאַהלער, וואָס האָבען געהאַט אַ קרעפטיגען קאָלאָריסטישען טאַלאַנט, וועלכען זיי האָבען אביסעלע איבערטריעבען מיט עפעק־טען. זיי האָבען זיך געהאַלטען פאַר רעוואָלוציאָנערען און אומ־שטירצענדע זשענים.

ווי אַלע אנדערע האָט זיך בערטין געערגערט איבער די יונ־גע. זייערע מיינונגען האָבען איהם געמאַכט נערוועז, אין זייערע לעהרען האָט ער ניט געגלויבט.

און ער האָט גענומען לעזען דעם אַרטיקעל מיט דעם כעס פון אַן אויפגערעגטען נערוועזען מענשען. עטוואָס ווייטער אונ־טען האָט ער בעמערקט זיין נאָמען. און צו ענדע פון אַ זאַץ האָבען איהם, ווי אַ זעץ אין הארצען, געטראָפען די ווערטער: „די פערעלטערטע קונסט פון אַליוואַיער בערטין".

שלעכטע קריטיקען האָבען איהם אימער ווען געטהאָן, פונקט ווי לויבגעזאַנגען האָבען איהם געשמייכעלט. אָבער אין דער טיעפעניש פון זיין נשמה האָט ער טראָץ זיין אייגענליעבע פיעל מעהר געליטען פון די אַנגריעפען, ווי ער איז אימשטאַנד געווען זיך צו פרעהען מיט לויבגעזאַנגען, דאָס איז געקומען פון דער שטענדיגער אונזיכערהייט אין זיך אַליין. פריהער, ווען ער האָט זיך געפונען גאָר פון אויבען, האָט מען איהם אַזוי פיעל געלויבט, אַז ער האָט צוליעב דעם פערגעסען די פּאָר שטעכיגע שפּילקעס, וואָס ער האָט פון צייט צו צייט געקריעגען. היינט אָבער, ווען פון אַלע זייטען האָבען זיך אַלץ נייע קינסטלער בעוויזען, זיינען די לויבגעזאַנגען געוואָרען אַלץ זעלטענער און די אַנגריעפען אַלץ שאַרפער. איצט האָט ער געפיהלט, ווי מען רעכענט איהם צו צו די אַלטע, פאַר וועמען די יונגע קינסטלער האָבען גאָר קיין דרך־ארץ ניט. און אַזוי ווי ער איז געווען קלוג און שאַרפזיניג, האָט ער געליטען פון קלענסטע אָנצוהערענישען פונקט אַזוי פיעל ווי פון די דירעקטע אַנגרייפען.

און דאָך האָט קיין קלאַפּ, וואָס זיין קינסטלער־שטאָלץ האָט ביז אהער געקראָגען, איהם ניט אַזוי שאַרף געטראָפען, ווי דער היינטיגער. מיט אַן איינגעהאַלטענעם אָטהעם האָט ער גע־לעזען דעם אַרטיקעל נאָך אַמאָל, אום יעדע קליינינגקייט צו פער־שטעהן. ער מיט נאָך אַ פּאָר קאָלעגען זיינען דאָרט מיט בע־לייריגענדע ווערטער אַנגעגריעפען געוואָרען, ווי אַלטע, אויס־געלעבטע און איבעריגע זאַכען. און ער האָט זיך אויפגעהויבען מורמלענדיג די לעצטע ווערטער: „די פערעלטערטע קונסט פון אַליוואַיער בערטין".

„הייסט עס, אַלעס איז אויס", האָט ער געטראַכט, „אי גייסטיג, אי קערפּערליך גײה איך צו גרונד", און אויף איהם איז אָנגעפאַלען אַזאַ טרויעריגקייט, אַזאַ מוטלאָזיגקייט, אַזאַ פּער־צווייפלונג, ווי ער האָט עס ביז אהער נאָך קיין מאָל ניט געפיהלט. ביז צוויי אַזייגער איז ער געבליבען זיצען אין אַ פאָטעל ביים קאַמין, די פיס צום פייער אויסגעשטרעקט. ער האָט ניט געהאַט קיין כח זיך צו בעוועגען אָדער וואָס עס איז צו טהאָן. דאַן האָט ער גענומען בענקען נאָך אַ טרייסט וואָרט, נאָך אַ דרוק פון אַ פריינדליכער האַנד, נאָך אַ בליק פון אַ טרייער אויג. עס האָט זיך איהם פאַרוואָלט זעהן מיטגעפיהל, מיטלייד, הערען אַ פּאָר ליעבע לאַסטשענדיגע ווערטער. און ער איז ווי אימער אַוועק צו דער גרעפין.

ווען ער איז אריין איז אַננעלע געווען אַליין אין סאַלאָן. זי איז געבליעבען שטעהן מיט'ן רוקען צו איהם און געשריעבען אַן אַדרעס אויף אַ בריעף. אויפ'ן טיש נעבען איהר איז געלעגען דער פיגאַראָ. בערמין האָט דערזעהן דאָס יונגע מיידעל און די צייטונג אין איין צייט, ער איז געבליעבען שטעהן ווי אַ דער־הרג'עטער און ניט געוואַגט צו טהאָן אַ טריט ווייטער. טאָמער האָט זי עס געלעזען! זעהר געאיילט, בעשעפטיגט מיט עפּעס אַ קליינע מיידעלשע אידעע, האָט זי זיך אומגעקעהרט צו איהם און געזאָגט:

— אָה, ווי געהט עס, הערר מאַהלער. נעהמט דאָס ניט פאַר אומגוט, וואָס איך גײה אַוועק, די שניידערקע איז אויבען און זי דאַרף מיך האָבען. ווייסט איהר, פאַר אַ חתונה איז די שניידערין זעהר אַ וויכטיגע פּערזאָן. איך שיק אייך די מאַמאַ. וועלכע בעראַט זיך איצט מיט איהר וועגען געוויסע זאַכען. ווען איך וועל זי דאַרפען, וועט זי מוזען ווידער אַרויפגעהן אויף אַ פּאָר מינוטען.

און האַלב לויפענדיג, כדי צו צייגען ווי זי איילט זיך, איז זי אַוועק.

איהר פלוצימדיגער אנטלויפען, אָהן א גוט וואָרט, אָהן א פריינדליכען בליק, האָט איהם נאָך מעהר צומישט. דאַן איז זיין אויג ווידער געפאַלען אויף דעם פיגאַראָ און ער האָט א טראַכט געטהאָן: „זיי האָבען עס אודאי געלעזען. מען מאַכט מיר צו גאָרנישט, מען בעשמוצט מיך, זי גלויבט ניט מעהר אין מיר, איך בין אין איהרע אויגען מעהר גאָרנישט ווערטה.״

ער איז צוגעגאַנגען צו דער צייטונג, ווי צו א מענשען, וועלכען מען וויל געבען אין באַק. דאַן האָט ער געזאָגט צו זיך אליין: „און אפשר האָט זי עס נאָך ניט געלעזען, זי איז היינט אַזוי בעשעפטיגט. אָבער מען וועט דערפון רעדען אין איהר געגענוואַרט, היינט צום טיש וועט מען אָהן צווייפעל עס דער־מאָנען. און דאַן וועט זי עס וועלען לעזען.״

מיט א פלוצימדיגער בעוועגונג האָט ער א כאַפּ געטהאָן די צייטונג, זי צוזאַמענגעלעגט און שנעל, ווי א גנב, זי אין קע־שענע אריינגעשטעקט.

די גרעפין איז אריין. און ווי נור זי האָט דערזעהן אלי־וויער׳ס איינגעפאַלענעם, בלייכען פּנים, האָט זי פערשטאַנען, אַז זיינע ליידען האָבען דערגרייכט צו דער העכסטער שטופע. זי איז צוגעגאַנגען צו איהם, איהר אָרימע האַרץ, וועלכע איז אויך געוועזען אַזוי צוריסען, איהר אויסגעמוטשעטער לייב, וועלכער איז אויך געוועזען געפייניגט, האָבען זיך א ציה געטהאָן צו איהם. זי האָט ארויפגעלייגט איהר אָרעם ארום זיין האַלז, איהם אריינגע־קוקט טיעף אין די אויגען און געזאָגט:

— אַך, גאָט, ווי אונגליקליך איהר זייט.

דעם מאָל האָט ער עס שוין מעהר נישט געלייקענט און ווי א כאָרכלען האָט זיך פון זיין האַלז ארויסגעריסען:

— יאָ, יאָ, יאָ!

ער האָט דערפיהלט, אַז באַלד צוואוויינט ער זיך, און ער איז אוועק אין א דונקעלען ווינקעל פון׳ם סאַלאָן צו צוויי פאָטעלס, וועלכע א שירעם פון אלטען זייד האָט פארשטעלט. דאָרט

גענוג געווען זי מעהר צו ליעבען ווי מיך, ווען דו קענסט שוין זייט צוועלף יאָהר.

דאָ האָט ער זיך גענומען בעטען ביי איהר מיט אונענדליכער פערצווייפלונג:

— אננאַ, העלף מיר, העלף מיר!

— וואָס זאָל איך טהאָן, מיין פריינד?

— לאָז מיך נישט אליין.

— איך וועל קומען צו דיר אזוי אָפט, ווי דו ווילסט וועלען.

— ניין, איך מוז אזוי פיעל ווי מעגליך דאָ זיין.

— דאן ווילסטו זיין ביי איהר.

— און ביי דיר.

— דו טאָרסט זי פאר דער חתונה מעהר נישט זעהן.

— אך, אננאַ!

— אָדער כמעט ניט מעהר.

— קען איך דאָ בלייבען היינט ביי נאכט?

— ניין, אין דעם צושטאַנד, אין וועלכען דו געפינסט זיך, קענסטו דאָ ניט פערבלייבען. דו מוזט זיך צושטרייען. געה אין קלוב, אין טעאַטער, אירגענד וואו, אָבער דאָ קענסטו ניט בליי־בען.

— איך בעט דיך.

— ניין, אָליווער, דאָס איז אונמעגליך. און דאן האָב איך א פּאר מענשען צום טיש, וועמעס אנוועזענהייט עס וועט דיך נאָך מעהר אויפרעגען.

— די הערצאָגין און ער?

— יאָ.

— אָבער איך בין דאָך געסטערן מיט זיי צוזאמען געווען.

— יאָ, און דערפאר פיהלסטו זיך טאַקע היינט אזוי צובראָ־כען.

— איך פאַרשפּרעך דיר צו זיין גאַנץ רוהיג.

— ניין, דאָס איז אונמעגליך.

— דאן געה איך אוועק.

— וואס איילסטו זיך אזוי?

— איך מוז שעפען לופט.

— גוט! געה שפּאציערען. געה, ביז עס וועט ווערען פינסטער, לויף זיך אָן, ביז דו וועסט זיך פיהלען טויט מיעד און דאן געה צו בעט.

ער איז אויפגעשטאנען.

— אדיע, אננא.

— אדיע, ליעבער פריינד. איך קום צו דיר מאָרגען אין דער פריה. זאל איך ווי פריהער בעגעהן די אונפּאַרזיכטיגקייט און מאכען אן אָנשטעל, אז איך פריהשטיק אום צוועלף דאָ און דאן אויף אן אמת פריהשטיקען מיט דיר?

— אך, דו ביזט אזא גוטינקע.

— ווייל איך ליעב דיך.

— איך ליעב דיך אויך.

— אך, רעד נישט דערפון.

— אדיע, אננא!

— אדיע, ליעבער פריינד. צום ווידערזעהן!

— אדיע!

ער האָט א קוש געטהאָן איהרעביידע הענד איינע נאָך דער אנדערער, דאן די שלייפען און דעם מויל. זיינע אויגען זיינען איצט געווען טרוקען, ער האָט אויסגעזעהן ענטשלאָסען. אין דעם אויגענבליק, ווען ער האָט שוין געהאלטען אין ארויסגעהן, האָט ער זי א כאפּ געטהאָן, ארומגענומען זי מיט ביידע אָרעמס, צוגעדריקט דעם מויל צו איהר שטערן, עפּעס אזוי ווי ער וואָלט געזוכט איהר גאנצע ליעבע אין זיין נשמה אריינצוזויגען.

און שנעל, זיך ניט ארומקוקענדיג צוריק, איז ער אוועק.

ווען זי איז געבליבען אליין, איז זי געפאלען אויף א שטול און גענומען שלוכצען. זי וואָלט אזוי געבליבען זיצען ביז אין אבענד, ווען אננעלע וואָלט פלוצים ניט אריין זי רופען.

אום צו געווינען צייט און זיך אָבצואָווישען די רוימע, פאַר־וויינטע אויגען, האָט די גרעפין געענטפערט:

— איך האָב נאָך אַ פּאָר ציילען צו שרייבען, מיין קינד, געה דו אַרויף, איך וועל באַלד קומען.

ביז צום אבענד האָט זי זיך געמוזט פאַרנעהמען מיט דער וויכטיגער פראגע פון דער אויסשטייער.

די הערצאָגין און איהר פלימעניק זייַנען געווען די איינצי־גע געסט, וואס האָבען געגעסען ביי די גילערא'ס.

ווען זיי האָבען זיך געהאט נאָר וואס צום טיש געזעצט און גענומען רעדען פון דער נעכטיגער אָפּערא, איז אריין אַ דיענער און געבראַכט דריי ריעזיגע בוקעטען בלומען.

די הערצאָגין איז געוואָרען ערשטוינט.

— מיין גאָט, וואס איז דאָס אַזוינס?

אננעלע האָט אויסגערופען:

— דאָס איז אָבער שעהן! ווער האָט עס געקענט שיקען?

די מוטער האָט געענטפערט:

— אודאי אָליווייער בערטין.

זייט ער איז אוועק האָט זי ניט אויפגעהערט וועגען איהם צו טראַכטען. ער האָט איהר אויסגעזעהן אַזוי אונגליקליך, אַזוי טרויעריג. זי האָט געזעהן אַזוי דייטליך זיין גרויסען אונגליק, זי האָט געפיהלט אַזוי מורא'דיג אַלע זיינע שמערצען, זי האָט איהם געליעבט אַזוי שטאַרק, אַזוי צערטליך, אַזוי טיעף, מיט איהר גאַנצען הארצען, מיט איהר גאַנצער נשמה, אַז עטוואס, ווי אַ דונקעלער פאַרגעפיהל האָט איהר גענומען דריקען אויפ'ן האר־צען.

און ווירקליך איז אויף יעדען פון די בוקעטען געווען אַ קאַר־טעל פון דעם מאַהלער; אויף יעדערער פון זיי האָט ער מיט אַ בליישטיפט אָנגעשריעבען דעם נאָמען פון דער גרעפין, דער הער־צאָגין און אננעלע'ס.

די הערצאָגין האָט געפרעגט:

— איז אייער פריינד בערטין קראַנק? איך האָב בעמערקט געסטערן, אז ער זעהט זעהר שלעכט אויס.

און פרוי גיללעראַי האָט געענטפערט:

— יא, איך בין אונרוהיג וועגען איהם, הגם ער בעקלאַגט זיך ניט.

איהר מאַן האָט צוגעלעגט:

— אַך, עס געהט איהם, ווי אונז אַלעמען... ער ווערט אַלט. ער ווערט יעצט זאָגאַר זעהר אַלט. איך דענק, די בחורים ברעכען צואמען מיט איין מאָל, ביי זיי געהט עס שנעלער, ווי ביי די פער־הייראַטעטע מענער. ער האָט זיך אין דער לעצטער צייט ווירקליך זעהר פיעל פאַרענדערט.

די גרעפין האָט א זיפץ געטהאָן:

— יא, אמת.

פאַראַנדאַל האָט פלוצים אויפגעהערט צו שעפּטשען זיך מיט אננעלע'ן און געזאָגט:

— היינט אין דער פריה איז אין דער פיגאַראָ געוועזען אן אר־טיקעל, וועלכער איז זעהר אונאַנגענעהם פאר איהם.

יעדער אָנגריף, יעדע קריטיק, יעדע שלעכטע מיינונג וועגען איהר פריינד'ס טאַלענט, האָט די גרעפין ארויסגעבראַכט פון זיך, און זי האָט געזאָגט:

— אַך, אַזעלכע בעדייטענדע מענשען, ווי בערטין, דאַרפען זיך ניט אומקוקען אויף אַזעלכע שוואַצערייען.

גיללעראַי איז געוועזען ערשטוינט:

— אַזוי? אן אונאַנגענעהמער ארטיקעל געגען בערטין? אויף וועלכער זייט שטעהט ער?

דער מארקיז האָט עס איהם געזאָגט:

— דער לייט ארטיקעל מיט'ן נאָמען: מאָדערנע מאַהלעריי.

דער אָבגעאָרדענטער האָט זיך מעהר ניט געוואונדערט:

— אַזוי גאָר, איך האָב עס טאַקע דערפאַר ניט געלעזען, ווייל דאָרט ווערט גערעדט פון מאַהלעריי.

אַלע האָבען אַ שמייכעל געטהאָן. מען האָט געוואוסט, אַז אויסער פּאָליטיק און לאַנדווירטשאַפט, האָט דער גראַף גיללעראַי פאַר קיין זאַך קיין אינטערעס ניט.

דאַן איז דאָס געשפּרעך איבערגעגאַנגען אויף אַנדערע טהעמאַס, ביז זיי זיינען אין סאַלאָן אריין צו טרינקען קאַפּע. די גרעפין האָט ניט געהערט וואס מען רעדט, האָט קוים געענטפערט איין וואָרט אויף צעהן, און אַלץ געטראַכט וועגען אָליווי׳ער׳ן. וואו איז ער געוועזען, וואו האָט ער געגעסען, ווי אַזוי האָט ער איצט פאַרטויבט זיין אונהיילבאַר קראַנקע האַרץ? זי האָט איצט געפיהלט געוויסענסביסע, פאַר וואס זי האָט איהם געלאָזט אַוועקגעהן, פאַר וואס זי האָט איהם ניט ערלויבט צו בלייבען דאָ אין הויז. זי האָט זיך פאָרגעשטעלט, ווי ער שלעפּט זיך ארום איבער די גאַסען, אַ טרויעריגער, אַ איינזאַמער, אַנטלויפענדיג פון זיך אַליין, פון זיינע יסורים.

ביז די הערצאָגין און איהר פּלימעניק זיינען אַוועק, איז זי געזעסען אַ צוטראָגענע, פון אַלערליי אונבעשטימטע שרעקען פערפאָלגט. דאַן האָט זי זיך געלעגט צו בעט און איז געבליבען ליגען מיט אָפענע אויגען אין דער דונקעלהייט און אַלץ געטראַכט וועגען איהם.

עס איז אַוועק אַ לאַנגע צייט, דאַן האָט זיך איהר אויסגעדאַכט, ווי דער גלאָק פון הויז־טיר וואָלט אַ קלונג געטהאָן.

זי האָט זיך אַ טרייסעל געטהאָן, זיך אויפגעזעצט אין בעט און צוגעהערט זיך. און צום צווייטען מאָל האָט דער גלאָק פון דער הויז־טיר אַ קלונג געטהאָן אין דער נאַכט אריין.

זי איז אויפגעשפּרונגען פון בעט און גענומען מיט אַלע קרעפטען דריקען דעם עלעקטרישען גלעקעל, כדי אויפצואוועקען איהר קאַמער־מיידעל. דאַן האָט זי זיך געלאָזט לויפען, מיט אַ ליכט אין האַנד, צו דער גאַס־טיר, און געפרעגט:

— ווער איז דאָרט?

אַ אונבעקאַנטע שטימע האָט געענטפערט:

— אַ בריעף.

— אַ בריעף! פון וועמען?

— פון אַ דאָקטאָר.

— וואָס פאַר אַ דאָקטאָר?

— איך ווייס ניט. עפּעס אַן אונגליק איז געשעהן.

זי האָט מעהר ניט געצעגערט, געעפענט די טיר און געבליעבען שטעהן פאַר אַן איזוואָשטשיק פון אַ דראָשקע מיט אַ לאַקירטען הוט אויפ׳ן קאָפּ. ער האָט געהאַלטען אין האַנד אַ בריעף, וועלכען ער האָט איהר דערלאַנגט און זי האָט איבערגעלעזען:

— זעהר וויכטיג —— דעם הערר גראַף גיללעראַי.

די האַנדשריפט איז איהר געוועזען פרעמד.

— זייט אַזוי גוט, קומט אַריין. זעצט זיך דאָ און וואַרט אַ ווײַלע.

נעבען איהר מאַן׳ס שלאָפצימער האָט איהר האַרץ אַזוי שטאַרק געקלאַפּט, אַז זי האָט איהם ניט געקענט רופען. זי האָט גענומען קלאַפּען מיט דעם מעטאַלענעם פוס פונ׳ם לייכטער, וואָס זי האָט געהאַלטען, אין דער טיר; דער גראַף האָט געשלאָפען און ניט געהערט.

דאַן איז זי געוואָרען אונגעדולדיג, האָט אַ זעץ געטהאָן מיט׳ן פוס אָן טיר און דערהערט אַ פערשלאָפענע שטימע פרעגענדיג:

— ווער איז דאָרט? וויפיעל איז דען דער זייגער?

זי האָט געענטפערט:

— איך בין דאָס. איך האָב אַ דרינגענדען בריעף, וועלכען אַ קוטשער האָט געבראַכט. עס איז עפּעס אַן אונגליק געשעהן.

ער האָט געברומט פון בעט אַרויס:

— איין מינוט, איך שטעה גלייך אויף, איך קום אַרויס.

און אין אַ מינוט אַרום האָט ער זיך בעוויזען אין אַ שלאָפ־ראָק. צוזאַמען מיט איהם זיינען אָנגעלאָפען צוויי דיענער, וועמען דאָס קלינגען האָט אויפגעוועקט. זיי זיינען געוועזען צו־

שראַקען, ווייל זיי האָבען אין עס־צימער געפונען זיצענדיג אַ פרעמדען מענשען.

דער גראַף האָט גענומען דעם בריעף אין האנד, איהם גע־דרעהט צווישען די פינגער און געמורמעלט:

— וואָס קען דאָס זיין? איך האָב קיין שום אהנונג ניט.

זי האָט געזאָגט, זיך טרייסלענדיג מיט'ן גאַנצען קערפּער:

— אָבער לעז דאָך איבער.

ער האָט אויפגעריסען דעם קאָנווערט, פאַנאַנדערגעריסען דעם בוינעלע פּאַפּיער, ארויסגעלאָזען אַ מורא'דיגען געשריי, און דאן אָנגעקוקט זיין פרוי מיט צוטומעלטע אויגען.

— מיין גאָט, וואָס איז געשעהן? — האָט זי געפרעגט.

ער האָט געשטאַמעלט און קוים געקענט ארויסרעדען אַ וואָרט, אזוי גרויס איז געוועזען זיין אויפרעגונג:

— אַ גרויסער אונגליק... אַ גרויסער אונגליק. בערטין'ן האָט מען איבערגעפאָהרען..

זי האָט אויסגערופען:

— אויף טויט!

— ניין, ניין — האָט ער געזאָגט — לעז אליין.

זי האָט ארויסגעריסען דעם בריעף פון זיינע הענד און גע־לעזען:

„געעהרטער הערר גראַף! אַ גרויסער אונגליק איז געשעהן. אונזער אלגעמיינער פריינד, דער גרויסער קינסטלער, הערר אלי־וויער בערטין, איז איבערגעפאָהרען געוואָרען פון אַ אָמניבוס, די רעדער זיינען איהם איבער'ן לייב אריבער. איך קען נאָך דער־ווייל גאָרנישט זאָגען בעשטימטעס איבער די ווארשיינליכע פאָל־גען פונ'ם אונגליק, וועלכע קענען זיין אי גאַנץ אונוויכטיג, אי גאַנץ ערנסט. הערר בערטין בעט אייך זעהר און באשווערט די גרעפין גיללעראָי, איהם גלייך צו בעזוכען. איך האָף, הערר גראַף, אז איהר און די גרעפין וועלען ערפילען דעם וואונש פון אונזער

געמיינזאַמען פריינד, וועלכער וועט שוין אפשר דעם מאָרגענדיגען טאָג ניט מעהר דערלעבען.
דאָקטאָר דע ריוויל.״

די גרעפין האָט אויסגעגלאָצט אויף איהר מאַן א פּאָר ווייט־אויפגעריסענע, שטאַרע, צושראָקענע אויגען. דאַן איז עפּעס ווי אַן עלעקטרישער שטראָם איבער איהר אריבער און זי האָט גע־קריעגען יענעם פּלוצים׳דיגען מוט פון די פרויען, וועלכער מאַכט זיי מאַנכען מאָל, אין שרעקליכע מאָמענטען, פאַר אמת׳ע העל־דינען.

זי האָט זיך געווענדעט צו איהר קאַמער־מיידעל:
— שנעל זיך אָנטהאָן.
דאָס קאַמערמיידעל האָט געפרעגט:
— וואָס וועט די מאַדאַם אָנטהאָן?
— אַלץ איינס. וואָס איהר ווילט.
און צום דיענער האָט זי זיך אָבגערופען:
— אין פינף מינוטען מוזט איהר זיין פערטיג.
זי איז אַוועק אין איהר צימער און דאָס האַרץ האָט זיך ביי איהר געטרייסעלט פאַר שרעק, און ווען זי האָט פארבייגעהענדיג דעם קוטשער בעמערקט, וועלכער איז נאָך אַלץ געזעסען און גע־וואַרט, האָט זי געפרעגט:
— איהר זייט דאָך דאָ מיט אייער דראָשקע?
— יאָ.
— גוט. מיר פאָהרען מיט אייך.
דאַן איז זי אריינגעלאָפען אין איהר שלאָפצימער.
ווי פערריקט, מיט משוגענער איילעניש האָט זי אויף זיך עפּעס ארויפגעוואָרפען, פארבונדען, פארשפּילעט, פארקנעפּעלט אירגענד וועלכע קליידעל, צוגעלאָפען צום שפּיעגעל און ווי עס איז פארדרעהט די האָר, קוקענדיג דיעזעס מאָל אונבעוואוסט אויף איהר בלייך פּנים, און איהרע צושראָקענע, ווייט־אויפגעריסענע אויגען אינ׳ם שפּיעגעל־גלאָז.

ווען זי האָט אַרויפגעוואָרפען אויף זיך דעם מאַנטעל, איז זי צוגעלאָפען צום צימער פון איהר מאַן, וועלכער איז נאָך ניט גע־ווען, און איהם געגומען איילען:

— שנעל, שנעל, ער קען נאָך שטאַרבען.

דער גראַף האָט איהר געפאָלגט, טיעף בעוועגט. אין דער דונקעלהייט האָבען זיי אַנגעטאַפּט די טרעפּ און זוכענדיג די פּאַ־רענץ זיינען זיי אַרונטער אונטען.

געפאָהרען זיינען זיי ניט לאַנג און ביידע האָבען געשוויגען. די גרעפין האָט אַזוי געציטערט, אַז עס האָט איהר געקלאַפּט אַ צאָהן אָן אַ צאָהן. דורכ'ן פענסטער האָט זי געזעהן, ווי עס רעג־נענט, און ווי די גאַז־לאַנטערנען פליהען פערביי איינס נאָכ'ן אַנדערען. די טראָטואַרען האָבען געגלאַנצט, דער בולוואַר איז געווען פוסט און פערלאָזען, די נאַכט טרויעריג. ווען זיי זיינען אָנגעקומען, האָבען זיי געפונען די הויז־טיר אָפען, און די פירהויז איז געווען ליכטיג, אָבער קיינער איז דאָרט ניט געווען..

אויבען אויף די טרעפּ איז זיי אַנטגעגען געקומען דאָקטאָר דע ריוויל. ער איז געווען אַ קליינער מאַן מיט גרויע האָר, אַ קורצער, אַ רונדער, אַ העפליכער און זעהר נעט געקליידעט. ער האָט זיך טיעף פאַרנויגט פאַר דער גרעפין און דערלאַנגט דעם גראַף די האַנד.

זי האָט געפרעגט אָהן אָן אָטהעם, ווי דאָס אַרויפקריכען אויף די טרעפּ וואָלט איהר דעם אָטהעם פאַרכאַפּט:

— נו, הערר דאָקטאָר?

— נו, פרוי גרעפין, איך האָף, עס וועט ניט זיין אַזוי שלעכט, ווי איך האָב געדענקט די ערשטע מינוט.

זי האָט אויסגערופען:

— ער וועט דאָך ניט שטאַרבען דערפון?

— ניין, וועניגסטענס גלויב איך אַז ניט.

— זייט איהר זיכער אין דעם?

— ניין. איך זאָג נור, איך האָף, אַז ער איז נור צוקוועטשט געוואָרען און אַז אינערליך איז ער אונפערלעצט.

— וואָס רופט איהר פערלעצונג ?

— אויב אינעווייניג ביי איהם האָט זיך עפּעס ניט אָב־געריסען.

— פון וואַנען ווייסט איהר, אַז דאָס האָט ניט פּאַסירט ?

— איך דענק אַזוי.

— און ווען עס וואָלט פּאַסירט ?

— דאַן וואָלט עסווירקליך געוועזן זעהר ערנסט.

— האָט דאָס געקענט פעראורזאַכען זיין טויט ?

— יאָ.

— זעהר שנעל ?

— זעהר שנעל. אין אַ פּאָאַר מינוטען און אפשר אין אַ פּאָאַר מאָמענטען. אָבער זייט רוהיג, פרוי גרעפין, איך האָף, אַז אין פערצעהן טעג ארום וועט ער זיין גאַנץ געזונד.

זי האָט מיט דער גרעסטער אויפמערקזאַמקייט צוגעהערט, אום אַליין קלאָהר צו פאַרשטעהן.

זי האָט געפרעגט נאָך אַמאָל :

—וואָס האָט דען געקענט צוריסען ווערען ?

— די לעבער, צום ביישפּיעל.

— און דאָס איז געפעהרליך ?

— יאָ, אָבער איך דענק ניט, אַז דאָס איז געשעהן. לאָמיר אריינגעהן צו איהם, דאָס וועט איהם זעהר פרעהען, דען ער וואַרט אויף אייך מיט אונגעדולד.

דאָס ערשטע, וואָס זי האָט ביים אַריבערטרעטען דעם שוועל דערזעהן, איז געוועזן אַ טויט־בלייכער קאָפּ אויף די ווייסע קי־שענס. אַ פּאָאַר ברענענדיגע ליכט און דאָס פייער אין קאַמין האָבען איהם בעלויכטען, בעשיינט זיין פּראָפיל און געוואָרפען שאָטענס ארום. אין דעם דאָזיגען פערצערטען פּנים אָהן אַ

טראָפּען בלוט, האָט די גרעפין געזעהן צוויי אויגען, וועלכע האָבען זי אָנגעקוקט.

איהר גאַנצער מוט, איהר קראַפט, איהר טאַקט איז צו־זאַמענגעבראָכען ביים אָנבליק פון דעם דאָזיגען פערענדערטען פּנים, וועלכער האָט אויסגעזעהן ווי פון אַ גוסס'ן. ער, ווען זי האָט נאָך מיט אַ פּאָר שטונדען צוריק געזעהן אַ געזונדען, איז געלעגען ווי אַ גייסט, ווי אַ שאָטען. זי האָט געשעפּטשעט:

— אָה, מיין גאָט! — און איז איהם געגאַנגען אַנטקעגען, ציטערענדיג פאַר שרעק.

ער האָט פּרובירט אַ שמייכעל טהאָן, כדי זי צו בערוהיגען און זיין צוקרימטער פּנים האָט זיך דערביי נאָך מורא'דיגער צו־קרימט. ווען זי איז צוגעקומען גאַנץ נאָהענט צום בעט, האָט זי לאַנגזאַם ארויפגעלעגטביידע הענד אויף אליוויער'ס, וועלכע זיינען געווען אויסגעשטרעקט צו איהר, און געשטאַמעלט:

— אַך, מיין אָרימער פריינד.

— עס איז גאָרנישט — האָט ער געזאָגט שטיל ניט בע־וועגענדיג דעם קאָפּ.

זי האָט איהם איצט בעטראַכט, אַ צושראָקענע איבער דער פאַרענדערונג, וועלכע איז אין איהם פאָרגעקומען. ער איז גע־ווען אזוי בלייך, אזוי ווי ער וואָלט ניט געהאַט קיין טראָפּען בלוט אונטער דער הויט. זיינע איינגעפאַלענע באַקען זיינען עפּעס אזוי ווי אריינגעצויגען געוואָרען אינעווענינג און זיינע טיעף איינגע־זונקענע אויגען האָבען אויך געמאַכט דעם איינדרוק, ווי זיי וואָל־טען פאַר אַ פּאַדים אין די לעכער אריינגעשלעפּט געוואָרען.

ער האָט געזעהן דעם פערצווייפעלטען שרעק פון זיין פריינדין און האָט אויסגעזיפצט:

— איך זעה גוט אויס.

זי האָט געזאָגט, בעת זי האָט איהם נאָך אַלץ שטאַר אָנ־געקוקט:

— ווי איז דאָס געשעהן?

ער האָט זיך געגעבען איבערמענשליכע מיה צו רעדען און זיין פנים האָט נערוועז געצוקט:

— איך האָב ניט אַכטונג געגעבען אויפ'ן וועג... איך האָב געטראַכט וועגען אַנדערע זאַכען... וועגען גאַנץ אַנדערע זאַכען....

— יאָ, יאָ.

— אַ אָמניבוס האָט מיך אומגעוואָרפען און איז מיר איבער'ן לייב אַריבער.

זי האָט איהם אויסגעהערט, געזעהן דעם אונגליק פאַר די אויגען און געזאָגט מיט ענטזעצען:

— האָט איהר געבלוטיגט?

— ניין. איך בין נור אַביסעל צוקוועטשט געוואָרען.

זי האָט געפרעגט:

— וואו האָט עס פּאַסירט?

ער האָט געענטפערט שטיל:

— איך וויים ניט אויף זיכער. ערגעץ ווייט אוועק.

דער דאָקטאָר האָט צוגערוקט אַ פאָטעל, אין וועלכען די גרעפין האָט זיך אַרונטערגעלאָזען. דער גראַף האָט זיך געשטעלט צופוסען פון בעט און געזאָגט:

—אה, מיין אָרימער פריינד, מיין אָרימער פריינד, וואָס פאַר אַ שרעקליכער אונגליק!

און ער האָט אויף אַן אמת געפיהלט אַ טיעפען קומער, דען ער האָט אָליוויער'ן זעהר ליעב געהאַט.

די גרעפין האָט ווייטער געפרעגט:

— וואו איז עס געשעהן?

דער דאָקטאָר האָט געענטפערט:

— איך וויים אַליין אויך ניט זיכער, אָדער בעסער געזאָגט, איך פאַרשטעה די גאַנצע געשיכטע ניט. מען האָט איהם גע־פונען ווייט אוועק נעבען דער גאָבעלין פאַבריק, כמעט אויסערהאַלב פּאַריז; אַזוי ווענינסטענס בעהויפּטעט דער דאָקטאָר, וועלכער האָט איהם אַהער געבראַכט; ער זאָגט, אַז מען האָט איהם גע־

רופען אין אַן אַפּטהייק פון יענעם קוואַרטאַל און פון דאָרט האָט ער איהם, אַזייגער ניין אין אַבענד, געבראַכט צופיהרען אַהער.

דאַן האָט ער זיך צוגעבויגען צו אָליוויער'ן:

— איז עס אמת אַז דער אונגליק האָט אייך געטראָפען ביי דער גאָבעלין פאַבריק?

בערטין האָט צוגעמאַכט די אויגען, ווי ער וואָלט זיך געוואָלט דערמאָנען, דאַן האָט ער אויסגעשעפּטשעט:

— איך ווייס ניט.

— אָבער וואו זייט איהר דען געגאַנגען?

— איך קען זיך ניט מעהר דערמאָנען, איך בין געגאַנגען גלאַט אין דער וועלט אַריין.

די גרעפין האָט זיך מעהר נישט געקענט איינהאַלטען, אַ פערשטיקטער קרעכץ האָט זיך פון איהר ברוסט אַרויסגעריסען, אין האַלז האָט איהר געוואָרגען אַזוי, אַז זי האָט ניט געקענט דעם אָטהעם אָבכאַפּען, זי האָט צוגעטראָגען איהר טאַשענטיכעל צו די אויגען און זיך שרעקליך צואוויינט.

זי האָט אַלעס געוואוסט, אַלעס פאַרשטאַנען. עטוואַס מורא'־דיגעס, עטוואָס שרעקליכעס האָט איהר אין האַרצען אַ זעץ גע־טהאָן: געוויסענסביסע האָבען זי גענומען טאָטשען, פאַרוואָס זי האָט אָליוויער'ן ניט געלאָזען בלייבען ביי זיך, פאַרוואָס זי האָט איהם אַרויסגעיאָגט אין גאַס אַרויס, וואו ער האָט זיך אַרומגע־בלאָנקעט אַ פערצווייפעלטער, אַליין מיט זיינע ליידען און יסורים ביז ער איז אונטער'ן וואָגען אַרונטער.

ער האָט געזאָגט מיט אַ שוואַכער שטימע:

— וויינט נישט, דאָס טהוט מיר וועה.

מיט אַ געוואַלדיגער קראַפט האָט זי זיך געצוואונגען אויפ־צוהערען שלוכצען און האָט צוגענומען דאָס טאַשענטיכעל פון די אויגען. איהר פּנים איז עפּעס ווי פערשטיינערט געוואָרען און זי האָט אויסגעשטעלט אויף איהם אַ פּאָר גרויסע, צושראָקענע אויגען, פון וועלכע עס האָבען לאַנגזאַם טרעהרען געקאַפּעט.

אונבעוועגליך, האַלטענדיג איינער דעם אַנדערען פאַר די הענד איבער דער דעקע, האָבען זיי זיך אָנגעקוקט. זיי האָבען שוין איצט מעהר ניט גערעדט, אַז נאָך אַנדערע מענשען זיינען אין צימער געווען, און זייערע בליקען זיינען דורכגעדרונגען טיעף, טיעף פון איין האַרץ אין דער צווייטער.

שנעל, שטום און שרעקליך האָבען אויפגעטויכט צווישען זיי אַלע עראינערונגען, אַלעס וואָס זיי האָבען צוזאַמען געפיהלט, אַלעס, וואָס האָט זיי פאַרקנופּט, וואָס האָט זיי אין זייער לעבען פערבונדען, די ליידענשאַפט, וואָס האָט זיי געצויגען איינער צום אַנדערען.

זיי האָבען זיך אָנגעקוקט און דאָס בעדירפעניש אויסצו־רעדען זיך, פון טויזענד אינטימע, טרויעריגע זאַכען צו רעדען, צו זאָגען זיך דאָס וואָס זיי האָבען זיך נאָך געהאַט צו זאָגען, האָט זיי גענומען דריקען. זי האָט געפיהלט, אַז זי מוז אונבעדינגט פטור ווערען פון ביידע מענער, וועלכע זיינען געשטאַנען הינטער איהר, אַז זי מוז געפינען עפּעס א מיטעל, א כיטראַסט, וואָס עס איז, אום זיי פון דאַנען אַוועקצושיקען. און זי האָט געטראַכט, איהר בליק נאָך אַלץ אויף אָליוויער'ן געריכטעט, ווי אַזוי זי זאָל דאָס אויספיהרען.

איהר מאַן און דער דאָקטאָר האָבען שטיל גערעדט, ווי אַזוי מען דאַרף פּפלעגען דעם קראַנקען. דאָ האָט זי זיך א קעהר גע־טהאָן צום דאָקטאָר און געפרעגט:

— האָט איהר דאָ א קראַנקען־וועכטערין?

— ניין. איך וואָלט בעסער וועלען שיקען א דאָקטאָר, וועל־כער זאָל פאַרשטעהן דעם פּאַציענט'ס לאַגע און זאָל קענען אויף איהם גוט אכטונג געבען.

— שיקט ביידע, צופיעל קען ניט שאַדען. האָפענטליך קענט איהר זיי נאָך היינט ביינאַכט בעזאָרגען, דען איהר וועט דאָך ניט בלייבען ביז אין דער פריה.

— ניין, איך מוז געהן אהיים. איך בין דאָ שוין זייט פיער שטונדען.

— אָבער ווען איהר געהט אהיים, דאַן שיקט אונז א וועכ־טערין און דעם דאָקטאָר.

— דאָס וועט זיין א גאַנץ שווערע זאַך אין מיטען נאַכט, איך וועל פּרובירען.

— איהר מוזט עס בעזאָרגען.

— זיי וועלען מיר פיליכט צוזאָגען, אָבער צו זיי וועלען קומען, אין דעם בין איך ניט זיכער.

— מיין מאַן פאָהרט מיט אייך און צי זיי ווילען צי ניט, ער וועט זיי שוין ברענגען אהער.

— איהר קענט אָבער דאָ ניט פערבלייבען אליין, פרוי גרעפין.

— איך! — האָט זי געזאָגט אין א בעליידיגטען טאָן, וואָס מען שטעלט זיך אנטקעגען איהר ווילען. דאַן האָט זי ערקלעהרט מיט א בעשטימטקייט, וועלכער קיינער האָט ניט געוואגט צו ווידערשפּרעכען, אז די געפעהרליכע לאַגע פון זייער קראַנקען פריינד פאָדערט עס, אז אין א שטונדע זאָל זיין א דאָקטאָר, אום אויף יעדען פאַל פאַרבערייטעט צו זיין. אום זיי צו קריגען האָט מען זיי וואהרשיינליך געמוזט ארויסשלעפּען פון די בעטען און אהער־ברענגען. דאָס האָט געקענט טהאָן נור איהר מאַן. און ביז וואַנען ער וועט צוריקקומען וועט זי אליין בלייבען ביים קראַנקען, דאָס איז איהר פליכט און איהר רעכט אלס א פרוי, און אלס א פריינדין. איבריגענס וויל זי אזוי און קיינער וועט איהר דערפון ניט אָבהאלטען.

זי האָט גערעדט צו דער זאַך. זיי האָבען געמוזט נאָכגעבען און האָבען בעשלאָסען איהר צו פאָלגען.

זי איז אויפגעשטאַנען, בעשעפטיגט דערמיט זיי אזוי שנעל ווי מעגליך ארויסצופּראַווען. זי האָט נור געוואָלט, זיי זאָלען אוועק און זי זאָל בלייבען אליין.

און איצט האָט זי זיך זעהר אויפמערקזאַם צוגעהערט צו אַלעס, וואָס דער דאָקטאָר האָט געהייסען טהאָן מיט'ן קראַנקען ווערענד זיין אבוועזענהייט; זי האָט זיך אָנגעשטרענגט אַלעס צו געדענקען, אַלעס צו פערשטעהן, קיין זאַך ניט צו פערגעסען. דער דיענער פונ'ם מאַהלער, וועלכער איז געשטאַנען נעבען איהר, האָט אויך צוגעהערט און הינטער איהם די קעכין, זיין פרוי, וועלכע האָט ביי דער ערשטער פערבאַנדאַזשירונג מיטגעהאָלפען האָט מיט אַ שאָקעל מיט'ן קאָפּ אָנגעוויזען, אַז זי האָט אויך אַלעס פערשטאַנען. נאָכדעם ווי די גרעפין האָט דערנאָך, ווי אַ שול־מיידעל, אַלע אינסטרוקציאָנען איבערגעזאָגט, האָט זי געבעטען ביידע מענער, אַזוי שנעל ווי מעגליך, אָוועקצוגעהן, און צו איהר מאַן האָט זי זיך אָנגערופען:

— קום נור באַלד צוריק. מאַך דאָס שנעל.

— איך נעהם אייך מיט אין מיין קאַרעטע — האָט דער דאָקטאָר געזאָגט צום גראַף — זי וועט אייך שנעלער צוריק־ברייגגען, אין אַ שטונדע ארום זייט איהר דאָ צוריק.

— פאַר'ן אוועקגעהן, האָט דער דאָקטאָר נאָכאַמאָל לאַנג אונטערזוכט דעם פערוואונדעטען, אום זיך צו פערזיכערען, אַז זיין צושטאַנד איז ניט געפעהרליך.

גראַף גיללעראָי האָט נאָך געצעגערט און געזאָגט:

— טהוען מיר ניט קיין נאַרישקייט?

— ניין, עס איז קיין געפאַהר. ער דאַרף נור רוהע. די גרעפין גיללעראי וועט טהאָן אַ גוטע זאַך, ווען זי וועט איהם ניט לאָזען רעדען און אליין אויך רעדען צו איהם אזוי ווענינ ווי נור מעגליך.

די גרעפין איז געבליבען זיצען ווי פון אַ דונער געטראָפען און זי האָט געזאָגט:

— איך טאָר מיט איהם ניט רעדען?

— ניין, פרוי גרעפין. נעהמט אַ שטול און זעצט זיך אוועק פון וויטען, ער וועט פיהלען, אַז ער איז ניט אַליין און דאָס

וועט איהם זיין אנגענעהם. אָבער פערמאַטערט איהם ניט מיט ווערטער אָדער מיט געדאַנקען. ארום ניין אין דער פריה קום איך ווידער. אַדיע, פרוי גרעפין.

ער האָט זיך טיעף פאַרנייגט און איז אוועק מיט דעם גראַף, וועלכער האָט נאָך געזאָגט:

— זיי גאַנץ רוהיג, מיין קינד, אין א שטונדע ארום בין איך דאָ צוריק און דאַן קענסטו פאָהרען אהיים.

אזוי שנעל ווי זיי זיינען אוועק, האָט זי דערהערט א קלאַפּ פון דער הויז־טיר, וועלכע האָט זיך צוגעמאַכט און א גערויש פון דער קאַרעטע, וועלכע האָט זיך פון איהר אָרט געריהרט.

דער דיענער און די קעכין זיינען געבליבען אין צימער און געוואַרט אויף בעפעהלען. די גרעפין האָט זיי אַוועקגעשיקט:

— איהר קענט געהן. איך וועל אָנקלינגען, ווען איך וועל עפּעס דאַרפען.

זיי זיינען אוועק און איצט איז זי געבליבען אַליין מיט איהם. זי איז ווידער צוגעגאַנגען נאָהענט צום בעט, ארויפגעלייגטביידע הענד אויף׳ן קישען פון ביידע זייטען פונ׳ם געליעבטען קאָפּ, און זיך אראָבגעבויגען, איהם אָנצוקוקען. דאַן האָט זי געפרעגט, אזוי נאָהענט צו זיין פּנים, אז ער האָט געפיהלט איהר אָטהעם אויף זיין הויט:

— האָסט זיך מיט אַן אבזיכט אונטער׳ן וואָגען ארונטער־געוואָרפען ?

ער האָט געענטפערט און פּרובירט שמייכלען:

— ניין, דער וואָגען האָט מיך איבערגעפאָהרען.

— דאָס איז ניט אמת, דו האָסט עס אַליין געוואָלט.

— ניין, איך פאַרזיכער דיר, דער וואָגען האָט מיך איבערגע־פאָהרען.

זי האָט געשוויגען א מאָמענט, איינעם פון יענע מאָמענטען, ווען די נשמות שטייגען פון די אויגען ארויס; דאַן האָט זי אויסגעמורמעלט:

— אה, מיין ליעבער, ליעבער אליוויער, און איך האב דיך געלאזט אוועקגעהן, און איך האב דיך ניט איינגעהאלטען ביי זיך.

ער האט געענטפערט איבערצייגט:

— עס וואלט סיי ווי מיט מיר פאסירט, נישט היינט איז מארגען.

זיי האבען זיך נאך אמאל אנגעקוקט און געזוכט איינער דעם אנדערענס געהיימסטע געדאנקען צו טרעפען.

דאן האט ער ווידער געזאגט:

— איך גלויב ניט, אז איך וועל דערפון ארויסקומען... איך לייד צו שטארק.

זי האט געשטאמעלט:

— טהוט דיר זעהר וועה?

—יא, זעהר.

זי האט זיך צוגעבויגען צו איהם, בעריהרט מיט איהרע ליפען זיין שטערען, דאן זיינע אויגען, זיינע באקען, געקושט איהם מיט לאנגזאמע, לייכטע, צערטליכע קושען. איהרע ליפען האבען איהם קוים בעריהרט און געלאסטשעט איהם שטיל און צערטליך, ווי קינדער ווען זיי קושען. דאס האט געדויערט א לאנגע, לאנגע צייט. ער האט געלאזען גיסען אויף זיך דעם שטראם פון זיסע לאסקעס, וועלכער האט געשיינט איהם צו בערוהיגען, דען זיין פארצערטער פנים האט ווייניגער געצוקט ווי פריהער.

דאן האט ער זיך אבגערופען:

— אננא!

זי האט איהם אויפגעהערט צו קושען אום זיך צוצוהערען:

— וואס איז?

— דו מוזט מיר עטוואס צוזאגען.

— איך זאג דיר צו אלעס וואס דו ווילסט.

— אויב איך וועל ניט שטארבען איידער עס ווערט טאג, דאן שווער מיר, אז דו וועסט מיר אויף א מאמענט ברייננגען אהער אננעל'ן, נור איין מאל. איך וואלט ניט וועלען שטארבען, איידער

איך האָב זי ניט געזעהן נאָך איין מאָל, דען מאָרגען אין דער צייט, קען זיין, אז איך וועל שוין מיינע אויגען האָבען אויף אויביג געשלאָסען, און איך וועל אייך מעהר קיין מאָל ניט ווידער־זעהן, ניט דיך, און ניט זי.

זי האָט איהם אונטערבראָכען מיט א צוריסענעם הארצען:

— שווייג דאָך, שווייג. יאָ, איך פארשפרעך דיר, איך וועל זי אהער ברענגען.

— שווערסטו עס מיר?

— איך שווער עס, מיין פריינד. אָבער שווייג איצט, רעד ניט מעהר. עס טהוט מיר אזוי וועה. שווייג, איך בעט דיך.

זיין פנים האָט קאָנוואולסיוו גענומען צוקען; דאן ווען עס איז אריבער האָט ער געזאָגט:

—מיר האָבען נור נאָך א פאָר מינוטען צו בלייבען אליין, לאָמיר זיי ניט פערלירען. מיר מוזען די צייט אויסנוצען, אום זיך צו זאָגען לעב וואָהל. איך האָב דיך אזוי שטארק געליעבט.

זי האָט געזיפצט:

— און איך... איך ליעב דיך נאָך אימער.

ער האָט ווידער געזאָגט:

— נור מיט דיר בין איך גליקליך געווען. אָבער די לעצטע צייט איז געוועזן שווער... עס איז ניט דיין שולד. אך, מיין אָרימע אננא, ווי טרויעריג איז אָפט דאָס לעבען, און ווי שווער עס איז צו שטארבען.

— שווייג, אָליוויער, איך בעט דיך!

ער האָט פאָרטגעזעצט ניט הערענדיג איהר:

— איך וואָלט געוועזן אזוי גליקליך, ווען ניט דיין טאָכטער....

— שווייג, אָליוויער, איך בעט דיך!

ער האָט געשיינט מעהר צו טרוימען פאר זיך, ווי מיט איהר צו רעדען, דען ער האָט געזאָגט:

— אך, דער, וואָס האָט דאָס לעבען אויסגעטראַכט און די

מענשען געמאַכט האָט געמוזט זיין זעהר בלינד, אָדער זעהר שלעכט.

— אָליוויער, איך בעט דיך, אויב דו האָסט מיך אמאָל ליעב געהאַט, שווייג, רעד ניט אזוי.

ער האָט זי אָנגעקוקט, ווי זי איז געזעסען אָריבערגעבויגט איבער איהם, אליין אויך אזא בלייכע, אז אויך זי האָט אויסגע־זעהן, ווי אַ שטערבענדע, און ער איז אנשוויגען געוואָרען.

זי האָט זיך איצט געזעצט אויפ'ן פאָטעל הארט ביי זיין בעט און גענומען זיין האַנד, וואָס איז געלעגען אויף דער דעקע:

— איצט דאַרפסטו מעהר ניט רעדען — האָט זי געזאָגט — דו דאַרפסט זיך ניט בעוועגען. דענק וועגען מיר, ווי איך דענק וועגען דיר.

און ווידער האָבען זיי זיך אָנגעקוקט אונבעוועגליך, דורך דער בעריהרונג פון זייערע הייסע הענד פאַרקניפּט. פון צייט־צו־צייט האָט זי אַ דריק געטהאָן די פיבערענדע האַנד, וואָס זי האָט געהאַלטען אין איהרער, און ער האָט געענטפערט דערמיט, וואָס ער האָט עטוואָס די פינגער געשלאָסען. יעדער דרוק פון דער האַנד האָט זיי עטוואָס געזאָגט, האָט ווידער ארויסגערופען אַ שטיק פון דער פערגאַנגענהייט, האָט ערוועקט אין זייערע ער־אינערונגען דאָס אנדענקען פון זייער אמאָליגער צערטליכקייט. יעדער דרוק איז געווען אַ געהיימע פראַגע, אַ וואונדערבאַרער ענטפער, אַ טרויעריגע פראַגע, אַ טרויעריגער ענטפער, אין יעדען דרוק איז געלעגען אַן ערינערונג פון אמאָליגער ליעבע.

אין זייערע געדאַנקען האָבען זיי איצט ביי זייער לעצטען צוזאַמענזיין, איבערגעלעבט אַלע זייערע פריהערדיגע יאָהרען. די גאַנצע געשיכטע פון זייער ליעבע איז ווידער פאַר זייערע אויגען געשטאַנען און אין צימער איז געווען שטיל, עס האָט זיך גאָרנישט געהערט, אויסער דאָס קנאַקען פונ'ם פייער אין קאַמין.

פּלוצים האָט ער זיך אַ כאַפּ געטהאָן, ווי פון אַ טרוים ער־וואַכט, און געזאָגט מיט אַ שרעק אין קול:

— דיינע בריעף!...

זי האָט געפרעגט:

— וואָס? מיינע בריעף...

— איך האָב געקענט שטאַרבען און זיי זיינען נאָך ניט פאַרברענט.

זי האָט אויסגערופען:

— עך, וואָס מאַכט עס אויס, מיר איז אַלץ איינס. זאָל מען זיי געפינען, זיי לעזען, מיר איז אַלץ איינס.

ער האָט געענטפערט:

— אָבער איך וויל דאָס ניט. שטעה אויף, אננא, עפען דעם אונטערשטען שופלאָד פון מיין שרייבטיש, דעם גרויסען. דאָרט ליגען זיי אַלע, אַלע... נעהם זיי און וואַרף זיי אין פייער אריין.

זי האָט זיך ניט געריהרט פון אָרט, ווי ער וואָלט איהר גע־הייסען טהאָן עפּעס א מיאוס׳ע זאַך, און איז געבליבען זיצען, פאַרזונקען אין איהר שמערץ.

ער האָט נאָך אַמאָל געזאָגט:

— אננא, איך בעט דיך! ווען דו טהוסט עס נישט, וועט עס מיך ניט אויפהערען צו פּלאַגען, מאַכען נערוועז, משוגע. טהו נור א טראַכט, זיי קענען אריינפאַלען אין די הענד פון ווילד־פּרעמדע מענשען, פון אַן אַדוואָקאַט אָדער דיענער, אָדער זאָגאַר צו דיין מאַן אין די הענד. דאָס וויל איך ניט.

זי האָט זיך אויפגעהויבען, נאָך אַלץ געצעגערט און גע־זאָגט:

— ניין, דאָס איז צו האַרט, צו גרויזאַם. איך פיהל, ווי איך וואָלט אונזערע ביידענס הערצער פאַרברענט.

אָבער זעהענדיג, ווי ער ליידעט, האָט זי זיך אָנגענומען מיט מוט און איז צוגעגאַנגען צום שרייבטיש. זי האָט געעפענט דעם שופלאָד און דערזעהן איהם א פולען ביז צום סאַמען ראַנד מיט דיקע הויפענס בריעף, איינער אויפ׳ן אַנדערען, און אויף אַלע קאָנווערטען האָט זי געזעהן דיביידע שורות פונ׳ם אדרעס, וועל־

כען זי האָט אַזוי אָפּט געשריעבען. זי האָט גוט געקענט די דאָזיגעביידע שורות, דעם נאָמען פון דעם מאַן, דעם נאָמען פון דער גאַס, ווי זי האָט איהר אייגענעם נאָמען געקענט. אין די דאָזיגע קורצע צוויי שורות איז געלעגען איהר גאַנצע האָפנונג, איהר גאַנצער גליק אין לעבען.

זי האָט זיי אָנגעקוקט, די דאָזיגע פיערעקיגע, קליינע בוי־נעלאַך פּאַפּיער, וועלכע האָבען אין זיך ענטהאַלטען אַלעס, וואָס זי האָט געקענט אויסדריקען פון איהר ליעבע, אַלעס וואָס זי האָט געקענט פון זיך אָברייסען, אום איהם צו געבען מיט א טראָפּען טינט אויף א שטיקעלע ווייס פּאַפּיער.

ער האָט פּרובירט דעם קאָפּ פון קישען אויפצוהויבען, אום זי אָנצוקוקען, און געזאָגט נאָך אַמאָל:

— פאַרברען זיי שנעל.

דאַן האָט זי גענומען צוויי פולע הויפענס, געהאַלטען זיי אַן אויגענבליק צווישען די פינגער. עס איז איהר אָנגעקומען שווער, מורא'דיג שווער. לעבען און טויט איז געלעגען אין איהרע הענד אין דעם דאָזיגען אויגענבליק. אַזוי פיעל פּיינעס, צאַרטעס וואָס זי האָט געפיהלט און געטרוימט, די נשמה פון איהר נשמה, דאָס הארץ פון איהר הארצען, איהר גאַנצע ליעבע האָט זי דאָ אין איהרע הענד געהאַלטען. און זי האָט ווידער געטראַכט וועגען דעם, מיט וואָס פאַר א פלאַמענדער ליידענשאַפט זי האָט מאַנכע פון דיעזע בלעטלאַך געשריבען, מיט וואָס פאַר א דורשט צו לעבען, א מענשען צו פאַרגעטערען און עס איהם צו זאָגען.

— אָליוויער האָט ווידערהאָלט:

— פאַרברענען ! פאַרברענען ! פאַרברענען, אננא !

מיט א בעוועגונג פון ביידע הענד האָט זי א וואָרף געטהאָן אין ברענענדיגען קאמין ביידע הויפענס בריעף, וועלכע האָבען זיך צושפּרייט איבער'ן גאַנצען פייער.

דאַן האָט זי געבראַכט נאָך פון שרייבטיש, נאָך און נאָך, הויפענס גאַנצע און מיט א שנעלער בעוועגונג זיי אין פייער גע־

וואָרפֿען; זי האָט זיך בעוועגט שנעל און פיבעריש, כדי די מורא׳דיגע ארבייט וואָס שנעלער אָבצוטהאָן.

ווען דער פייער־פלאַץ פון קאמין איז געוואָרען פול און דער שופליאַד ליידיג, איז זי ווארטענדיג שטעהן געבליבען, בעטראַכט דעם כמעט פערשטיקטען פלאַם, ווי ער האָט פון אונטער׳ן בארג בריעף זיך געריסען ארויף; פון די זייטען האָט ער זיך ארויס־געכאַפּט, גענומען לעקען דאָס פאַפּיער און זיך שלענגלען ארויף אַלץ העכער און העכער... דאָ איז ער פארלאָשען געוואָרען און דאָ איז ער ווידער ארויסגעקומען, איז געוואַקסען און געוואַקסען און באַלד האָט זיך ארום דעם בארג בריעף אַ פייערדיגער גארטעל פארשפרייט, וועלכער האָט דעם גאַנצען צימער בעלויכטען. און דאָס דאָזיגע ליכט, וואָס האָט באַשטראַהלט די פרוי, דאָ בייס קאמין און דעם מאַן, דאָרט אין בעט, איז געווען זייער ליעבע, וועלכע איז איצט פארברענט געוואָרען, זייער ליעבע, וועלכע איז צו אַש געוואָרען.

די גרעפין האָט זיך אַ קעהר געטהאָן, און אין דעם העלען שיין פונ׳ם פייער האָט זי דערזעהן איהר געליעבטען אַ טויט־בלייכען אריבערגעבויגען איבער׳ן ראַנד פון בעט.

ער האָט געפרעגט:

— זיינען אַלע פערניכטעט?

— אַלע.

אָבער איידער זי האָט זיך צוריקגעקעהרט צו איהם, האָט זי נאָך אַמאָל געוואָרפען אַ לעצטען בליק אויף איהר צושטערונגס־ארבייט, און איבער דעם הויפען פאַפּיער, וועלכער איז שוין געווען האַלב פארברענט, וועלכער האָט זיך געקרימט און איז שוואַרץ געוואָרען, האָט זי דערזעהן פליסענדיג עטוואָס רויטעס, ווי טראָ־פענס בלוט... זיי האָבען געשיינט צו קומען פון די הערצער פון די דאָזיגע בריעף, זיי האָבען געפלאָסען פון יעדען בריעף ווי פון אַ וואונד, און זיך לאַנגזאַם געקייקעלט צום פלאַם, לאָזענדיג הינטער זיך אַ פורפור־רויטען פאַס.

די גרעפין האָט דערפיהלט, ווי עס האָט איהר א זעץ געטהאָן אין הארצען, אין קאָפּ האָט איהר גענומען ברענען פון איבער־נאַטירליכען שרעק און זי האָט א שפּרונג געטהאָן צוריק, ווי זי וואָלט געזעהן, ווי אימיצער ווערט ערמאָרדעט... און דאַן איז איהר פּלוצים קלאָהר געוואָרען, אַז זי האָט איינפאַך געזעהן, ווי עס שמעלצט דער טריוואקס, מיט וועלכען די קאַנווערטען זיינען פער־זיגעלט געוועזן.

שנעל איז זי אוועק צוריק צום פערוואונדעטען, האָט לאַנג־זאַם אויפגעהויבען זיין קאָפּ און איהם פאָרזיכטיג אוועקגעלייגט צוריק אויף די קישענס. אָבער ער האָט זיך בעוועגט און די שמער־צען זיינען שטאַרקער געוואָרען. ער האָט געקראַכעלט, זיין פּנים איז איצט געוועזן פאַרקרימט פון מורא'דיגע יסורים, און ער האָט געשיינט ניט צו וויסען, אַז זי איז דאָ.

זי האָט געוואַרט ער זאָל זיך בערוהיגען, זאָל די געשלאָסענע אויגען עפענען און איהר נאָך א וואָרט זאָגען.

צום סוף האָט זי געזאָגט:

— טהוט עס זעהר וועה?

ער האָט ניט געענטפערט.

זי האָט זיך אַריבערגעבויגען איבער איהם און אַרויפגעלייגט א פינגער אויף זיין שטערן, כדי איהם צו צווינגען, ער זאָל איהר אַנקוקען.

ער האָט ווירקליך געעפענט די אויגען, גרויסע, צושראָקענע, ווילדע.

זי האָט געפרעגט נאָך אמאָל פול שרעק:

— דו ליידעסט, אָליוויער? ענטפער דאָך. זאָל איך רופען מענשען? זאָג עפּעס, רייד צו מיר.

עס האָט זיך איהר געדאַכט, ווי ער שטאַמעלט:

— ברייננט זי אהער... דו האָסט עס פערשפּראָכען...

דאַן האָט ער זיך א ריהר געטהאָן אונטער דער דעקע, זיין לייב האָט גענומען צוקען, דאָס פּנים האָט זיך פאַרקרימט.

צו קומט ניט צוריק איהר מאַן, זי צו בעפרייען, אַרויסרייסען זי פון דיעזען מורא'דיגען, דיעזען שרעקליכען ראַנדעוואו.

ווען זי האָט פּרובירט לויז צומאַכען איהר האַנד פון אָלי־וויער'ס, האָט ער זי אַ דריק געטהאָן און אַרויסגעלאָזען אַ לאַנגען קרעכץ. דאַן האָט זי זיך אָנגעטהאָן אַ כּח און איז געבליעבען, כּדי איהם ניט אויפצורעגען.

דער פייער אין קאַמין איז פערלאָשען געוואָרען אונטער די שוואַרצע אַש פון די בריעף, צוויי ליכט זיינען אויסגעגאַנגען, עפּעס אַ שטיק מעבעל האָט געקראַכט.

אַלעס אין הויז איז געווען שטיל, אַלעס האָט אויסגעזעהן ווי טויט. נור דער גרויסער זייגער אויף די טרעפּ וועלכער האָט רעגעלמעסיג די שטונדען אָנגעצייגט, די האַלבע און די פערטעל, האָט מיט זיינע פערשיעדענע טענער אָנגעזאָגט אין דער נאַכט אַריין דעם גאַנג פון דער צייט.

די גרעפין האָט געפיהלט, ווי אַן אימה'דיג מורא וואַקסט אויס אין איהר נשמה. פורכטבאַרע פאָרשטעלונגען קוועלען זי, מורא'־דיגע געדאַנקען צוטומלען איהר מוח. עס האָט זיך איהר געדאַכט, אַז אָליוויער'ס פינגער ווערען קאַלט אין איהרע. אָדער אפשר איז דאָס טאַקע געווען אין דער אמת'ן? ניין, עס קען ניט זיין! און דאָך, פון וואַנען האָט זיך צו איהר גענומען דער געפיהל פון אַ אונערקלעהרליכער אייזיגער בעריהרונג? זי האָט זיך אויפגעהויבען פול שרעק, כּדי זיין פּנים צו זעהן — ער איז געלעגען אויסגעצויגען, אונבעוועגליך, לעבלאָז, פון אַלע יסורים בע־פרייט. ער האָט געפונען פריעדען און אויביגעס פערגעסען.

ענדע.

זי האָט ווידער געפרעגט:

— אָליווייער, מיין גאָט, אָליווייער! זאָל איך אימיצען רו־פען?

דאָס מאָל האָט ער פערשטאַנען, דען ער האָט געענטפערט:

— ניין... עס איז גאָרנישט...

און ער האָט אין דער אמת'ן געשיינט צו ווערען רוהיגער, ווענינער צו ליידען און פלוצים איז ער גאָר עפּעס ווי האלב אנ־דרימעלט געוואָרען. זי האָט געהאָפט, אז ער וועט איינשלאָפען, און האָט זיך געזעצט נעבען בעט, ווידער גענומען זיין האנד און געוואַרט. ער האָט זיך ניט בעוועגט, איז געלעגען מיט'ן קאָפּ אויף דער ברוסט אראָבגעהאנגען, דעם מויל האלב אָפען, צוליעב דעם קורצען אָטהעם, וועלכער האָט איהם ביי יעדען אָטהעם־צוג אין האלז געשטיקט. נור די פינגער זיינע האָבען זיך פון צייט־צו־צייט אונבעוואוסט בעוועגט מיט קאָנוואולסיווע צוקונגען, וועלכע האָבען דורכגענומען דער גרעפין דורך און דורך ביז צו די וואָרצלען פון איהרע האָר. א קעלט איז איהר איבער'ן גאַנ־צען לייב אריבער און זי האָט געפיהלט ווי צו נעהמען שרייען. דאָס איז ניט געווען מעהר דער קליינער פינגער־דרוק, וועלכער דערצעהלט אנשטאָדט די מיעדע ליפּען דעם גאנצען טרויער פונ'ם געפלאגטען הארצען, דאָס זיינען געווען אונשטילבארע קרעמפּ־פען, וועלכע האָבען נור פון ליידען פונ'ם קראנקען קערפּער דער־צעהלט.

א אנגסט איז אויף איהר אָנגעפאלען, א מורא'דיגע אנגסט. עס האָט זיך איהר געוואָלט אנטלויפען, אָנקלינגען, אימיצען רו־פען, אָבער זי האָט ניט געוואגט זיך א ריהר צו טהאָן, כדי זיין רוהע ניט צו שטערען.

דורך די ווענט האָט זיך געהערט א וּוייטער גערויש פון גאַס, א הוזשען פון פאַרבייפאָהרענדיגע וואָגענס, און זי האָט זיך צו־געהערט, צו שטעלט זיך ניט אָב איינער פון זיי פאַר דער טיר,

